# גזארג בראנדעס
און
# פעטער קראפאטקין

וואַלאַדימיר גראָסמאַן

# גנעארנ בראנדעס
## און
# פעטער קראפאטקין

פאריז
1961

VLADIMIR GROSSMAN

# GEORG BRANDES
ET
# PETER KROPOTKINE

PARIS

דאָס בוך איז געווידמעט פריינט,
וואָס האָבן געהאָלפן עס אַרויסגעבן.

# געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין

## 1.

די אינטימע קאָרעספּאָנדענץ צווישן די צוויי גרויסע פּערזענ־לעכקייטן איז אויסערגעוועהנלעך אינטערעסאַנט ניט נאָר דערמיט, וואָס די בריוו־שרייבערס, ביידע גייסטרייכע אידעאַליסטן, האָבן געהאַט צו זאָגן איינער דעם אַנדערן וועגן די געשעענישן אין זייער צייט, נאָר אויך דערמיט, וואָס זיי האָבן געהערט צו צוויי וועלט־פרעמדע פעלקער. ביידע זיינען געבוירן אין 1842, איינער אין אַ שטאַרק אַסימילירטער יידיש־דענישער משפחה אין קאָפּענהאַגען, דער אַנדערער, אין אַ הויז פון דער העכסטער רוסישער אַריס־טאָקראַטיע, אין דער משפחה פון די פירשטן קראָפּאָטקין, אין מאָסקווע.

געאָרג בראַנדעס האָט באַלד ביים פאַרענדיקן דעם קאָפּענ־האַגענער אוניווערסיטעט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם קאַמף קעגן דער גייסטיקער רעאַקציע אין זיין לאַנד; אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז ער געוואָרן אַ באַקאַנטער ליטעראַטור־היסטאָריקער און קריטיקער, אין פאַרלויף פון זיין וויטערן שטורמישן לעבן אַ מחבר פון מאָנומענטאַלע ווערק, אַ פירנדער ליטעראַרישער, פון וועלט־פאָרמאַט, וואָרטזאָגער.

פּעטער קראָפּאָטקין, דערצויגן אין אַ מיליטערישער שולע, האָט אָנגעהויבן אַלס קאַמערפּאַזש פון דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, געוואָרן אַ וויסנשאַפטסמאַן, פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ רע־וואָלוציאָנערן שטורם, אַנטלאָפן פון רוסלאַנד, באַקאַנט געוואָרן אין

דער גאָרער וועלט אַלס דער וויכטיקסטער טעאָרעטיקער פון אַנאַר־כיזם, אַלס וויסנשאַפטסמאַן און שרייבער.

קען מען זיך פאָרשטעלן צוויי מער פאַרשידענע סביבות און פערזענלעכקייטן!

מיר וויסן וואָס רוסלאַנד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס הערשאַפט (1825־1855). ערשט אין 1861 דעקרעטירט אַלעקסאַנדער דער צווייטער די באַפרייאונג פון די רוסישע פּויערים פון דער שקלאַפעריי — עטלעכע יאָר נאָך דער מפּלה פון רוסלאַנד אין דער קרימער מלחמה. עס ווערט פּראָקלאַמירט די "עפּאָכע פון די גרויסע רעפאָרמען", אָבער קיין שום רעפאָרמען קענען שוין ניט איינהאַלטן דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

פּעטער קראָפּאָטקין פאַרלאָזט דעם גלאַנץ פונעם לעבן ביים הויף און פאָרט אַוועק קיין אַזיע, אין וויטן סיביר, וואו ער גיט זיך אָפּ מיט לייב און לעבן מיט וויסנשאַפטלעכע געאָגראַפישע שטודיעס, נעמענדיק אָן אָנטייל אין וויכטיקע בערג־עקספּעדיציעס.

דער צוקונפטיקער מחבר פון "פעלדער, פאַבריקן און ווערק־שטאַטן", פון "ברויט און פרייהייט", פון "קעגנזייטיקע הילף", פון "אַנאַרכיסטישע פילאָזאָפיע" און אַ רייע אַנדערע, גרונטלעגנדע ווערק, באַקענט זיך מיט די גרויזאַמע רעאַליטעטן פון רוסישן פאָלקסלעבן. די יאָרן פון פאָרשן און באַקענען זיך מיט דער רוסישער ליטעראַטור, מיט די ווערק פון טשערנישעווסקי און הערצען, די יאָרן פון זיצן אַ געפאַנגענער אין דער פּעטראָפּאַוו־לאָווסקער פעסטונג און זיין דראַמאַטישן אַנטלויפן פון רוסלאַנד, האָבן געפורעמט דעם טיפן דענקער, געלייטערט זיין כאַראַקטער, פאַרטיפט און אויסגעברייטערט זיין מענטשלעכקייט. אין זיינע באַ־רימטע "זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָנער" שילדערט ער אַלץ וואָס ער האָט געזען און איבערגעלעבט אויף דעם לאַנגען וועג.

נאָך יאָרן אין אַ פראַנצויזישן געפענגניש אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוואָן, באַזעצט זיך פּעטער קראָפּאָטקין אין ענגלאַנד און לעבט דאָ איבער דרייסיק יאָר צייט. פונדאַנען מאַכט ער זיינע נסיעות אין פאַרשידענע לענדער, פונדאַנען פאָרט ער צוריק קיין

רוסלאַנד, אין סאַמע אָנהויב פון דעם היינטיקן סאָוויעטישן רעזשים. אין רוסלאַנד שטאַרבט ער, אין 1921.

אַנדערש איז געווען דער לעבנס־וועג פון געאָרג בראַנדעס. דאָס קליינע דענעמאַרק, אַמאָל אַ גרויסע מלוכה, ווערט אין 1864 באַפאַלן פון פרייסן, דאָס פרייסן פון ביסמאַרק און מאָלטקע. צוויי יאָר שפּעטער פירט פרייסן אַ מלחמה קעגן עסטרייך און אין 1870־1871 פראָוואָצירט פרייסן די מלחמה קעגן פראַנקרייך. די מלחמה ענדיקט זיך מיט דער פּראָקלאַמירונג פון דעם נייעם דייטשן רייך אינעם שפּיגלזאַל פונעם פּאַלאַץ אין ווערסאַל.

די פראַנקאָ־פּרייסישע מלחמה ענדיקט זיך מיט צונעמען ביי פראַנקרייך די צוויי פּראָווינצן, עלזאַס און לאָטרינגען. דער דייטשער מאַרש האָט זיך אָבער, ווי געזאָגט, אָנגעהויבן מיט דערנידריקן דענעמאַרק און צונעמען ביי אים צוויי אַלטע דענישע פּראָווינצן, שלעזוויג און האָלשטיין. פונדאַנען האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש פון פּאַן־גערמאַניזם.

די נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע פון דענעמאַרק האָט געמוזט פירן צו אַ גייסטיקער באַנייאונג פונעם לאַנד, צו אַ קולטור־רענע־סאַנס אינעם ברייטן זין פונעם וואָרט. דאָס האָט געהייסן קאַמף קעגן דער רעאַקציע און איר הויפּט־פעסטונג, די פּראָטעסטאַנטישע קירכע. געאָרג בראַנדעס ווערט דער גייסטיקער פירער פון דער נייער שטורם־ און דראַנג־פּעריאָדע. זיינע ערשטע לעקציעס אין דעם אוניווערזיטעט פון קאָפּענהאַגען געווידמעט דער פראַנצויזי־שער "עמיגראַנטן־ליטעראַטור", רופן אַרויס אַ גרויסע באַוועגונג. די לעקציעס זיינען דער אָנהויב פון די זעקס בענדער "הויפּטשטרע־מונגען פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור אין ניינצעגנטן יאָרהונ־דערט", אַ ווערק וואָס ווערט איבערגעזעצט פּאַקטיש אין אַלע קול־טור־שפּראַכן. דאָס ווערק ווערט באַזונדערס שטאַרק פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד און אין דייטשלאַנד.

שוין אַלס יונגער געלערנטער ווערט געאָרג בראַנדעס באַפריינ־דעט מיט דעם ענגלישן פילאָזאָף דזשאָן סטיוּאַרט מיל, מיט דעם פראַנצויזישן ליטעראַטור־היסטאָריקער היפּאָליט טען, מיט רענאַן. עטלעכע רייזעס איבער אייראָפּע מאַכן אים באַקאַנט מיט אַ וועלט

פון פאָליטישע, סאָציאַלע און קולטורעלע באַוועגונגען, וועלכע זיינען איינגאַנצן פרעמד סקאַנדינאַוויע. ער און זיין ברודער עדואַרד, אויך אַ געלערנטער און אַ פּובליציסט פון ערשטן ראַנג, ווערן די צענט־ראַל־פיגורן פון דעם דענישן קולטור־רענעסאַנס. עס איז אַ שווערער קאַמף. די אָפענע און פאַרבאָרגענע יידנפיינט לייגן צו אַ האַנט צו דער פערמאַנענטער קאַמפּאַניע קעגן געאָרג בראַנדעס.

חוץ די "הויפּטשטרעמונגען" דערשיינען אַנדערע וויכטיקע ווערק פון געאָרג בראַנדעס: "פערדינאַנד לאַסאַל" (1877), "דיזראַ־עלי" (1877), "סערען קירקעגאָר" (1877), "דענישע דיכטער" (1877). ער באַטייליקט זיך אין דער פּרעסע. ער פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון פינלאַנד קעגן רוסלאַנד, די אינטערעסן פון די אַרמעניער קעגן דער טערקיי, די אינטערעסן פון די פלאַמאַנדער אין בעלגיע קעגן די וואַלאָנען. בשעת דעם בערלינער קאָנגרעס נעמט ער אויף די פראַגע וועגן דער לאַגע פון יידן אין רומעניע.

געאָרג בראַנדעס איז אַן אָנגענומענער גאַסט אין די ליטעראַ־רישע סאַלאָנען פון פּאַריז, וואו ער קומט אין באַרירונג מיט דער עליטע פון איראָפּע. זיין רייזע קיין רוסלאַנד און זיינע פאָרלעזונגען אין פּעטערסבורג און מאָסקווע פאַרוואַנדלען זיך אין אַן אמת׳ן טריאומף. די פריינטשאַפט מיט אַ רייע גלענצנדע רוסישע פערזענ־לעכקייטן, די ערנסטע קענטשאַפט פון דער רוסישער ליטעראַטור און געשיכטע, רופן אַרויס ביי אים אַ גאַנץ באַזונדערן אינטערעס פאַר די געשעענישן אין רוסלאַנד. אַ דענישע פּרינצעסין ווערט די פרוי פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן און קאָפּענהאַגען ווערט אַ צענטער פון וויכטיקע פּאָליטישע פאַרבינדונגען מיט רוסלאַנד. דער קאַמף קעגן דעם אַלטן צאַרישן רעזשים אין רוסלאַנד ווערט דאָ נאָכגע־פאָלגט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.ביידע, אי פּעטער קראָפּאָטקין, אי געאָרג בראַנדעס, האָבן דערלעבט צו זען דעם צוזאַמענברוך און דאָס פאַרשווינדן פון דעם צאַרישן רעזשים...

געאָרג בראַנדעס האָט זיך באַקענט מיט די אידעען פון פּעטער קראָפּאָטקין אַ סך פריער, איידער זיי האָבן זיך געטראָפן. ער האָט געקענט ניט וויניק רוסישע פערזענלעכקייטן, צווישן זיי דעם פילאָ־זאָף וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו און פּראָפעסאָר מאַקסים קאָוואַלעווסקי,

אָבער פּעטער קראָפּאָטקין איז געווען פאַר אים אַ קאַפּיטל פאַר זיך. אין זיינע "איינדרוקן פון רוסלאַנד" (1888) דערמאָנט בראַנדעס קראָפּאָטקינס נאָמען אין פאַרבינדונג מיט דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז אין 1872 געפירט געוואָרן אין רוסלאַנד בנוגע די אידעען פון דער קאָמונע.

געאָרג בראַנדעס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט קראָפּאָטקינס אידעען און מיט זיינע ווערק אַדאַנק די אַרטיקלען אין די נאַרוועגישע זשורנאַלן. אין אַ בריוו צו פרידריך ניטשע, דאַטירט 17־טער דעצעמבער 1887, שרייבט בראַנדעס: "איך פיל מיך אַביסל געטראָפן דערפון, וואָס אין אייערע שריפטן פטרט איר עס אָפּ אַזוי שנעל און העפטיק אַזעלכע פענאָמענען, ווי: סאָציאַליזם אָדער אַנאַרכיזם. דער אַנאַרכיזם פון פירשט קראָפּאָטקין איז, צום ביישפּיל, ניט נאַריש".

מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז בראַנדעס איז געווען דער, וואָס האָט פאַר ניטשען געעפנט דעם וועג צו דער וועלט־ליטעראַטור.

רוסלאַנד האָט אינטערעסירט און געצויבערט געאָרג בראַנדעס ניט דערפאַר, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז פון דאָרט וועט קומען די אויסלייזונג — "עקס אָריענטע לוקס", — נאָר ווייל דאָס מערקווירדיקע געמיש פון ווילדקייט און געהויבנקייט האָט אינטריגירט.

.2

פון דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין איז ניט שווער צו קומען צום אויספיר, אַז ניט אַזוי פיל די אידעען פון זיין רוסישן פריינט, ווי זיין באַצויבערנדע פערזענלעכקייט, זיין קריסטאַל־קלאָרע מענטשלעכקייט האָבן פאַרכאַפּט און פאַסצינירט געאָרג בראַנדעס. די דאָזיקע מענטשלעכקייט איז דאָך געווען דער יסוד, די גרונט־סובסטאַנץ פון קראָפּאָטקינס אידעען וועגן געזעלשאַפט און סאָציאַלן יושר.

אין דעם באַקאַנטן אַריינפיר צו קראָפּאָטקינס "זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָנער", שרייבט געאָרג בראַנדעס:

— "עס זיינען היינט דאָ נאָר צוויי גרויסע רוסן, וועלכע רעפּרע־

זענטירן דאָס רוסישע פאָלק און וועמענס אידעען געהערן דער גאַנצער מענטשהייט, דאָס זיינען, לעאָן טאָלסטאָי און פעטער קראָפּאָטקין, טאָלסטאָי האָט אונדז אָפּט דערציילט אין אַ דיכטערישער פאָרם געוויסע מאָמענטן פון זיין לעבן. קראָפּאָטקין גיט אונדז דאָ צום ערשטן מאָל, ניט באַנוצנדיק זיך מיט קיין דיכטערישער פאָרם, אַ קורצן איבערזיכט פון זיין גאַנצן לעבן. ווי ראַדיקאַל פאַרשידן די צוויי מענטשן זאָלן ניט זיין, קען מען פאָרט זען אַ פּאַראַלעל אין זייער לעבן און זייער באַנעמען דאָס לעבן. טאָלסטאָי איז אַ קינסטלער, קראָפּאָטקין איז אַ וויסנשאַפטסמאַן, אָבער אין לעבן פון יעדן פון זיי קומט אַ צייט, ווען זיי קענען זיך ניט צופרידנשטעלן מיט דער אַרבעט, וועלכער זיי האָבן זיך ביז איצט אינגאַנצן אָפּגעגעבן. טאָלסטאָי ווערט פאַרכאַפּט פון זיינע רעליגיעזע אידעען, קראָפּאָטקין פון זיינע סאָציאַלע אידעען.

— ״ביידע האָבן זיי ליב די מענטשהייט, ביידע פאַרדאַמען זיי אויף דעם שאַרפסטן אופן די גלייכגילטיקייט פון מענטשן, דאָס פעלן פון פאַרטיפן זיך, די ברוטאַליטעט פון די העכערע קלאַסן. ביידע ווערן זיי אויף דעם אייגענעם אופן באַהערשט פון דעם פּראָבלעם, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס לעבן פון די אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע. ביידע זעען זיי אין דער וועלט מער געמיינהייט ווי נאַרישקייט. ביידע זיינען זיי פון זייער נאַטור פּאַציפיסטן און קראָפּאָטקין איז דער, וואָס איז מער פּאַציפיסט ווי דער אַנדערער... דער מחבר דערקלערט זיך פאַר אַ רעוואָלוציאָנער און דאָס איז דער ריכטיקער נאָמען פאַר אים, אָבער מען טרעפט זעלטן אַזאַ הומאַנען און אַזאַ ווייכן רעוואָלוציאָנער״...

.3

געאָרג בראַנדעס איז געשטאָרבן דעם 19־טן פעברואַר 1927 אין קאָפּענהאַגען אין אַן עלטער פון 85 יאָר. ער האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך אַ ריזיקע ליטעראַרישע ירושה. חוץ די ווערק, וועלכע מיר האָבן פריער דערמאָנט, חוץ די דריי בענדער ״שעקספּיר״, האָט ער אין משך פון די לעצטע צוואנציק יאָר פון זיין לעבן אָנגעשריבן

אַ רייע מאָנומענטאַלע ווערק, וועלכע ער האָט געגרייט צענדליקער יאָרן: צוויי גרויסע בענדער ״געטע״, צוויי ״וואָלטער״, צוויי ״יוליוס צעזאַר״, צוויי ״מיקעל אַנדזשעלאָ״, עטלעכע זייער שאַרפע קריטישע ווערק וועגן קריסטנטום: ״אורקריסטנטום״, ״די סאַגאַ וועגן קריסטנטום״ און ״אַפּאָסטאָל פּאָול״: שאַרפע אַנטי־קריסטנטום־ווערק.

פאַר די עטלעכע און דרייסיק יאָר, וואָס זיינען אַוועק נאָך דעם טויט פון דעם גרויסן דענקער און שרייבער, איז ביז איצט נאָך ניט דערשינען קיין מאָנומענטאַל ווערק וועגן זיין לעבן און זיין ווערק. זיין גייסט און איינפלוס אין לאַנד איז נאָך אַלץ זייער גרויס, אָבער די דיסטאַנץ איז נאָך, ווייזט אויס, צו נאָענט, כדי קענען אָפּשאַצן זיין אויפטו.

אין זיינע יונגע יאָרן איז בראַנדעס געווען פאַרכאַפּט פון סערען קירקעגאַרדס קריסטנטום און האָט אפילו געטראַכט וועגן אַריבערגיין צום קריסטנטום, אָבער זיין באַקאַנטשאַפט מיט שפּינאָזאַ און מיט דער פילאָזאָפיע פון דעם אַמסטערדאַמער דיאַמאַנטן־שלייפער האָט געענדערט זיין געדאַנקען־גאַנג, געענדערט אויף שטענדיק. זיינע פילאָזאָפישע שטודיעס האָט ער געמאַכט זייענדיק אין אוניווערזיטעט אונטער דעם איינפלוס פון אַ באַקאַנטן דענישן שפּינאָזאַ־פאַרשער פּראָפעסאָר ברעכנער. זיין באַגייסטערונג פאַר שפּינאָזאַ, זיין גייסטיקער ראַדיקאַליזם און זיין אויסגעשפּראָכענע אַנטי־קריסטלעכע איינשטעלונג האָבן נישט ווייניק בייגעטראָגן דערצו, אַז ער זאָל שטענדיק זיין אַ צילברעט פאַר זיינע קעגנער און פאַר אַלץ וואָס איז געווען אַנטי־יידיש אין דעם סקאַנדינאַווישן צפון.

געאָרג בראַנדעס האָט איבערגעלאָזן חוץ זיינע גרויסע ווערק אויך אַן אַנדערן אוצר: זיין אומגעהויער־גרויסע קאָרעספּאָנדענץ מיט פריינט, מיט הונדערטער שרייבער פון דער גאַנצער וועלט. עטלעכע יאָר נאָך זיין טויט האָבן די ליטעראַטור־געזעלשאַפטן פון די סקאַנדינאַווישע לענדער אַרויסגעגעבן אַכט בענדער פון זיין און פון זיין ברודערס עדוואַרד קאָרעספּאָנדענץ מיט די נאָרדישע שרייבער — אַ קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע קען אין אַ געוויסן זין באַטראַכט ווערן ווי אַ מין ענציקלאָפּעדיע, וועלכע נעמט אַרום דעם

גייסטיקן אויפקום פון די סקאַנדינאַווישע פעלקער אין פאַרלויף פון די לעצטע הונדערט יאָר. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מען אָנגע־הויבן אַרויסגעבן אויף פראַנצויזיש זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט די מערב־אייראָפּעאישע שרייבערס. דער ערשטער באַנד נעמט אַרום די קאָרעספּאָנדענץ ס׳רוב מיט פראַנקרייך און איטאַליע — גאַנצע 523 זייטן מיט אַ צוגאָב פון אַ בוך נאָטיצן און אויפקלערונגען, וואָס פאַרנעמען 189 זייטן. עטלעכע יאָר שפּעטער איז אַרויס פון דרוק דער צווייטער באַנד, אין וועלכן עס געפינט זיך די קאָרעס־פּאָנדענץ צווישן געאָרג בראַנדעס און קראָפּאָטקין פון זינט זיי האָבן זיך באַקענט אין לאָנדאָן אין 1895 ביז קראָפּאָטקינס טויט אין 1921 אין סאָוויעט־רוסלאַנד. פאַקטיש איז די קאָרעספּאָנדענץ אָנגעגאַנגען פון 1896 ביז 1919.

.4

דער דענישער ליטעראַטור־היסטאָריקער, פּראָפעסאָר פּאָול קריגער פונעם אוניווערזיטעט אין אָרהוז, די צווייטע גרעסטע שטאָט אין דענעמאַרק, פאַרדינט אַ גרויסן דאַנק פאַר דעם אופן, ווי ער האָט אַרויסגעגעבן די בראַנדעס־קראָפּאָטקין־קאָרעספּאָנדענץ, ווי אַזוי ער האָט זי צוגעגרייט צום דרוק און צוגעגעבן די נייטיקע אַנאָ־טאַציעס און אויפקלערונגען. די אַרבעט האָט גענומען עטלעכע יאָר. עס זיינען אָפּגעדרוקט אַלע בריוו חוץ די גאָר קורצע און ניט־וויכ־טיקע בריוועלעך. די בריוו האָבן זיך געפונען אין פאַרשידענע לענ־דער, ס׳רוב אין ענגלאַנד, אין בריטישן מוזעאום, און אין רוסלאַנד. פרילינג 1954 איז פּראָפעסאָר קריגער איינגעלאַדן געוואָרן צו קומען קיין לענינגראַד און דאָ האָט ער באַקומען די פאָטאָ־קאָפּיעס פון קראָפּאָטקינס בריוו. אין רוסלאַנד האָט פּראָפ. קריגער אויך באַקו־מען אַ טייל פון בראַנדעסעס בריוו צו קראָפּאָטקינען.

איינגאַנצן זיינען אין בוך פאַראַנען 65 בריוו פון בראַנדעסן צו קראָפּאָטקינען און פון קראָפּאָטקינען צו בראַנדעסן. דער ער־שטער בריוו פון בראַנדעסן האָט די דאַטע: קאָפּענהאַגן, 22־טער מאַי

1896. דער לעצטער בריוו פון קראָפּאָטקינען איז דאַטירט, דמיט־ראָוו, מאָסקווער גובערניע, 28־טער אַפּריל 1919.

די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ איז פּובליקירט אין אָריגינאַל, ד. ה. פראַנצויזיש.

צום בוך זיינען צוגעגעבן אַ פּאָר פאָטאָגראַפיעס: אַ פּראַכטפולע פאָטאָגראַפיע פון קראָפּאָטקינען אויפגענומען אין 1899, אַ פאָטאָ־גראַפיע פון נעקראַסאָווס אַ פערז, אָנגעשריבן פון קראָפּאָטקינען אַליין אינעם אַלבום פון עדיט, בראַנדעסעס טאָכטער: ("זאַוועדי מעניאַ וו סטאַן פּאָגיבאַיושטשיך זאַ וויסאָקאָיע דעלאָ ליובווי" *) און קראָפּאָטקינס פראַנצויזישע איבערזעצונג. און חוץ דעם אַ פאָ־טאָגראַפיע פון קראָפּאָטקינען אין האַפּאַראַנדאַ, פינלאַנד, אין יוני 1917, בשעת זיין אָנקומען צוריק קיין רוסלאַנד. אויפן בילד זעט מען אַ היפּש ביסל באַגאַזש און אַ גרופּע אַרום אַ מענטשן מיט אַ גרויסער, ברייטער רוסישער באָרד, און אַ ברייטן זומערהוט.

האַפּאַראַנדאַ איז אין אַלטע צייטן געווען דער לעצטער נאָרדי־שער פּונקט, וואָס מען פלעגט אַריבערפאָרן, ווען מען האָט פאַרלאָזט רוסלאַנד. פינלאַנד האָט דעמאָלט געהערט דעם צאַריסטישן רוס־לאַנד. אויך דער שרייבער פון די שורות (וול. גר.) איז געווען אין האַפּאַראַנדאַ, ווען ער האָט אויף שטענדיק פאַרלאָזט רוסלאַנד אין מאַי 1915...

בראַנדעס' און קראָפּאָטקינס ערשטע באַגעגעניש איז פאָרגע־קומען ביי סערגיי סטעפּניאַק אין הויז, אין לאָנדאָן. בראַנדעס האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט סטעפּניאַקס פּערזענלעכקייט. ווען סטעפּניאַק איז מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, דעם 23־טן דעצעמבער 1895, אומגעקומען — ער איז געגאַנגען לייענענדיק אַ בוך און איז דערהרגעט געוואָרן פון אַ צוג — איז דאָס פאַר די קראָפּאָטקינס געווען אַ שרעקלעכע געשעעניש. אויך פאַר בראַנדעסן, וואָס האָט געקענט די ווערק פון אָט דעם זעלטענעם מענטשן. ווי געזאָגט, בראַנדעס האָט שוין דעמאָלט געהאַט פאַרבינדונגען מיט רוסישע

*) "פיר מיך אַוועק אין לאַגער פון די, וואָס קומען אום פאַר דעם דער־הויבענעם אַקט פון ליבע".

פערזענלעכקייטן און געהאַט אַ באַגריף וועגן רוסישע רעוואָלוציאָ־נערע גייסטער.

שוין די ערשטע בריוו פון די צוויי קאָרעספּאָנדענטן באַווייזן, אַז זיי האָבן נישט געוואָלט, אַז דאָס זאָל זיין אַ צופעליקע באַקאַנט־שאַפט, אָן ווייטערע קאָנסעקווענצן. די קאָרעספּאָנדענץ האָט תיכף באַקומען די וואַרימקייט פון אַן אינטימער פריינטשאַפט.

בראַנדעס פאָרמולירט פּאָרזיכטיק זיין קוק אויף דער קראַפט און עיקרדיקן באַדייט פון דער אינדיווידועלער, פון דער איינצלנער פערזענלעכקייט, ווי אַ דעצידירנדיקער פאַקטאָר אין די געשיכטלעכע פּראָצעסן, און קראָפּאָטקין דערקלערט אים אויספירלעך זיין קוק אויף פאָלק, וואָס טראָגט אין זיך די נייע דעצידירנדיקע אידעען און וואָס די פירנדיקע פערזענלעכקייטן ברענגען צום אויסדרוק. יעדער פון זיי איז געבליבן ביי זיינע אידעען. קיינער פון זיי האָט ניט פאַרזוכט אַרויפצווינגען אויף דעם אַנדערן זיינע אייגענע אידעען און זיינען פונדעסטוועגן געבליבן אויף שטענדיק אינטים־פאַרבונ־דענע פריינט. דאָס איז געווען אַ זעלטענער פאַל פון פולשטענדיקער אידעען־טאָלעראַנץ.

# ערשטער קאַפּיטל

## דער ערשטער בריוו פון געאָרג בראַנדעס צו קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, מאַי 22, 1896.

זינט מיר האָבן זיך מיט אייך געטראָפן ביי אונדזער אומגליק־לעכן פריינט סטעפּניאַק, בין איך פאַרנומען מיט אייך. ווען איך האָב אייך געזען צום ערשטן מאָל, האָב איך נאָר געקענט אויסצוגן (פון אייערע ווערק), געדרוקט אין אַ נאָרוועגישן זשורנאַל ("נייע צייטשריפט") און ווען איך אַליין נאָר די קליינע ביאָגראַפיע, וואָס סטעפּניאַק האָט געשריבן. דערנאָך האָב איך געפּרואווט זיך מיט אייך צו באַקענען. אין דייטשלאַנד האָב איך מיר איינגעשאַפט דר. לאורענציוסעס "קראָפּאָטקינס מאָראַל־לערע און איר שייכות צו ניטשען" — אַ שלעכט ווערק און בלויז די אויסצוגן פון אייערע ביכער, וואָס דער מחבר ציטירט, האָבן אַ ווערט. הער נאזארבעק האָט פריינטלעך מיר צוגעשיקט אייער "די דעראָבערונג פון ברויט". איך האָב באַשטעלט עטלעכע פון אייערע קליינע בראָשורן: "דער לוינאַרבעטער", "צו דער יוגנט", "אַ יאָרהונדערט פון דערוואַר־טונגען", "די תפיסות". איך האָב נאָך ניט געלייענט אייער בוך וועגן מאָראַל (געמיינט מן הסתם "אַנאַרכיסטישע מאָראַל" — וול. גר.), אויך נישט די "לאָזונגען פון אַ רעוואָלט". דאָס אַלץ איז דאָ שווער צו באַקומען, מ'איז אַזוי ווייט פון גרויסע שטעט. וואָס דאַרף איך נאָך לייענען, כדי אייך צו קענען?

איך האָב געלייענט סטעפּניאַקס צוויי ביכער: "קעניג סטארק"

און "די קאַריערע פון אַ ניהיליסט", אַ גייסטרייך און ניט קיין געװײנלעך װערק. איך קאָן צו זיך ניט קומען פון דער אבידה, כאָטש איך האָב אים בלויז װינציק געקענט.

אין אייערע שריפטן איז פאַראַן בלויז איין זאַך, װאָס װאונדערט מיך אַביסל, — אייער אַבסאָלוטער גלויבן אין פאָלקס־חכמה. איך װאָלט װעלן קאָנען טיילן אייער מיינונג. געװײנלעך זאָגט מען, אַז ס'איז פאַראַן נישט מער װי איין רוס, װאָס האָט אַזאַ געהויבענעם צוגאַנג, דאָס איז לעאָן טאָלסטאָי, עס זיינען אָבער פאַראַן צוויי, װייל איר זענט דאָך אויך אַ רוס.

אייך באָמבאַרדירט מען מסתמא מיט בריװ, איך באַקום לערך צװאנציק אַ טאָג. איך האָב מורא אייך צו שרייבן, כדי ניט פאַרגרע־סערן אייער לאַסט. מיין ניט שרייבן אייך איז ניט קיין ענין פון סנאָביזם, נאָר צוליב אַ גרויסן אינטערעס (אין אייך). צי טוט מען ניט עפּעס צו שאַפן אַביסל געלט פאַר פרוי פאַני סטעפּניאַק, כדי אַ פּאָר יאָר איר אַביסל גרינגער מאַכן דאָס לעבן?

איר דערמאָנט זיך אפשר, אַז אין אָװנט, װען איך האָב געהאַט דאָס גליק צו פאַרברענגען ביי אייך עטלעכע שעה, האָט איר מיר צוגעזאָגט אָנשרייבן עטלעכע שורות פאַר מיין טאָכטער עדיט? אויב דאָס איז אייך ניט אומאַנגענעם, שרייבט אָן אייער נאָמען אויף אייער אַ קאַרטל, און שיקט עס מיר צו — מיט דער גרעסטער באַ־װאונדערונג פאַר אייך, אייער איבערגעגעבענער,

געאָרג בראַנדעס

דאָס װאַרימע, שטענדיק־באַװעגטע האַרץ פון פעטער קראָפּאָט־קין האָט געמוזט שטאַרק אויפנעמען און שטאַרק רעאַגירן אויף די דעליקאַטע טענער פון די װערטער פון דעם 54־יאָריקן באַרימטן דענישן שרייבער. קראָפּאָטקין האָט געמוזט זיכער האָבן אַ גענויע פאָרשטעלונג װעגן דער פערזענלעכקייט פון זיין נייעם קאָרעספּאָנ־דענט. עס קומט

## דער ערשטער בריוו פון פּעטער קראָפּאָטקין צו בראַנדעס

וויאָלאַ קאָטעדזש, בראָמליי קענט, מאַי 29, 1896.

״טייערער הער בראַנדעס,

איך קאָן אייך גאָרניט איבערגעבן ווי שולדיק איך פיל זיך קעגן אייך און אייער עדיט. מען דאַרף גאָר ניט פּרואוון צו געפינען אַ תירוץ. איך וועל אייך נאָר זאָגן, אַז איך דערמאָן זיך ניט קיין צייט אין מיין לעבן, ווען איך האָב געאַרבעט אַזוי פיל, אָן שום איבערייס, סיידן איך ווער דערצו געצוואונגען, ווי אין די לעצטע אַכט אָדער ניין חדשים. ווי נאָר איין אַרבעט איז פאַרענדיקט, הייבט זיך אָן אַ צווייטע אַרבעט. מיט אַ דריי טעג צוריק, נאָך דעם ווי איך האָב פאַרענדיקט אַן אַרבעט, האָב איך זיך געפילט גאַנץ צעבראָכן און מאָרגן פאָר איך אויף אַ פופצן טעג קיין דזשערסי.

איך בעט אייך, זאָגט פריילין עדיט, אַז שוין אַ לאַנגע צייט ווי איך וואָלט פאַר איר אָנגעשריבן די פאָר ווערטער, אָבער איך ווייס קיינמאָל ניט וואָס איך זאָל (אין אַזאַ פאַל) אָנשרייבן. ציטאַטן פון רוסישע דיכטער זיצן מיר אין קאָפּ מיין גאַנץ לעבן, אָבער דאָס איז דאָך רוסיש. איך האָב אָנגעשריבן אַזאַ דעדיקאַציע און דערנאָך די לעצטער ווערטער, אַזעלכע שיינע, פון ״פאַוסט״.

דער טויט פון אונדזער פריינט סטעפּניאַק האָט אונדז פאַרשאַפט אַ סך צער. איך האָב אים געקענט זינט אַן ערך 1872, אָדער 1873, ספּעציעל זינט 1880 אין זשענעווע און איך האָב אים שטאַרק ליב געהאַט. איך ווייס ניט, צי איך וועל ווען עס איז טרעפן אַ מער געעכטן, מער איידעלן מענטשן. אָט די אייגנשאַפט איז ביי אים געווען דאָס דעצידירנדיקע; ער האָט מיך דערמיט שטאַרק פאַרכאַפּט אין זשענעווע, ווען מיר זיינעןביידע געווען מיטגלידער פון אַן ערנגעריכט צווישן חברים. דאָס איז געווען יענע הויכע געעכטיקייט, טיף־מענטשלעכע, וואָס פאַרשטייט ווי זיך צו רעכענען מיט דער נאַטור פונעם מענטשן. זיין באַשיידנקייט און זיין קוראַזש קענט איר — ער האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָר אין זיין ראָמאַן. ער האָט מיר

תמיד געזאָגט, אַז דער שרייבער פון ראָמאַנען שילדערט בלויז זיך אַליין.

פרוי סטעפּניאַק געפינט זיך אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד. איי־דער זי איז געפאָרן קיין לאָנדאָן, האָט זי פאַרבראַכט עטלעכע טעג ביי אונדז. ס'איז געווען שרעקלעך זי צו זען, צו הערן זי וויינען אין די נעכט און רופן שטילערהייט: "סערזש...". איר, הער בראַנדעס, איר קאָנט פאַרשטיין די דערשטיקטע ליידן, אָן די אויסערלעך־טראַגישע מאַניפעסטאַציעס. זי וויינט זעלטן, נאָר אין די אָרעמס פון אַ פריינט. אייערנעכטן בין איך געגאַנגען זי זען אין קראָק־העם היל; ס'איז אַ גאַנץ קליין דאָרף צווישן אידענברידזש און וועס־טערהעם, הויך אויף אַ קליין בערגל, פונוואַנען מען קאָן זען צוויי אָדער דריי געגנטן. אין אַ קליינעם קאָטעדזש דאָרט וואוינט זי צוזאַמען מיט אַליוו גאַרנעט, די טאָכטער פון דר. גאַרנעט פונעם בריטיש מוזעאום און ניט ווייט געפינט זיך דאָס הויז פון אָליווס ברודער. אָליוו איז איינע פון די וואונדערלעכסטע יונגע ענגלישע מיידלעך פונעם נייעם דור, וואָס זיינען אַזוי איבערגעגעבן פאַנין. זי האָט איר געהאָלפן אַריבערטראָגן דאָס דאָזיקע שרעקלעכע יאָר. פרוי סטעפּניאַק זעט אויס רואיקער — אָבער דאָס איז תמיד ווען פרעמדע זיינען דערביי...

סטעפּניאַקס בוך וואָס ווערט צום מערסטן געלייענט איז "דאָס אונטערערדישע רוסלאַנד", וואָס ער האָט געשריבן אין איטאַליע־ניש — "רוסיא סאָטערראַנעא", אַרויסגעגעבן, גלייב איך, אין מי־לאַנאָ. דאָס בעסטע איז דאָרט זיין אייגענער כאַראַקטער. דאָס זיי־נען קורצע כאַראַקטער־סקעטשן און עפּיזאָדן פון דער באַוועגונג. פון זיינע ביכער האָב איך "רוסלאַנד אונטער די צאַרן", וואָס איך וואָלט אייך געשיקט, אויב איר ווילט עס האָבן. איך האָב אייך געשיקט, טייערער הער בראַנדעס, דאָס וואָס איך האָב פון מיינע בראָשורן און ביכלעך; פון פּאַריז וועט אייך גראַוו שיקן די "די לאָזונגען פון אַ רעוואָלט", וואָס איך האָב דאָ ניט. אויב אַנאַרכיזם אינטערעסירט אייך, וועט עס פאַר מיר זיין אַ פאַרגעניגן אייך צו שיקן דאָס וואָס איך האָב פון באַקונין — אַזעלכע זאַכן, ווי: "גאָט און די מלוכה", "די קנוטאָ־גערמאַנישע אימפּעריע" א. א. דער אַנאַר־

כיזם וועט אייך בלי ספק פאַראינטערעסירן, מחמת דאָס איז אַ באַ־וועגונג פול מיט לעבן, זייער טיפּיזיניק; דער אַנאַרכיזם דרינגט אַריין אין אַלע ברייטערע און ברייטערע קרייזן.

איר זאָגט, אַז איר זענט דערשטוינט פון מיין אַבסאָלוטן גלויבן אין דער קלוגשאַפט פון פאָלק. זאָגן "אַבסאָלוט" איז אפשר צו שטאַרק, אָבער עס זיינען פאַראַן צוויי זאַכן, וואָס האָבן געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק אין מיינע שטודיעס און אין מיין לעבן: צו־ערשט, וואָס אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון די פעלקער, זיינען אַ פּראָדוקט פונעם קאָנסטרוקטיוון זשעני פון די פעלקער, פון די פאָלקסמאַסן, די הערשנדיקע מינדערהייטן האָבן בלויז פּראָ־פיטירט פון די אינסטיטוציעס, געבראַכט זיי אין אָרדענונג און אָרגאַניזירט די געזעצן לטובת די מינדערהייטן. די רעליגיעס, די געזעצן, זיינען ניט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דער אויסדרוק פון פאָלקס־מאָראַל, פון די געוואוינהייטן פון פאָלק, צוזאַמען מיט די געזעצן וואָס זיינען געשאַפן לטובת די רעגירנדיקע מינדערהייטן.

ווייטער, אַן דעם איך זאָל זיך מאַכן די מינדסטע אילוזיעס וועגן דער קוואַליטעט פונעם פאָלקסמענטשן, אים באַטראַכטן פאַר בעסער ווי די געבילדעטע מינדערהייט, בין איך שטענדיק פאַס־ציגירט פונעם געזונטן שכל הישר פון די פאָלקס־באַשלוסן אין די דערפער, אין די גרופּן א. א. וו., ווען עס קומט זיי אויס צו ענט־פערן אויף באַשטימטע פראַגן. און סוף־כל־סוף, ווען מען טראַכט זיך אַריין אין דעם, וואָס די גרעסטע דענקער האָבן געזאָגט, געפינט מען אויס, אַז דאָס בעסטע ביי זיי זיינען די אידעען, די האָפענונ־גען, די אידעאַלן, וואָס זיינען אין אַ פאַרנעפּלטער פאָרם געווען ביים פאָלק.

אַ פאָלק קאָן באַגיין גרויסע פעלערן. אַזוי איז עס ווען אַ פאָלק באַוואונדערט אַ נאַפּאָלעאָן, אַ בולאַנזשע. אָבער אויב מען זאָל זיך רעכענען דערמיט, אַז אין זיין באַוואונדערן נאַפּאָלעאָנען, האָט דאָס פאָלק אַרויסגעוויזן זיין נעגאַטיווע באַציאונג צו לאַמאַר־טינס רעפּובליק און אַז דאָס איז אויך אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס אין פאַרלויף פון דריי הונדערט יאָר האָט די מלוכה און די קירך קולטיווירט ביים פאָלק דעם קולט פון אויטאָריטעט, קאָן מען פאַר־

שטיין דעם פעלער. (הערצען האָט עס אַזוי שיין און גוט געשיל־דערט, ספּעציעל אין זיין בוך "פונעם לינקן ברעג"). דעם קולט פון אויטאָריטעט האָט די מינדערהייט אינספּירירט די מאַסן (וועגן דעם זאָגן עדות די קאָמונעס פון 12־טן יאָרהונדערט און די באַ־וועגונגען פונעם 16־טן יאָרהונדערט, וואָס האָבן ניט געהאַט אַזאַ קולט).

איך האָב עס אַזוי פיל מאָל געזען ביים פּאָלק, אַזוי פיל מאָל געזען ביי איינפאַכע אַרבעטער, וואָס האָבן קוים געקאָנט שרייבן, אַזוי פיל מאָל געזען ביי איינפאַכע רוסישע פּויערים — דאָס איז ווען מען האַלט זיך מיט זיי ווי גלייכע... איך קאָן דאָס ניט באַ־שרייבן, ס'איז ניט קיין גוט ברודערשאַפט, ניט גלייכהייט, אפשר איז עס פּשוט איינפאַכקייט — אויף יעדן שריט ווערט מען דער־שטוינט פון זייער שכלדיקייט. די מאַסן פאַרמאָגן גייסט, פאַרשידן ביי יעדן אינדיווידום. באַנעמען דעם גייסט, אויפקלערן און אַנאַ־ליזירן אים איז אפשר דער גרעסטער דינסט, וואָס מען קאָן טאָן פאַר דער מענטשהייט.

איך האָב דאָס קיינמאָל ניט געקאָנט גוט אויפקלערן אין מיין שרייבן. מיין בעסטע אַרבעט אין דעם פּרט איז די סעריע אַרטיק־לען "קעגנזייטיקע הילף" (ביי חיות, ביי ווילדע, ביי די באַרבאַרן, אין דער שטאָט פון מיטלאַלטער און אין די נייע צייטן), אַכט אַר־טיקלען וואָס זיינען געדרוקט אין "ניינטינטה סענטשורי", זינט דעם סוף 1890 — דאָס לעצטע אַרטיקל איז גראָד היינט דערשינען. אין אַ יאָר אַרום וועל איך זיי דרוקן ווי אַ בוך. איך באַדויער וואָס איך האָב ניט ביי מיר די סעריע, אַפילו ניט די קאָרעקטורן. איך האָב זיי געזוכט, אָבער ניט געפונען. די "סאָסיעטע נואוועל" אין בריסל האָט איבערגעזעצט די ערשטע פיר אַרטיקלען.

הכלל, מען דאַרף פאַרענדיקן דעם דאָזיקן לאַנגן בריוו. איר פרעגט, וואָס איז דאָ געטאָן געוואָרן פאַר פּרוי סטעפּניאַק. די ענג־לישע פריינט האָבן געשאַפן צוויי הונדערט פונט, וואָס מען האָט איר איבערגעגעבן אויף דרוקן די ווערק פון איר מאַן אויף רוסיש. דאָס איז וואָס מען האָט געטאָן. זי וועט שפּעטער דרוקן דעם ראָמאַן

אויף רוסיש, איבערגעזעצט גענוג גוט פון אַ פריינט און איך האָב עס קאָריגירט אויף וויפיל עס האָט זיך געלאָזט טאָן.

טייערער הער בראַנדעס. מיר האָבן זיך מיט אייך געזען בלויז איין און איינציק מאָל, אָבער דאָס איז געווען גענוג, כדי איך זאָל דערפילן ניט נאָר באַוואונדערונג פאַר אייך, נאָר אויך פריינט־שאַפט, צו אייך און צו דער יונגיטשקער פריינדין, וואָס איך האָב אַזוי ליב פונקט ווי מיר האָבן ליב אונדזער איינציקע סאַשאַ.

מיט די בעסטע געפילן פאַר אייך ביידע,

פעטער קראָפּאָטקין.

אַ געדאַנק קומט מיר אָקאָרשט. פאַרוואָס שרייבט איר קיינמאָל ניט פאַר די ענגלישע זשורנאַלן? מען וועט אייך שטאַרק ליב האָבן אין ענגלאַנד. צוויי זשורנאַלן („ניינטין סענטשורי" און „קאָנטעמ־פּאָרערי") וואָלטן זיכער געווען באַגייסטערט צו האָבן אייערע אַר־טיקלען און דאָ זיינען דאָ אויסגעצייכנטע פריינט, וואָס וואָלטן גע־קאָנט מאַכן גוטע איבערזעצונגען. — אַליוו גאַרנעט צום ביישפּיל און אַנדערע. דאָ איז אויך פאַראַן אַ פרוי, אַ דאָקטאָר, וואָס האָט איבערגעזעצט פון שוועדיש די ביאָגראַפיע פון (סאָפיאַ) קאָוואַלעוו־סקאַיאַ און איבערגעזעצט זייער גוט. דאָס וואָלט אייך געבראַכט אַ גרויסן עולם סימפּאַטישע לייענער.

❖

מיר האָבן דאָ געבראַכט, אָן שום קיצורים, די ערשטע צוויי בריוו, פון געאָרג בראַנדעס און פעטער קראָפּאָטקין. די בריוו רעדן אַליין פאַר זיך. מען דאַרף צו זיי ניט האָבן קיין שום קאָמענטאַרן. ביידע זיינען אין דעם אייגענעם, רייפן עלטער און ביידע האָבן שוין די ביטערע און די גוטע דערפאַרונג אין לעבן הינטער זיך. געאָרג בראַנדעס איז כמעט שטענדיק געווען אַנטוישט, אָפט פאַר־ביטערט, אָבער קיין מאָל ניט געטראַכט אויפצוגעבן דעם קאַמף פאַר די אידעען, אין וועלכע ער האָט געגלויבט. פעטער קראָפּאָט־קין האָט ניט געהאַט קיין צייט פאַר זיין אַנטוישט. לעבן האָט גע־הייסן ביי אים קעמפן, גלויבן און קעמפן.

# צווייטער קאַפּיטל

אין די ערשטע טעג פון אויגוסט 1876 איז קראָפּאָטקין אָנגעקומען פון פינלאַנד און נאָרוועגן אינעם ענגלישן פּאָרט הול, אונטער דעם פאַרשטעלטן נאָמען אַלעקסיי לעוואַשאָוו. די רוסישע און דייטשע פּאָליציי האָבן אים אַרומגעזוכט אין מזרח־דייטשלאַנד, זייענדיק זיכער, אַז דער אַנטלאָפענער באַהאַלט זיך דאָ אויס. ער האָט אָבער ניט געקענט מיטאַמאָל אַריבערפאָרן קיין לאָנדאָן, ווייל רוסישע אָכראַנע־אַגענטן וואָלטן אים דאָ געקענט טרעפן. ער באַזעצט זיך אין עדינבורג, לעבט באַשיידן און אָפּגעזונדערט און ערשט שפּעטער, אַלץ אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען, באַקומט ער וויכטיקע ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע פאַרבינדונגען — ביז מען באַקומט צו וויסן ווער דער יונגער וויסנשאַפטסמאַן איז: ער ווערט געבעטן צו שרייבן וועגן עטלעכע רוסישע ביכער, וועלכע זיינען אַרויס אונטער זיין אמתן נאָמען.

צוואַנציק יאָר שפּעטער, ווען געאָרג בראַנדעס באַקאַנט זיך מיט פּעטער קראָפּאָטקין, אין הויז פון סטעפּניאַק, איז די וועלט אַן אַנדערע. עס איז אַן אַנדער רוסלאַנד און די צוויי נייע פריינט זיינען גרויסע וועלטבאַרימטע דענקער, מען קען זאָגן צוויי גרויסע אידעען־פירער.

זומער 1896 האָט דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל אָפּגעהאַלטן אין לאָנדאָן יענעם היסטאָרישן קאָנגרעס, וואָס אויף אים האָט די מערהייט דורכגעפירט די רעזאָלוציע אויסשליסן פונעם קאָנגרעס די אַנאַרכיסטן און איבעררייסן מיט זיי אַלע באַציאונגען. די אַנאַרכיסטן האָבן דעמאָלט אַראַנזשירט אַ ריי מיטינגען און,

פאַרשטייט זיך, אַז קראָפּאָטקין איז אויף די פאַרזאַמלונגען געווען איינער פון די הויפּט־רעדנער.

ביידע, געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין, האָבן אין יענעם פּעריאָד איבערגעלעבט יאָרן פון אינטענסיווער אַקטיוויטעט. עס האָט פוןביידן ממש געשפּרודלט מיט גייסטיקייט, וואָס איז געווען פּונקט אַזוי רייך ווי אוניווערסאַל; ביידע האָבן זיי דעמאָלט רעאַגירט אויף אַלע וויכטיקע אַקטועלע געשעענישן. חוץ זיינע גרויסע ליטעראַרישע ווערק, האָט בראַנדעס דעמאָלט געדרוקט אויך פּאָליטישע אַרטיקלען אין דער באַרימטער קאָפּענהאַגענער צייטונג "פּאָליטיקען", געגרינדעט פון זיין ברודער עדוואַרד, אַ באַקאַנטער סעמיטאָלאָג, אַ פּובליציסט און דראַמאַטורג.

פּעטער קראָפּאָטקין איז דעמאָלט באַקאַנט געוואָרן ווי אַ באַרימטער געאָגראַף. אַ יאָר נאָך דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס איז ער אויפגעטראָטן מיט וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע פאָרטראַגן אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, אויף דער יערלעכער קאָנפערענץ פונעם "בריטישן פאַרבאַנד פאַר וויסנשאַפטלעכן פּראָגרעס".

אַ קורצע צייט נאָך דעם סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן, שרייבט קראָפּאָטקין צו בראַנדעסן, וועלכער האָט יענעם זומער באַזוכט לאָנדאָן.

## קראָפּאָטקינס בריוו צו בראַנדעסן

אוסט קאָרנוואָרטהי, נאָענט צו טאָטנעס,
דעוואָן, 21 אויגוסט, 1896.

"טייערער הער בראַנדעס,

ווידער געהאַנדלט ניט ריכטיק, אייך ניט געשריבן אַזאַ לאַנגע צייט. דער קאָנגרעס אין לאָנדאָן האָט ביי אונדז צוגענומען די גאַנצע צייט און ווען איך בין שוין אַוועק פון בראָמלי כדי דאָ, אינעם קליינעם דאָרף זיך אָפּרוען, האָט עס גענומען פופצן טעג ביז איך בין פּטור געוואָרן פון דער קראַנקייט — די זעלביקע קראַנקייט, וואָס איך האָב שוין פריער געהאַט.

איך דאַנק אייך האַרציק פאַר אייער פיינעם סואווענירר —
דאָס ווערטערבוך *) — און פאַר אייערע "איינדרוקן פון לאָנדאָן".

מיט דער הילף פונעם גרויסאַרטיקן ווערטערבוך (ס'איז אויס־געצייכנט), וועל איך אייך קאָנען לייענען (אייערע אַרטיקלען) און דאָס וועט זיין פאַר מיר אַ ניי פאַרגעניגן. אייערע "איינדרוקן" האָב איך שוין געלייענט און איך דאַנק אייך פיל מאָל פאַר די גוטע ווערטער, וואָס איר האָט מיר דאָרט געווידמעט. איר דערציילט אַזוי לעבעדיק וועגן אייער באַזוך ביי סטעפּניאַקן, אַז זיין גאַנצע פיינע געשטאַלט שטייט פאַר מיינע אויגן ווי לעבעדיק. איך בעסער איצט אויס, בשותפות מיט פרוי סטעפּניאַק, וואָס געפינט זיך אַלץ אין קראָקהעם היל, אין קענט, די רוסישע איבערזעצונג פון זיין "דאָס לעבן פון אַ ניהיליסט". די איבערזעצונג איז געמאַכט אין רוסלאַנד פון אַ פריינדין, וואָס באַהערשט ניט די שפּראַך גענוג גוט און דאָס פאַרריכטן (פון דער איבערזעצונג) גייט אַן אומגלייבלעך־לאַנגזאַם. עס זיינען אינגאַנצן נאָר פיר דרוקבויגן.

וואָס מיך וואונדערט איז צו זען וויפיל דער ראָמאַן געווינט, ווען מען לייענט אים אויף רוסיש, אַפילו מיט די פעלערן פון דער איבערזעצונג. ער איז דאָך געשריבן אויף ענגליש, אָבער ער איז אַזוי רוסיש אין זיין געבוי און אין דעם זין פון יעדער פראַזע, אַז דאָס וואָס קלינגט אַזוי מערקווירדיק אויף ענגליש איז אויף רוסיש גאַנץ נאַטירלעך.

ווי ריכטיק זיינען אייערע באַמערקונגען וועגן לאָנדאָן, וועגן דער ענגלישער קונסט! איך האָב געזען "ראָמעאָ און דזשוליעט" מיט אירווינג און העלען טערי און זיכער וואָלט איך אויך גע־מאַכט די זעלביקע באַמערקונגען — ווי קאַלט די "דזשוליעט" איז, איר עלטער, דאָס פעלן פון דראַמאַטישקייט. וואָס ס'איז שייך אירר־ווינגס־ראָמעאָ איז ער געווען מיזעראַבל! ס'איז זייער אינטעליגענט (ווען מען הערט אים, פאַרשטייט מען די לאַנגע מאָנאָלאָגן פון ראָ־מעאָ דעם אמתן איטאַליענער מיטן שטראָם איטאַליענישע ווער־

*) קראָפּאָטקין האָט זיך גענומען לערנען דעניש, כדי צו קענען לייענען די ווערק פון בראַנדעס אין אָריגינאַל, ד. ה. אין דעניש.

טער), אָבער וואָס פאַר אַ האַרטע שטימע? ער שפּילט שעקספּיר, בעת דאָס וואָס שעקספּיר זאָגט, איז שוין גענוג. אָן דעם אַז מען זאָל עס דאַרפן שפּילן. אָבער וואָס וואָלט געשען איר זאָלט געווען זען אוירווינגס שפּילן מעפיסטאָפעלן אין ״פאַוסט״! איך בין אַנט־לאָפן נאָכן צווייטן אַקט און אינדערהיים האָב איך געזאָגט מיין פרוי, אַז איך וואָלט שוין בעסער געוואָלט זען די קאַריקאַטור פונעם ״קליינעם פאַוסט״, וואָס מען האָט געשפּילט אין לאָנדאָן. (דער ״קליינער פאַוסט״ איז אַן אָפּעראַ־בוף פון 1869 מיט דער מוזיק פון הערווע, אַ פּאַראָדיע אויף גונאָס אָפּערע). וועגן די אַנדערע — האָט איר אַליין שוין געזאָגט.

מיר געפינען זיך איצט אין אַ גאַנץ קליינעם דאָרף, ביים דאָרט, אין אַ וואונדער־שיינער געגנט, צווישן מענטשן וואָס מיר האָבן זייער ליב. אונדזער קליינע סאַשאַ פירט אַ האַלב־ווילד לעבן מיט די מיידעלעך פונעם דאָרף. זי איז דאָ מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן. מיין פרוי פילט זיך זייער גוט. איך מוז זיך אָבער אומקערן קיין לאָנדאָן, כדי אַ וואָך צייט אַרבעטן אינעם בריטישן מוזעאום. דער־נאָך קום איך צוריק קיין בראָמלי.

ווען זעען מיר זיך ווידער, טייערער הער בראַנדעס. מיין פרוי און איך, אַפילו סאַשאַ און ראַזאַ? מען האָט אייך אַזוי ליב, אַז ס׳וועט פאַר אונדז זיין אַ גרויס, גאָר אַ גרויס פאַרגעניגן, אייך ווידער צו זען אין לאָנדאָן. מיר אַלע דאָ שיקן אונדזערע בעסטע גרוסן אייך און אונדזער יונגער פריינדין עדיטה.

אייער פּ. קראָפּאָטקין

האָט איר אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דער ייִנגער בעלגישער ליטעראַטור? איך האָב איבערגעלייענט ד׳אָיקהודס ״בי־טערן ציקל״. ער מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ גרויסן טאַלאַנט — אמת פלעמישע בילדער, אויב זיי זיינען אַפילו דאָ און דאָרט שלעכט פּרעזענטירט אין די לעצטע סקיצן פונעם בוך.

גראָד האָט אין יענער צייט בראַנדעס זיך באַשעפטיקט ניט בלויז מיט דער בעלגישער ליטעראַטור, נאָר אויך — דער עיקר —

מיט די פּאָליטישע קאַמפּן אין בעלגיע. ס'איז אים געווען צום האַרצן דער קאַמף קעגן דער וואַלאָנער מאַיאָריטעט, וואָס די פלעמישע מינאָריטעט האָט געפירט פאַר איר גלייכבאַרעכטיקייט, פּונקט ווי ער איז שאַרף און סיסטעמאַטיש אויפגעטראָטן פאַר דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון די אַרמעניער, וואָס האָבן שרעקלעך געליטן פון דער אַלטער טערקיי, אַזוי האָט ער אויך געקעמפט פאַר פּוילן קעגן דעם סאָוויעטישן רוסלאַנד. די ליידן פון די פלעמער אין בעלגיע, אין סאַמע צענטער פון אייראָפּע, זיינען ניט גענוג באַקאַנט געווען מחוץ די גרענעצן פון בעלגיע און בראַנדעס האָט גענומען שרייבן וועגן דעם. דאָס זיינען געווען די יאָרן נאָך דעם בערלינער קאָנגרעס אין 1878, ווען געאָרג בראַנדעס האָט געוועקט דעם אינטערעס פון אייראָפּע צו די ליידן פון די יידן אין רומעניע. אַ שרייבער מיט אַ וועלט־נאָמען, ווערט געאָרג בראַנדעס באַקאַנט ווי דער אומדערמידלעכער און אומקאָמפּראָמיסלאָזער באַשיצער פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. דער רוב לייענער זיינע געפינען זיך אין רוסלאַנד, אין דייטשלאַנד, אָבער דאָס שטעלט ניט אָפּ זיינע אַטאַקעס קעגן די רעגירונגען פון אָט די לענדער, קעגן רוסלאַנד, פאַר דער אונטערדריקונג פון פינלאַנד, קעגן דייטשלאַנד־פּרייסן פאַר דער ברוטאַלער באַהאַנדלונג פון דער דענישער מינדערהייט אין די פּריי־ערדיקע דענישע פּראָווינצן שלעזוויג און האָלשטיין, איצט אַ טייל פון פּרייסן. בראַנדעס האָט אין בערלין גופא עפנטלעך געהאַלטן שאַרפע רעדעס קעגן דעם דייטשן רעזשים. ניט יעדן האָט מען עס דערלויבט.

אָט די ראָל פון אַ פּאָליטישן קעמפער קעגן דער אונטערדריקונג פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, שטעלט אים אויך פּנים לפּנים מיט אַ גרויסע צאָל קעגנער. אין דענעמאַרק גופא האָט ער ניט ווינציק ערנסטע שונאים. דאָס שרעקט אים אָבער ניט אָפּ, פאַרקערט, ער איז צופרידן דערמיט וואָס ער האָט אַרויסגערופן אַזאַ קעגנערשאַפט, דאָס איז פאַר אים געווען דער בעסטער באַווייז ווי ביי אַ סך אונטערדריקער איז דאָס געוויסן ניט געווען אינגאַנצן ריין.

די אינטימע פריינטשאַפט צווישן קראָפּאָטקין און בראַנדעס איז ניט געווען דער רעזולטאַט בלויז דערפון, וואָס דער לעצטער האָט

זיך באַגייסטערט פאַר דער פּערזענלעכקייט פונעם רוסישן דענקער, פאַר זיין ענציקלאָפּעדישער בילדונג, פאַר זיין הומאַניזם און פון דעם וואָס ער אַליין, בראַנדעס, איז אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן קראָפּאָטקינען. בראַנדעס האָט געהאַט אַ טיפן אינטערעס פאַר דער רוסישער ליטעראַטור און אירע בויער. ער איז געווען אין רוסלאַנד און פּערזענלעך געקענט אַ סך רוסישע מענטשן פון ראַנג. אין 1909 האָט מען אין מאָסקווע אויפגעשטעלט אַ גאָגאָל־מאָנומענט. בשעת די פייערונגען, האָט פּראָפעסאָר אַלעקסעי וועסעלאָווסקי איבערגע־לייענט אַ רעדע פון געאָרג בראַנדעס אויף פראַנצויזיש. אין זיין אַנאַליז פון גאָגאָלס ווערק, פון זיינע ערשטע קורצע דערציילונגען ביז צום "רעוויזאָר" און צו "די טויטע נשמות", האָט בראַנדעס מיט אויסנעמיקער ברייטקייט און טיפן וויסן דערמאָנט פּושקינען, בע־לינסקין, סאַלטיקאָוון, דאָסטאָיעווסקין און געמאַכט ביז גאָר וויכטיקע פאַרגלייכן צווישן זיי און די מייסטערס פון אַנדערע וועלט־ליטע־ראַטורן; מען האָט געמוזט איינזען, אַז בראַנדעס איז גוט באַהאַוונט אין דער רוסישער ליטעראַטור. נאַטירלעך האָט דאָס געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער פריינטשאַפט צווישן די קראָפּאָטקינס און בראַנדעסן.

אַן אויסערגעוויינלעכע באַגייסטערונג האָט ביי די קראָפּאָטקינס אַרויסגערופן דער אַרטיקל וואָס געאָרג בראַנדעס האָט נאָך טור־געניעווס טויט אָפּגעדרוקט אינעם נאָרוועגישן בלאַט "מאָרגענבלאַ־דעט", פונעם 11־טן און 12־טן סעפּטעמבער 1883 און וואָס איז שפּעטער פאַרעפנטלעכט אין "דער מאָדערנער גייסט". אין אַ בריוו פון 6־טן אַפּריל 1897, שרייבט

## סאָפיע קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעסן:

"...דערמאָנט איר זיך, וואָס טורגעניעוו האָט געזאָגט ביים פאַרלאָזן דעם מוזעאום, וואוהין ער איז געקומען זען די באַרעליעפן, אויסגעגראָבן אין פּערגאַם? "ווי גליקלעך איך בין", האָט ער געזאָגט, "וואָס איך האָב זיי געזען איידער איך וועל שטאַרבן". און איך וועל באַנוצן די אייגענע ווערטער: נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעלייענט

דאָס וואָס איר האָט געשריבן וועגן טורגעניעוון, און איך וועל צו אָט די ווערטער גאָרניט צוגעבן. איך האָב געלייענט וואָס איר האָט געשריבן, בין שטאַרק גערירט, און מיט דאַנק צו אייך..."

דער אמת איז, אַז בראַנדעס האָט במשך צענדליקער יאָרן ניט אויסגעלאָזט אויסן אויג טורגעניעווס ליטעראַריש שאַפן. אין זשור־נאַל וואָס ער און זיין ברודער עדוואַרד האָבן אַרויסגעגעבן אין קאָפּענהאַגען — "דאָס נייַנצנטע יאָרהונדערט", האָט ער שוין אין יוני 1875 געשריבן וועגן טורגעניעווס גרויסע ראָמאַנען "רויך" ("דים") און "די אַדעל־נעסט" ("דוואָריאַנסקאָיע גניעזדאָ"). ער האָט דעם מערב־אייראָפּעאישן לייענער אויפגעקלערט וואָס סע מיינען די הויפּט־פיגורן פון די ראָמאַנען, די ביטערע לאַגע פונעם רוסישן פויערטום און די אומבאַקאַנטע אידעאָלאָגיע פון "ניהיליזם", ווי אַ ספּעציפיש רוסישע דערשיינונג...

אין ציטירטן בריוו שטעלט זיך סאָפיע קראָפּאָטקין דערנאָך אָפּ אויף גאָר אַן אַנדער פּערזאָן און גאָר אַן אַנדער פּראָבלעם וואָס צו אים האָט געאָרג בראַנדעס געהאַט זייער אַ נאָענטע שייכות — דער ענגלישער פילאָסאָף דזשאָן סטיואַרט מיל, דער קעמפער פאַר פרויען־עמאַנציפּאַציע.

איידער מיר ברענגען דאָ דעם המשך פון סאָפיע קראָפּאָטקינס רירנדיקן בריוו, מוזן מיר באַקענען דעם לייענער מיט אַ פּאָר וויכטיקע און אינטערעסאַנטע פאַקטן.

געאָרג בראַנדעס האָט זיך מיט דעם ווערק פון דזשאָן סטיואַרט מיל גוט באַקאַנט נאָך זייענדיק גאָר אַ יונגערמאַן. ער האָט איבער־געזעצט אויף דעניש מילס באַרימט בוך "די שקלאַפעריי פון די פרויען" ("דהי סובדזשעקשאָן אָוו ווימען"). דאָס בוך איז דערשינען אויף דעניש סוף 1869 און האָט אַרויסגערופן אַ היציקע פּאָלעמיק, לאַנגע דיסקוסיעס. הענריק איבסען, דער מחבר פון "נאָראַ", האָט אייגנטלעך פאַרטיידיקט די זעלביקע אידעען וואָס מיל האָט פּראָקלאַ־מירט, אָבער ער האָט ניט שטאַרק ליב געהאַט, ניט מילן און ניט זיין בוך. אָבער צווישן מילן און דעם יונגען בראַנדעס האָט זיך

אָנגעהויבן אַ קאָרעספּאָנדענץ און אַ פּערזענלעכע באַקאַנטשאַפט. דורך אגב, די באַקאַנטשאַפט צווישן דעם, צו יענער צייט, באַרימטן ענגלישן דענקער און דעם יונגן און זייער שטורמישן דעניש־יידישן פּובליציסט, האָט זיך אָנגעהויבן אויף אַ גאַנץ מערקווירדיקן אופן. דער יונגערמאַן, האָט שוין אויך געהאַט אַ שטיקל נאָמען ביי זיך אינדערהיים, ערשט געענדיקט דעם אוניווערסיטעט מיט אַ גאָל־דענעם מעדאַל און איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין פּאַריז. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 28 יאָר. אין אַ שיינעם פרימאָרגן, יולי 1870, האָט צו אים, אין זיין באַשיידן קליין צימערל, אין אַ קליינעם האָטעל אויפן לינקן ברעג פון דער סענע, אַרויפגעקלעטערט אַן עלטערער מאַן און זיך נאָכגעפרעגט אויף בראַנדעסן — דאָס איז געווען דזשאָן סטיואַרט מיל. די באַקאַנטשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן מיטן פאַרבעט צו קומען קיין לאָנדאָן, דאָס איז געווען בראַנדעס׳ ערשטער באַזוך אין לאָנדאָן. דער ענגלישער פילאָסאָף האָט באַקומען ניט נאָר אַן ערנסטן און איבערגעגעבענעם תלמיד, נאָר אויך אַ באַגייסטערטן אַגיטאַטאָר און קעמפער. בראַנדעס איז אויך געווען דער, וואָס האָט אין סאַמע אָנהייב אויסגעקעמפט דעם וועג פאַר הענריק איבסען: ״נאָראַ״ און ״העדאַ גאַבלער״ זיינען צוערשט אויפגעפירט געוואָרן ניט אין נאָרוועגן, נאָר אין קאָפּענהאַגען. בראַנ־דעס איז געווען דער אמתער פאָנען־טרעגער פאַר דעם נאָרוועגישן דראַמאַטורג וואָס איז גראָד ביי זיך אינדערהיים ניט געווען דער־פאַלגרייך.

מע קאָן דעריבער פאַרשטיין די ווערטער פון סאָפיע קראָפּאָטקין אין איר פריער דערמאָנטן בריוו צו געאָרג בראַנדעסן:

״די אייגענע געפילן פון דאַנקבאַרקייט באַהערשן מיך, ווען איך לייען דאָס וואָס איר שרייבט וועגן דזשאָן סטיואַרט מיל. עס דאַרף אייך ניט וואונדערן וואָס אַ רוסישע פרוי איז אַזוי ליידנ־שאַפטלעך אינטערעסירט אין אַן ענגלישן פילאָסאָף, ווען מען דערמאָנט זיך וואָס פאַר אַ כאַראַקטער עס טראָגט אין רוסלאַנד די באַוועגונג פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון דער פרוי, פאַרשטייט

מען וואָס דזשאָן סטיואַרט מיל באַטייט פאַר אונדז. אין זייער קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט, האָבן רוסישע פּרויען הויך געטראָגן די פאָן פון אומאָפּהענגיקייט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, אַזוי ווי מיל האָט עס פאַרשטאַנען. בעת מען האָט דערשטיקט דאָס קול פון אונדזערע פאַרטיידיקער, פון דער פרייהייט, אין די גרובן און שניי־פעלדער פון סיביר, האָט מען ניט געקאָנט דערשטיקן די דערהויבענע רייד פון אַן ענגלישן שרייבער, די רייד וואָס וועקן דעם גייסט און דאָס האַרץ פון אונדזער יוגנט. ווי איר ווייסט, האָט אַ גרויסער טייל פון דער דאָזיקער יוגנט געענדיקט איר לעבן ווי מאַרטירער, אין קאַמף פאַר דעם גליק פון דער גרויסער מענטשלעכער משפּחה. דאָס איז די סיבה פאַרוואָס איך לייען ווידער און ווידער אַמאָל די פיינע שורות וועגן דזשאָן סטיואַרט מיל..."

דער וואָס איז ווען ס׳איז געשטאַנען נאָענט צו געאָרג בראַנדעס ווייסט, וואָס פאַר אַ פייער די ווערטער פון סאָפיע קראָפּאָטקין האָבן געמוזט אָנצינדן אין האַרצן פון דעם סענסיטיוון, אָבער ניט סענטי־מענטאַלן דעניש־יידישן דענקער. די דענישע ליטעראַטור איז באַ־רייכערט געוואָרן מיט אַ ריי איבערזעצונגען פון מילס ווערק. אַ סך האָט געהאַט צו זאָגן די שטימע פון דעם דענישן פילאָסאָף העפדינג, וואָס איז אויך געווען אַ באַוואונדערער פון דזשאָן סטיואַרט מיל, אָבער עפעקטיווער פון אַלעמען איז געווען דאָס וואָרט פון געאָרג בראַנדעס, וואָס האָט זיך אַליין געקאָנט באַגייסטערן און אַרויסרופן באַגייסטערונג ביי זיינע צוהערער און לייענער. דאָס איז געווען דער מאַגנעטיזם, וואָס האָט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער קראַפט אים צוגעצויגן צו די קראָפּאָטקינס.

# דריטער קאַפּיטל

שווער איז געווען דער איבערגאַנג פונעם מיטלאַלטער צו די נייע צייטן: דער גייסטיקער, דער פּאָליטישער און מער פון אַלץ דערווירטשאַפטלעכער, דער אינדוסטריעלער. דער טעכנישער פּראָגרעס און די אָנזאַמלונג פון גרויסע פּראָפיטן אין די פאַרמעגלעכע קלאַסן האָט ניט באַדייט קיין פאַרבעסערונג פון דער האָפנונגסלאָזער, מיזע־ראַבלער לאַגע פון די אָרימע קלאַסן. יעדער פאַרזוך זייערער צו רעוואָלטירן איז אומברחמנותדיק דערשטיקט געוואָרן, אָבער זייער צאָרן איז געוואַקסן. לאָמיר דאָ דערמאָנען דאָס באַרימטע ליד פון היינריך היינע "די שלעזישע וועבער":

"אין פינצטערן אויג קיין טרער ניט צו זען,
זיי זיצן ביים וועבשטול און קריצן די ציין:
"דייטשלאַנד, מיר וועבן דיין טויטנטוך,
מיר וועבן אַריין דעם דרייפאַכן פלוך —
מיר וועבן, מיר וועבן!
"אַ פלוך דעם גאָט, צו וועמען אין נויט
מיר האָבן געבעטן, געזעסן אָן ברויט:
מיר האָבן אומזיסט געהאָפט און געוואַרט;
מען האָט אונדז פאַרלאַכט און פאַרשפּאָט און גענאַרט —
מיר וועבן, מיר וועבן!
"אַ פלוך דעם הערשער, דעם הערשער פון רייך,
וואָס אונדזער פרייד און לייד זיינען אים גלייך,

וואָס רויבט אונדזער אַרבעט און זויגט אונדז און שינדט,
און לאָזט אונדז אַצינדער דערשיסן ווי הינט —
מיר וועבן, מיר וועבן!
"דאָס שיפל פליט, דער וועבשטול קראַכט,
מיר וועבן פלייסיק טאָג און נאַכט —
אַלט־דייטשלאַנד, מיר וועבן דיין טויטנטוך,
מיר וועבן אַריין דעם דרייפאַכן פלוך,
מיר וועבן, מיר וועבן!"

היינריך היינע, אַ וואַרימער אָנהענגער פון סען סימאָניזם, וועלכער האָט געזען דעם אויפקום פון דער דאָזיקער קוואַזי־סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג און איר אונטערגאַנג, האָט אין דעם ליד נאָר איבערגעגעבן דעם טיפן צאָרן פון די פאַראָרימטע מאַסן, אָבער דאָס לעבן, פול מיט פיין און ליידן, האָט געזוכט אַן אויסוועג. קיין אויסוועג איז ניט געווען און דעריבער האָט איין אויפרייס געפאָלגט נאָך דעם אַנדערן. די אומגליקלעכע האָבן געמיינט, אַז דאָס פּראָבלעם קען פאַרענטפערט ווערן מיט טעראָר.

במשך די לעצטע צען יאָר פונעם פריערדיקן יאָרהונדערט האָט מערב־אייראָפּע איבערגעלעבט אַ ריי סענסאַציאָנעלע טעראָ־ריסטישע אַטאַקעס. מערץ 1892, האָט ראַוואַשאָל, וואָס זיין אמתער נאָמען איז געווען פראַנסואַ קעניגשטיין, געוואָרפן אַ באָמבע אין פּאַריז אויף דער געביידע וואו עס האָבן זיך געפונען די ריכטער פון די פּראָצעסן קעגן אַנאַרכיסטן. אין חודש יולי פונעם זעלביקן יאָר, איז אויסגעפירט געוואָרן דער טויט־משפט איבער ראַוואַשאָלן.

דעם 9־טן דעצעמבער 1893, האָט וואַיאַן געוואָרפן אַ באָמבע אין פּאַריז, אין פּאַרלאַמענט. צוויי חדשים שפּעטער האָט מען איבער אים אויסגעפירט דעם טויט־אורטייל.

דעם 24־טן יוני 1894, האָט דער איטאַליענישער אַנאַרכיסט קאַזעריאָ דערהרגעט אין ליאָן, פראַנקרייך, דעם פראַנצויזישן פּרע־זידענט קאַרנאָ. צוויי חדשים שפּעטער איז קאַזעריאָ גיליאָטינירט געוואָרן.

דעם 10־טן סעפּטעמבער 1898, האָט דער איטאַליענישער אַנאַר־

כיסט לואידזשי לוטשעני דערהרגעט אין זשענעווע די עסטרייכישע קייזערין עליזאַבעט. לוטשעני איז אין 1910 געשטאָרבן אין אַ שווייצאַרישער תפיסה.

אין שייכות מיט אַ העכערונג פון די פּרייזן אויף ברויט, זיינען, 1898, אין איטאַליע אויסגעבראָכן אומרוען, וואָס די מאַכט האָט דערדריקט מיט ברוטאַלע רעפּרעסיעס.

פינצטערע נייעס פון רוסלאַנד האָבן צירקולירט לאַנג פאַרן מאָרד פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, אין 1881. די רעאַקציע האָט געהערשט אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך. די אָטאָמאַן־אימפּעריע פונעם "רויטן", בלוטיקן טערקישן סולטאַן, האָט מיט זיך פאָרגע־שטעלט אַ שוואַרצן פלעק. די לופט אין אייראָפּע איז געווען אָנגע־לאָדן מיט פּולווער. מ׳איז געשטאַנען פאַרן צוזאַמענברוך פון די גרויסע אימפּעריעס. קלאָר איז אָבער די לאַגע ניט געווען.

די באַקאַנטשאַפט צווישן געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָ־פּאָטקין וואָס איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ טיפער און ערנסטער, קאָן מען פאַרשטיין און אָפּשאַצן נאָר ווען מען האָט אין זינען די דעמאָלטיקע אַלגעמיינע פּאָליטישע און סאָציאַלע לאַגע אין אייראָפּע. ביידע, בראַנדעס און קראָפּאָטקין, זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין די גרויסע אַלגעמיינע הומאַניטאַרע און סאָציאַלע פּראָבלעמען, אין זייער אַנטוויקלונג אין דער צוקונפט.

האַרבסט 1898, האָט דער דענישער דיכטער יאָהאַנעס יאָרגענסען, אַ קאַטוילישער קוואַזי־מיסטיקער — זייער אַ זעלטענע דערשיינונג אינעם פּראָטעסטאַנטישן צפון־אייראָפּע — אָפּגעדרוקט אין דער גרויסער קאָנסערוואַטיווער צייטונג "נאַציאָנאַלטידענדע" אַן אַרטיקל אונטערן קעפּל: "דער פאַקטישער פאַרברעכער". דער וואָס האָט דערהרגעט די קייזערין עליזאַבעט, האָט יאָרגענסען געשריבן, איז געווען ניט מער ווי אַן אינסטרומענט אין די הענט פון די אַנאַר־כיסטישע אָנפירער, ווי קראָפּאָטקין. שולדיק זיינען אָבער אויך די יעניקע, וואָס זינגען פאַר אים שבחים, אין ערשטער ריי — געאָרג בראַנדעס.

דאָס איז נאָר איינס פון די פּערלען אין דער אַנטי־קראָפּאָטקין און דער אַנטי־בראַנדעס קאַמפּאַניע.

אין אַן אַרטיקל אין דער ליבעראַלער צייטונג ״פּאָליטיקען״, מיט עטלעכע טעג פריער, האָט בראַנדעס באַצייכנט דעם מאָרד ווי אַ שווידערלעכן, משוגענעם אַקט. ער האָט אונטערגעשטראָכן די אינטעליגענץ און קולטור פון דער דערמאָרדעטער קייזערין, איר אינטערעס פאַר פּאָעזיע, באַזונדערס פאַר היינריך היינע; זי האָט אפילו באַשטעלט ביים דענישן סקולפּטאָר האַסעלרים אַ היינע־סטאַטוע וואָס זי האָט אַוועקגעשטעלט אין איר שלאָס אַכילעיאָן אויף קאָרפו.

ווי אַ פּאָליטישער שרייבער איז געאָרג בראַנדעס תמיד געווען אַ מענטש פון גרויסן קוראַזש. ער האָט זיך ניט גערעכנט מיט די רכילות וואָס מען האָט בייזוויליק און סיסטעמאַטיש פאַרשפּרייט וועגן אים און אויך ניט מיט סטראַשונקעס. דאָס האָט ער באַוויזן ניט נאָר אויף די עלטערע יאָרן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט געהאַט דעם גרויסן קאָנפליקט מיט זיין אַלטן פריינט קלעמאַנסאָ, נאָר אויך סוף פריערדיקן יאָרהונדערט בעת דער שאַרפער דעבאַטע וועגן אַנאַרכיזם און די אַנאַרכיסטישע וואָרטזאָגער. אין אַ סעריע אַרטיקלען אין ״פּאָליטיקען״ שרייבט ער וואָרעם וועגן דער פּערזענלעכקייט פון פּעטער קראָפּאָטקין (דעם 26־טן סעפּ־טעמבער 1898, דעם 5־טן אָקטאָבער א. א. וו.) בראַנדעס פּראָטעס־טירט קעגן דער שרייבעריי פון יאָהאַנעס יאָרגענסען און קעגן דער גאַנצער העצע, וואָס ער שטעמפּלט ווי אַ געמיינע פאָרם פון דע־מאַגאָגיע.

ווי געזאָגט, איז בראַנדעס צוגעוואוינט געווען צו אַ פּערמאַ־נענטער קאַמפּאַניע קעגן אים זינט ער האָט געהאַלטן זיין ערשטע לעקציע אין קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט: די לעקציע איז געווען געווידמעט דעם פראַנצויזישן נאָוועליסט פלאָבער, דעם מחבר פון דעם באַרימטן ראָמאַן ״מאַדאַם באָוואַרי״. די קאָנסערוואַטיווע פּרעסע איז אַרויס אויף מאָרגן מיט אַ געשריי, אַז דער יונגער פּראָפעסאָר האָט געפּרעדיקט ״פרייע ליבע״. בראַנדעס האָט תיכף געענטפערט, אַז ער האָט אין זיין לעקציע ניט גערעדט וועגן ליבע, ניט נאָר וועגן ״פרייער ליבע״, נאָר בכלל וועגן קיין שום ליבע. זיין דער־

קלערונג האָט אָבער ניט געהאָלפן און די העצע וועגן פרייער ליבע איז אָנגעגאַנגען יאָרנלאַנג.

נאַטירלעך האָט אַ גרויסע ראָל געשפּילט דאָס וואָס בראַנדעס איז געווען אַ ייד. אַ נאָרוועגישער פּראָטעסטאַנטישער גלח, שפּעטער אַ בישאָף, האָט געדרוקט אַ גרויסע אָפּהאַנדלונג, אין וועלכער ער האָט געזאָלט באַווייזן, אַז די גאַנצע ליטעראַרישע אַקטיוויטעט פון געאָרג בראַנדעס האָט נאָר איין צוועק — אונטערגראָבן און פאַר־ניכטן דאָס קריסטנטום.

איז דעריבער ניט קיין וווּנדער, וואָס די כוואַליע מיט טעראָ־ריסטישע אַקטן איז פאַר די העצערס געווען אַ פיינער ביסן און בראַנדעס איז קיינמאָל ניט געווען איבעראַשט, ווען די קאַמפּאַניע קעגן אים איז צעבלאָזן געוואָרן.

אַ גרויסע שטערונג פאַר דער אַרבעט פון אונזערע ביידע קאָ־רעספּאָנדענטן איז געווען זייער אָפטע קראַנקהייט. אי קראָפּאָטקין, אי בראַנדעס האָבן געליטן פון פאַרשידענע קראַנקהייטן זייער אָפט און זייער לאַנג. עס איז צו באַוואונדערן זייער אויסגעהאַלטנקייט און דעם געוואַלטיקן דראַנג צו אַרבעט. דער פּראָצעס פון זייער שאַפן איז אַ ספּעציעלער פענאָמען.

## פעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמליי, קענט.
דעם 28 יוני 1898.

טייערער הער בראַנדעס,

האָט חלילה ניט קיין פאַראיבל וואָס עס זיינען שוין אַוועק יאָרן זינט איך האָב אייך געשריבן. פאַר מיר ליגט איצט אַ לאַנגער בריוו, איך גלייב, אַז איך האָב אים אָנגעשריבן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. דער בריוו איז ניט פאַרענדיקט און ניט געווען אַוועקגעשיקט; און אַ צווייטער בריוו צו מיס בראַנדעס, אויך ניט פאַרענדיקט און אויך דאָ געבליבן. האָט ניט קיין פאַראיבל. די גאַנצע צייט האָב איך געאַרבעט, שטענדיק געשריבן, צופיל געשריבן, הגם איך בין ניט

געווען געזונט, באַזונדערס ווינטער צייט, און טאַקע ערנסט קראַנק. אויב אַ צופאַל וואָלט מיך ניט געבראַכט קיין קאַנאַדע, אין שייכות מיט ענינים פון דער "בריטישער פעדעראַציע פאַר וויסנשאַפטן", און דערנאָך אַ קורצע צייט איבער די פאַראייניקטע שטאַטן מיט פאַרטראַגן וועגן אַנאַרכיזם (אין פילאַדעלפיע און אין ניו־יאָרק זיינען צו יעדן פאַרטראַג געקומען איבער פינף טויזנט מענטשן), וואָלט איך מן הסתם געווען שלעכט געענדיקט. אָבער די דריי חדשים פונעם קאָנגרעס, די רייזע איבערן אַטלאַנטיק און שפּעטער איבערן גאַנצן קאָנטינענט ביז וואַנקואווער און איבער די סטעפּעס פון מאַניטאָבאַ, האָבן מיך צוריק געבראַכט צום לעבן.

איך האָב אייך אַזוי פיל צו זאָגן, אַז איך ווייס ניט פון וואָס אָנצוהייבן. פריער פון אַלץ, טויזנטער מאָל אַ דאַנק אייך פאַר אייער שיינער הקדמה צום בוך "די דעראָבערונג פון ברויט". ס'איז אַזוי פיין פון אייער זייט געבן זיך די מי צו שרייבן — איך בין זייער שטאָלץ דערויף, און איך דאַנק אייך פילמאָל. און דערצו נאָך אַ הקדמה וואָס וועגן איר האָבן איך אייך געשריבן מיט אַ צוויי־דריי וואָכן צוריק.

איר ווייסט, ווי דערשלאָגן, ערגער ווי דערשלאָגן, איך געפין ניט קיין אַנדער וואָרט, פרוי סטעפּניאַק איז געווען ווען איר מאַן איז געשטאָרבן. אַרבעט און די ליבע צו איר מאַנס ווערק, האָבן זי אַביסל אויפגעלעבט. ווען זי האָט מער ניט געוואָלט לעבן און נאָר געטראַכט וועגן טויט, זיינען מיר באַשטאַנען און אויסגעפועלט ביי איר, זי זאָל אַרויסגעבן סערגייס ווערק אויף רוסיש. זי האָט איבערגעזעצט — ווידער און ווידער דאָס איבערגעזעצטע איבערגעזעצט — דעם ראָמאַן "דאָס לעבן פון אַ ניהיליסט" און די לעצטע קאָרעקטור פון דעם לעצטן בויגן איז איצט ביים דרוקער. ניט געקוקט אויף די פעלערן פון דער איבערזעצונג וועט דער ראָמאַן, אויף רוסיש, האָבן פאַר די רוסן אַ גרעסערע צוציאונגס־קראַפט ווי אויף ענגליש. עס זיינען דאָרט דאָ האַלבע ווערטער, וואָס אַ רוסישער מענטש וועט זיי פאַרשטיין אויף רוסיש אַ סך לייכטער.

מיר האָבן געטראַכט וועגן אַ הקדמה און איך האָב איר געראַטן מאַכן אַ קורצן אַריינפיר און דערביי זיך באַנוצן מיט אַן אויסצוג

פון דעם, וואָס איר האָט געשריבן וועגן דעם ראָמאַן אין "די איינדרוקן פון לאָנדאָן". איך האָב דעם פראַגמענט איבערגעזעצט אויף רוסיש, אָבער, ניט זיכער צי מיין איבערזעצונג איז אַ ריכטיקע, שיק איך אייך דאָס אויף פראַנצויזיש. איך בעט אייך, גיט אַ קוק צי ס'איז קאָרעקט, עס קאָנען זיין פעלערן אָדער, אַז איך האָב די ווערטער שלעכט פאַרשטאַנען (צוויי ווערטער האָב איך ניט געקאָנט געפינען אין דעם ווערטערבוך, וואָס איר זענט געווען אַזוי גוט מיר צו שיקן און איך בין אייך דערפאַר זייער, זייער דאַנקבאַר — מן הסתם האָב איך געמאַכט אַ פעלער ביים זוכן די ווערטער). און אויב עס וועט אייך זיין צום הארצן, וועט איר אפשר עפּעס צוגעבן אָדער ענדערן. דער אמת איז, אַז פרוי סטעפּניאַק האָט אייך געוואָלט וועגן דעם שרייבן, זי האָט עס אָבער ניט געוואָגט צו טאָן.

און נאָך איין נייעס וועגן סטעפּניאַקס ליטעראַרישער ירושה. איר ווייסט אפשר, אַז ער האָט איבערגעלאָזט אַ דראַמע. אַנדערש געזאָגט, אַ רוס האָט געשריבן דראַמאַטישע סצענעס, און סטעפּניאַק האָט זיי אַראַנזשירט פאַר דער בינע. ער האָט דערפון געמאַכט אַ דראַמע אין פיר אַקטן, "דער געטויפטער", אויף רוסיש. פרוי סטעפּ־ניאַק האָט די פּיעסע איבערגעזעצט אויף ענגליש און מיט אַ פּופצן טעג צוריק האָט מען זי אויפגעפירט אין לאָנדאָן. ס'איז געווען בלויז איין פאָרשטעלונג, כדי צו קאָנען פאַרזיכערן די קאָפּירייט־רעכט אין אַמעריקע, פאַרן דרוקן די דראַמע. אָבער די אַקטיאָרן — טשאַרינגטאָן, אַן אויסגעצייכנטער מענטש, און אירווינג, דער זון וואָס האָט פאַר־בראַכט דריי וואָכן אין רוסלאַנד און אָנגעשריבן די דראַמע "פּעטער דער גרויסער" — האָבן געוואָלט דערפון מאַכן עפּעס רעכטס. זיי האָבן געאַרבעט ווי די נעגער צען צוועלף טעג און דערגרייכט אַן אַבסאָלוטן דערפאָלג. — שטעלט אייך פאָר ווי גליקלעך סטעפּניאַק וואָלט געווען צו זען די פּיעסע אויף דער בינע. די דראַמע וועט מסתמא ניט געשפּילט ווערן: עס איז אַ מין "אַפּאָלאָגיע פון פאַר־ברעכן", ווייל דער פאָטער פון דער העלדין, די ניהיליסטקע, דער־הרגעט דעם שפּיאָן, כדי צו ראַטעווען זיין טאָכטער. דער ענגלישער פּרעסע וועט עס זיכער ניט געפעלן ווערן. אָבער ניט געקוקט אויף עטלעכע קליינע פעלערן פון די דעבוטאַנטן, פאַרמאָגט די פּיעסע אַ

סך דראַמאַטיזם (אַ ביסל צו פיל) און גיט די אַרטיסטן אַלע מעג־לעכקייטן צו שפּילן און אויפרודערן, ווירקן אויפן עולם — דאָס איז דאַכט זיך, שוין אַ סך. אירווינג האָט פאַרשטאַנען צו שאַפן אַן אמת רוסישן טיפּ, הגם ער האָט צופיל דראַמאַטיזירט. גראַף מענטיראָף (איגנאַטיעוו) געשפּילט פון טשאַרינגטאָן, איז געווען גרויסאַרטיק. דער ניהיליסט — אוממעגלעך! קאַטיאַ — זייער גוט; די מוטער — אויסגעצייכנט.

וואָס ס'איז נוגע מיך אַליין, קאָן איך אייך אויך דערציילן אַ נייעס. אין באָסטאָן האָט אַן אַמעריקאַנער פריינט (וואָלטער היינס פּיידזש) אַראַנזשירט דאָס דרוקן פון מיינע מעמואַרן אין "אַטלאַנטיק מאָנטלי", אָנגעהויבן פונעם סעפּטעמבער־העפט. איך האָב שוין אָוועקגעשיקט "די קינדער־יאָרן" (לייב־אייגנטום: 1842 אָדער ריכ־טיקער 1850—1857). ס'איז דאָס לעבן פון אַ רייכער פאַמיליע, שקלאַפן־באַזיצער אין מאָסקווע און אויפן לאַנד. — די שולע פון דער עפּאָכע 1857—1862 — דאָס אויפבליען פון ליבעראַליזם, דאָס אָפּשאַפן פון לייב־אייגנטום, אַלעקסאַנדער דער צווייטער וואַקלט זיך, די גרויסע שרפה אין פּעטערבורג, די רעאַקציע. דערנאָך וועט קומען סיביר, פּעטערבורג, דער אינטערנאַציאָנאַל, ניהיליזם א. א. וו.

אָ, ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען איר וואָלט געלעבט אין לאָנדאָן. איך וואָלט זיך אָנגעזעצט אויף אייך און פאַר אייך גע־לייענט טיילן פון די זכרונות. איך האָב קיינמאָל זינט מיין 18־יאָריקן עלטער ניט געשריבן קיין נאָוועלן, איז דאָס איצט פאַר מיר אַ גאַנץ נייער זשאַנר און עס קומט מיר אָן ניט זייער גרינג: איז עס גוט אָדער איז עס שלעכט? איך ווייס גאָרניט. עס געפעלט מיר און עס געפעלט סאָפיען, אָבער גראָד זיינען דאָס די צוויי ריכטער, וואָס מען דאַרף באַזייטיקן. און חוץ דעם — שרייבן אויף ענגליש! אמת, איך שרייב צוערשט אויף רוסיש און דערנאָך קירץ איך און זעץ איבער אויף ענגליש.

טייערער הער בראַנדעס, איר דאַרפט מיר מוחל זיין דעם דאָזיקן לאַנגן בריוו און אונדז צו וויסן געבן עפּעס וועגן זיך אַליין און וועגן מיס עדיט. קומט איר ניט ביידע קיין לאָנדאָן? ווען איר זאָלט אַהער קומען, וואָלט סאָפיע זיך וואַרפן אייך אויפן האַלדז. איר קאָנט זיך

גאָרניט פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ גרויסן, וואָס פאַר אַ געהויבענעם פאַרגעניגן איר האָט איר פאַרשאַפט מיט די "מאָדערנע גייסטער". זי האָט זיך אַזוי שטאַרק געקוויקט מיט אייער אַרטיקל וועגן טור־געניעוון, אַז איצט האָט איר אין איר אַ נשמה, וואָס איז אייך אינגאַנצן איבערגעגעבן. סאַשאַ איז שטאַרק אויסגעוואַקסן און איז געוואָרן אַ פיין מיידל; נאָכן זומער, וועט זי בלייבן דריי חדשים אין בעלגיע צו לערנען פראַנצויזיש. אויך זי האָט אייך זייער ליב. שרייבט אונדז נאָך וועגן עדיט און גיט איר איבער אונדזערע גרוסן.

מיט די בעסטע און אויפריכטיקסטע גרוסן, טייערער הער בראַנדעס, און מיט די בעסטע וואונטשן, אייער איבערגעגעבענער

פעטער קראָפּאָטקין".

אַ פּאָר טעג שפּעטער, דעם 3 יולי 1898, שרייבט

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

"טייערער הער קראָפּאָטקין,

די וואָך בין איך צוריקגעקומען פון אַ זעקס־חדשימדיקער רייזע אין איטאַליע. איך בין געפאָרן כדי פאַרבעסערן מיין געזונט. פינף חדשים פונעם יאָר 97 האָב איך פאַרבראַכט אין בעט געפערלעך קראַנק (אַן אינפלאַמאַציע איןביידע פיס וואָס איז דערגאַנגען ביז צו דער לינקער לונג). ביסלעכווייז איז מיר געוואָרן בעסער אָן אַ סך האָפענונגען אויף דער צוקונפט. איך האָב אָקאָרשט אַרויסגע־שיקט פרוי סטעפּניאַק מיין בוך, באַלד ווי איך האָב דערהאַלטן אייער ליבן און פריינטלעכן בריוו.

פרייטאָג האָב איך אייך אַרויסגעשיקט צוויי ביכער, דאָס ערשטע איז די איבערזעצונג (ליידער אַ פאַרקירצטע) פון "ניהיליסט" וואָס איך האָב געלאָזט דאָ צוגרייטן און די דייטשע איבערזעצונג פון מיין בוך "איינדרוקן פון פוילן". איך האָף, אַז זיי וועלן אייך געפעלן. דאָס בוך וועגן פוילן וועט אייך ספּעציעל אינטערעסירן אויב איר וועט האָבן צייט צום לייענען.

וואָס ס'איז שייך סטעפּניאַקס בוך, קאָנט איר עס אַראַנזשירן ווי איר ווילט. איר קאָנט צושרייבן אָדער אויסמעקן ווי איר וועט עס געפינען פאַר נייטיק. איך האָב צו אייך דעם גרעסטן צוטרוי.

איך בין איבערצייגט, אַז אייערע "זכרונות" וועלן זיין געוואַלטיק אינטערעסאַנט; אייער לעבן איז געווען גרויס און רייך — דאָס איז דערביי דאָס וויכטיקסטע.

מיין עדיט האָט דעם לעצטן חודש פאַרבראַכט מיט מיר אין איטאַליע; זי איז איצט אַ גרויס מיידל פון 19 יאָר, אַ היפּש ביסל שיין. זי האָט געזען פלאָרענץ, פּיזאַ, סיענע, פּיסטאָיאַ, ווענעדיג, וועראָנאַ, מילאַנאָ. אַזוי ווי זי האָט שוין פריער געזען בערלין, פּאַריז און קריסטיאַניאַ (אַזוי האָט פריער געהייסן די היינטיקע אָסלאָ) האָט זי פאַר איר עלטער שוין אַ סך געזען; ווען איך בין אַלט געווען 19 יאָר, בין איך געווען אַן אָרימער סטודענט און האָב נאָר געהאַט געזען קאָפּענהאַגען און געטעבאָרג.

גיט איבער פרוי קראָפּאָטקין און מיס סאָשאָ די בעסטע גרוסן.

איצט פאַרבלייב איך דאָ און וועל אַרבעטן. אָבער לאָמיר האָפן, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען איך וועל האָבן דאָס פאַרגעניגן אייך ווידער צו זען.

אייער געאָרג בראַנדעס.

צווישן די צוויי פריינט הייבט זיך איצט אָן אַן אָפטע און איב־האַלטסרייכע קאָרעספּאָנדענץ.

# פערטער קאַפּיטל

ווי אַ ליטעראַטור־היסטאָריקער און קריטיקער, איז געאָרג בראַנדעס ניט געווען קיין פאַנאַטישער דאָגמאַטיקער, וואָס אויב ער איז איינמאָל געקומען צו אַ געוויסער מסקנא, רירט ער זיך מער בשום אופן ניט פונעם אָרט. דערפאַר טאַקע האָבן זיינע קעגנער, און אפילו ניט נאָר קעגנער, אים אָפט פאָרגעוואָרפן, אַז ער איז ניט קיין וויסנשאַפטלער, נאָר אַן "אַגיטאַטאָר". פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ פאָרוואורף איז געווען ניט מער ווי שטות. דער מחבר פון די ווערק וועגן געטע און וואָלטער, וועגן מיקעל אַנדזשעלאָ און צעזאַר, דער פאָרשער פון שעקספּיר, איז שוין גראָד יאָ געווען אַ שרייבער מיט וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן, מיט פאָרשונגען און שטודיען, וואָס ער האָט זיי אָפּגעגעבן צענדליקער יאָרן. ס'איז אָבער אויך ריכטיק, אַז בראַנדעס איז געווען אַן אַגיטאַטאָר; ער האָט געלעבט אין זיין שרייבן און דערמיט האָט ער פאַרכאַפּט דעם לייענער; עס האָט אין אים תמיד געברענט אַ פייער אין זיין לאָגיק און אין זיין אַרגומענטירן, און דער לייענער האָט געגלייבט אין זיין ערנסט און אויפריכטיקייט. ניט אומזיסט האָבן זיינע שריפטן, געשריבן אין אַ שפּראַך (דעניש), וואָס איז זייער ווייניק באַקאַנט, געהאַט אַזאַ קאָלאָסאַלן און אַזאַ אוניווערסאַלן דערפאָלג.

אַ באַגייסטערטער באַוואונדערער פונעם איצט פּאָפּולערן דענישן פילאָסאָף סערען קירקעגאַרד און פון זיינע קריסטלעכע אידעען, ווערט בראַנדעס שפּעטער פאַרכאַפּט פון שפּינאָזאַן און באַטראַכט זיינע פילאָסאָפישע אידעען ווי דאָס אמתע ליכט, דעם אמתן וועג־ווייזער אין מענטשלעכן דענקען און וויסן.

ביי שפינאָזאַ האָט בראַנדעס באַקומען דעם באַגריף פון פּאַנ־טעאיזם. שפינאָזאָס "עטיק", מיט אירע מאַטעמאַטישע פאָרמולן, האָט ער געלייענט מיט התלהבות און באַגייסטערונג. פּאַנטעאיסטישע פילאָסאָפיע איז פאַר אים געוואָרן "מער ווי רעליגיע, ווייל זי האָט פאַרנומען דעם אָרט פון רעליגיע". אין זיין אויטאָביאָגראַפיע ("לעוונעד", 1, זייט 114) שרייבט ער: "ביי העגעל איז דאָס וויכ־טיקסטע געווען נאָר זיין געדאַנקענגאַנג, אויסשליסלעך דער פּראָצעס פון דענקען. דאָ אָבער האָט פאַרכאַפּט די פּערזענלעכקייט (פון דעם פילאָסאָף), דער גרויסער מענטש, איינער פון די גרעסטע אין דער געשיכטע. מיט אים איז אַריין אין דער געשיכטע פון דער וועלט אַ נייער מין מענטש... דער פּאַנטעאיסט..."

שפינאָזאָס פּאַנטעאיזם איז געוואָרן בראַנדעס'עס רעליגיע אויף זיין גאַנץ לעבן.

צוערשט אַ קעגנער פון פרויען־עמאַנציפּאַציע ווערט בראַנדעס שפּעטער באַאיינפלוסט פון דזשאָן סטיואַרט מיל און ווערט איינער פון די וויכטיקסטע קעמפער און פּראָפּאַגאַנדיסטן פאַר פרויען־רעכט. ער איבערזעצט מילס ווערק, ער פאַרשפּרייט זיינע אידעען, ער אַפּעלירט צום מענטשלעכן וויסן און געוויסן.

די דאָזיקע אייגנשאַפט, דאָס זוכן דעם אמת, די פרייהייט, די טיפקייט פון זיינע איבערצייגונגען און דאָס אומדערשראָקענע פּראָ־קלאַמירן זיינע אידעען, האָט געמוזט זיין דער עלעמענט וואָס האָט געווירקט אויף פּעטער קראָפּאָטקין און וואָס האָט געמאַכט בראַנדעסן אַזוי ליב און טייער ביי די קראָפּאָטקינס. די צוויי גדולים האָבן געהאַט פאַרשידענע מיינונגען וועגן אַ סך ענינים, אָבער מענטשלעך און גייסטיק זיינען זיי געווען געקנאָטן פונעם זעלביקן טייג און זיי זיינען געוואָרן אַלץ נאָענטער און נאָענטער צואַנאַנד.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמליי, קענט.
1 יולי 1898

"טייערער הער בראַנדעס,

איך דאַנק אייך פון טיפן האַרצן פאַר דער איבערזעצונג פונעם "ניהיליסט" און פאַר אייער בוך וועגן פוילן. איך האָב זיך תיכף אַוועקגעזעצט לייענען דאָס בוך. אָ, ווי פיין דאָס איז! אַלץ וואָס איר שרייבט וועגן די פּאָליאַקן, איז אַזוי ריכטיק; איך, וואָס האָב געגלייבט, אַז איך קען זיי, שטויס זיך אָן יעדעס מאָל אויף עפּעס אַזוינס וואָס איז פאַר מיר אַ נייעס! ווער פון אונדז האָט ניט געזאָגט און איבערגעחזרט אַז די פּאָליאַקן זיינען "די פראַנצויזן פון דער סלאַווישער וועלט"! דערפאַר זיינען אייערע באַמערקונגען אַזוי ריכטיק און באַרירן דעם סאַמע קערן פונעם פּראָבלעם. ביים לייענען אייער בוך האָב איך צום ערשטן מאָל פאַרשטאַנען, אַז דער וואָס איז אַ קענער פון ביכער איז אויך אַ קענער פון מענטשן.

איך קאָן אייך ניט זאָגן ווי שטאַרק מיר האָבן זיך געערגערט ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט אַז איר זענט אַ לאַנגע צייט געווען ערנסט קראַנק. דער קלימאַט פון דענעמאַרק איז אפשר צו פייכט פאַר אייך.

איר דאַרפט זיך אָפּרוען. וואָס פאַר אַ גרויסע נערוון־קראַפט דאַרף אייך קאָסטן, ווען איר כאַראַקטעריזירט עפּעס אין עטלעכע ווערטער, ווי איר האָט עס געטאָן אין ווין און אין וואַרשע! מסתמא רוט איר זיך קיינמאָל ניט אָפּ ווי עס דאַרף צו זיין. מיס עדיט וואָלט זיך איצט געדאַרפט אָפּגעבן מיט אייך און פון צייט צו צייט אָפּרייסן אייך פון דער אַרבעט. טייערער פריינט, גיט אַכטונג אויף אייער געזונט: איר האָט נאָך אַזוי פיל צו זאָגן דער וועלט.

טויזנט מאָל אַ דאַנק קומט אייך פאַר דער דערלויבעניש זיך צו באַנוצן מיט דער הקדמה צו סטעפּניאַקס בוך. פּרוי סטעפּניאַק איז איצט ביי אונדז. זי שרייבט אייך און וויל אייך בעטן איר זאָלט דערלויבן צו ענדערן די לעצטע שורה וואָס האָט אייגנטלעך מער

אַ שייכות צו סאָלאָוויאָוון וואָס ער שילדערט ווי אַ באַטייליקטן אין אַטענטאַט און צו אַנדערע טעראָריסטן ווי צו אים. די אידעע איז געווען זיינע און ער האָט פאָראויסגעזען אַלע איינצלהייטן.

מיין פרוי שיקט אייך אַ סך אַ סך גרוסן. סאַשאַ — דאָס אייגענע. זי לעבט איצט אין איר אייגן וועלטל, אין אירע אייגענע האַלב־קינדערשע געדאַנקען.

איך שיק אייך מיינע וואַרימסטע גרוסן און ווינטש אייך געזונט ווערן, אויך אונדזערע בעסטע גרוסן מיס עדיט.

אייער

פעטער קראָפּאָטקין״.

סאָלאָוויאָווס ניט געלונגענער אַטענטאַט אויפן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, איז פאָרגעקומען דעם 14טן אַפּריל 1879. סאָלאָוויאָוו האָט געשאָסן אויפן צאַר פינף מאָל, האָט אים אָבער ניט געטראָפן. סלאָוויאָוון האָט מען געהאָנגען. סטעפּניאַקס ראָמאַן שילדערט אין שטאַרקע פאַרבן די געשעענישן אַרום דעם אַטענטאַט. אין אַ שריפט וואָס איז אַרויס אין זשענעווע, 1879, אונטערן נאָמען ״דער פּראָצעס סאָלאָוויאָוו. דאָס לעבן פון אַ רוסישן סאָציאַליסט״, האָט קראָפּאָטקין באַגריסט סאָלאָוויאָוון פאַר זיין אַקט וואָס האָט אויסגעדריקט דעם האַס פון אַלע קלאַסן אין רוסלאַנד צו דעם אויטאָקראַטישן רעזשים. נאָך דעם ווי אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז דערהרגעט געוואָרן אין 1881 איז קראָפּאָטקין אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער שווייץ. אַ יאָר שפּעטער ווען קראָפּאָטקין איז געווען אין ליאָן בשעת דעם רעוואָלט פון די אַרבעטער אין די זיידן־פאַבריקן, איז ער דאָרט אַרעסטירט געוואָרן און איז אָפּגעזעסן אין געפענגניש פון 1882 ביז 1886.

קראָפּאָטקינס געפענגניש־יאָרן אינעם פראַנצויזישן געפענגניש איז געווען אַ זשעסט פון חנפענען דער אַזיאַטישער רעגירונג פון דער רוסישער סאַמאָדערזשאַוויע מצד דער פראַנצויזישער רעפּובליק, אַ שענדלעכער זשעסט, צוליב פּאָליטישע מאָטיוון. פראַנקרייכס ליי־בעראַלע קרייזן זיינען געווען אויפגעבראַכט, אָבער אַלע אינטערווענצן זיינען יאָרנלאַנג געווען אומזיסט, דאָס וויכטיקסטע דערביי איז געווען: קראָפּאָטקינס גייסט איז ניט געבראָכן געוואָרן.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 15 סעפּטעמבער 1898.

"טייערער הער קראָפּאָטקין,

היינט לייען איך אין אַ דענישער צייטונג אַן אַרטיקל וואָס הייסט "דער אמתער פאַרברעכער". אינעם אַרטיקל ווערן מיר ביידע אַטאַקירט, איך אויף אַ זייטיקן אופן, ווייל איך האָב וועגן אייך געשריבן מיט סימפּאַטיע — דאָס איז אָבער ניט וויכטיק — אָבער איר ווערט באַפאַלן אויף דעם געמיינסטן און ברוטאַלסטן אופן, ווייל איר, הייסט עס, און נאָר איר, זענט דאָס דער, וואָס האָט מיט אייער דאָקטרין אינספּירירט דעם מאָרד פון קאַרנאָ און פון דער קייזערין פון עסטרייך און איר — וואָס ס'איז וויכטיק — האָט געגעבן ראַוואַ־שאָל און וואַיאַן זייערע קענטעענישן אין כעמיע "דורך אייער קלוב און אייער דרוקעריי". זיכער האָט איר ניט געהאַט ניט דאָס ערשטע און ניט דאָס צווייטע. ניט אמת?

טייערער פריינט! שענקט מיר צען מינוטן פון אייער צייט און שרייבט מיר אַ פּאָר שורות, וואָס איך זאָל קאָנען דרוקן; וואָס דענקט איר וועגן מאָרד פון דער קייזערין און וואָס פאַר אַ שייכות האָבן די געשעענישן מיט אייער דאָקטרין.

אייער איבערגעגעבענער

געאָרג בראַנדעס".

לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז די קאָרעספּאָנדענץ וועגן די אַטענ־טאַטן, און די אַזוי גערופענע "דאָקטרינען" — וואָס פאַר אַ פיין וואָרט אפילו פאַר היינטיקע צייטן! — קומט פאַר סוף 1898, די עפּאָכע פון דער שוואַרצער רעאַקציע. אויף געאָרג בראַנדעס' בריוו ענטפערט קראָפּאָטקין, ניט מיט אַ פּאָר שורות, נאָר מיט אַ לאַנגער אויפקלערונג. דאָס איז ניט קיין בריוו, דאָס איז אַ דאָקומענט וואָס באַלויכט די גאַנצע געשטאַלט פון אַ גרויסן מאַן, זיין מענטאַליטעט, זיין גאַנצן מהות.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

22 סעפּטעמבער 1898

"טייערער הער בראַנדעס,

איך בין אַזוי צוגעוואוינט צו לייענען אין צייטונגען פון אַ געוויסן סאָרט, אַז איך בין די סיבה און דער אויפהעצער פון אַלע אַקטן און רעוואָלטן, אַז איך האָב שוין אויפגעהערט זיי צו שענקען די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט. איך וואָלט זיך ניט געוואונדערט עס זאָל זיך אַרויסשטעלן אַז די מעשה לוטשעני איז צוגעפּאַרבט געוואָרן אין לאָנדאָן. אַרטיקלען פון דעם מין ווערן גוט באַצאָלט פון די רוסישע אַמבאַסאַדעס!

דערבײַ זיינען מענטשן לרוב אַזוי צוגעוואוינט צו גלייבן די מעשיות וואָס ווערן פאַבריצירט פון געוויסע פערזאָנען און אַלע געשעענישן אין עפנטלעכן לעבן צושרייבן דעם אויפטו פון אַ פּאָר פּערזענלעכקייטן, אַז פּרואוון זיי איבערצייגן, אַז דאָס איז ניט אַזוי וואָלט פּשוט געווען פאַרלוירענע צייט. זיי אַליין זיינען בלויז מאַריאָנעטן, אי ווי קאָנען זיי באַטראַכטן די מענטשהייט אַנדערש ווי מאַריאָנעטן, וואָס אַ פּאָר מענטשן באַוועגן?

ווי אייך, ווי דער גאַנצער וועלט, האָט אויך מיר פאַרקלעמט דאָס האַרץ ווען איך האָב דערהערט וועגן טויט פונעם נייעם קרבן אין סאָציאַלן קאַמף — די קייזערין פון עסטרייך. אַן עלטערע אומגליקלעכע פרוי, וואָס האָט פאַרלוירן איר זון (איר זון, דער קרוינפּרינץ רודאָלף, איז דעם 30־טן יאַנואַר 1889 אומגעקומען אינאיינעם מיט זיין געליבטער, מאַריאַ וועטשעראַ, אין דער אַזוי־גערופענער מייער־לינג־דראַמע, אַ שלאָס ניט ווייט פון ווין. — רעד. גר.). זי האָט געקאָנט אַרויסרופן נאָר רחמנות־געפילן ביי די וואָס האָבן געקענט די געשיכטע פון איר אינטים לעבן. פרויען און קינדער וואָלטן אויך יעדן פאַל געדאַרפט געשאַנעוועט ווערן אינעם שרעקלעכן קאַמף־פעריאָד וואָס מיר מאַכן איצט אַדורך און אין די נאָך שרעקלעכערע קאַמפן וואָס גרייטן זיך ערשט.

אויב עס וואָלט נייטיק געווען אָפּגעבן מיין לעבן כדי צו שפּאָרן

בלויז אַ טייל קרבנות וואָס פאַלן אַרום אונדז די לעצטע דרייסיק יאָר אויף די גאַסן און אויף די עשאַפאָטן, וואָלט איך דאָס באַלד געטאָן. דאָס איז דאָך אָבער ניט גענוג. מען דאַרף לאָזן די מענטשן זיך פאַרטראַכטן.

אַנאַליזירט דעם פאַל לוטשעני. געבוירן הינטער אַ פלויט, אויף אַ פאַריזער גאַס, האָט ער קיינמאָל ניט געקענט ניט קיין פאָטער, ניט קיין מוטער. ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַן אַנשטאַלט פאַר געפונענע קינדער, צוערשט אין פאַריז, דערנאָך אין פאַרמאַ. דאָרט האָט מען אים אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס ווען ער איז אַלט געוואָרן צען יאָר, ער זאָל זיך זוכן זיין שטיקל ברויט — דאָ ווערט מיין האַרץ פאַרקלעמט נאָך מער ווען איך גיב אַ טראַכט וועגן אַזעלכע קינדער! ווען ער ווערט איין און צוואַנציק יאָר אַלט, געפינט ער זיך אין אַ קאַזאַרמע, וואו מען לערנט אים די קונסט פון הרגענען: הרגענען גוט, ניט שאַנעווען ניט דעם פאָטער, ניט די מוטער, ניט קיין פרויען און ניט קיין קינדער, מען קלאַפּט אים אין קאָפּ אַריין, אַז מען מוז הרגענען צוליב דער טובה פונעם פאָלק. מען האָט אין אים אַריינגערעדט, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן איז גאָרניט ווערט. דערנאָך שיקט מען אים הרגענען קיין אַפריקע. ער ווערט אַ דינער ביי אַ קאַוואַלעריע־אָפיציר — דאָ דערוואוסט ער זיך, וואָס ס׳איז אַזוינס רעספּעקט פאַר אַ פרוי! צולעצט איז ער אין דער שווייץ צווישן די פליכטלינגע פון איטאַליע פונוואַנען ער איז אַנטלאָפן נאָך די הונגער־רעוואָלטן און נאָך דעם מאָרדעווען — וואָס לערנט ער זיך דאָ אויס? אַז ביסלעכווייז הרגעט מען אויס הונגעריקע פויערים; אַז אין מילאַנאָ האָט מען דריי טעג נאָכאַנאַנד געשאָסן אויפן פאָלק און אויסגעהרגעט הונדערטער אַרבעטער; אַז מען האָט אַוועקגע־שטעלט קאַנאָנען אויף די גאַסן און זיך ניט געקימערט פרעגן וועגן דעם, צי די קינדער וואָס זיינען געטראָפן געוואָרן פון די קוילן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם אויפשטאַנד און פאַרוואָס עס זיינען גע־בליבן אַזויפיל יתומים; אַז די רייכע פרויען פון מילאַנאָ באַפּוצן די סאָלדאַטן מיט בלומען און זאָגן זיי: ״ווערט פטור פון דעם המון, שלאָגט ווי עס דאַרף צו זיין!״

שטעלט איך פאַר, טייערער הער בראַנדעס, אונדזערע אייגענע

קינדער זאָלן דאַרפֿן פירן אַזאַ לעבן, באַקומען אַזעלכע איינדרוקן; צי וואָלט ביי זיי ניט איינגעשלאָפן יעדער געפיל פון רחמנות, צי וואָלטן ביי זיי זיך ניט אויפגעוועקט געפילן פון האַס קעגן די רייכע וואָס טראַכטן קיינמאָל ניט וועגן דער אָרימקייט וואָס מיט איר ווערט באַצאָלט זייער רייכקייט?

מען זאָגט עס אָפט, אַז די הייִנטיקע געזעלשאַפט טאַנצט אויף אַ ווולקאַן און דאָס איז אַן אמת. מען מאַכט זיך ניט קיין פאָרשטעלונג וועגן דער שנאה וואָס זאַמלט זיך אין די הערצער פון די אָרימע. איך קען זיי; זיי זיינען שרעקלעך! און דערצו — די גאַנצע סיסטעם פון גערעכטיקייט און פון מיליטער בלאָזט זי דען ניט אַריין אַן אויפהער אין זייערע אויערן דעם געדאַנק: "וואָס פאַר אַ ווערט עס האָט דאָס מענטשלעכע לעבן! אַוועק מיט די סענטימענטן! אויב מען קאָן אין אַ שיינעם טאָג גיליאָטינירן מיט איין מאָל אַ הונדערט מענער און פרויען און דערביי פאַרניכטן הונדערט טויזנט, כדי דורך אַזאַ טעראָר צו ראַטעווען די געזעלשאַפט — דאַרף מען זיך ניט אָפּשטעלן און טאָן דאָס."

דערנאָך וואונדערט מען זיך וואָס עס געפינען זיך אַזעלכע נעבעכדיקע מענטשן, וואָס חזרן איבער די ווערטער און זאָגן דערביי, אַז מען דאַרף אַ מאָל אומברענגען אויף די גאַסן הונדערט מענער און פרויען און אויסהרגענען הונדערט טויזנט פון דער בורזשואַזיע, כדי איבעראַנדערשן די געזעלשאַפט?

זאָל מען גלייבן אין דעם מאַגישן כוח פון די עקזעקוציעס? — דאָס איז דער ערשטער פּרינציפּ פון דעם הייִנטיקן קרעדאָ. די פּאָלי־טיקער, די גייסטלעכע, די פילאָסאָפן אַקצעפּטירן דאָס. מען וויל, אַז די אָרימע זאָלן אינטואיטיוו בעסער פאַרשטיין די לאַגע, זיי זאָלן אויפגעבן זייער גלויבן און זיי זאָלן ניט זאָגן ווי לוטשעני האָט זיך געזאָגט: "שלאָג וועמען דאָס זאָל ניט זיין פון די רייכע — ווען אַנדערע דערזען די סאָציאַלע אומגערעכטיקייט". — ס'איז אַן אַבסורד דאָס צו פאַרלאַנגען פון זיי!

אין די זעלביקע טעג, ווען מען רעדט אַזוי פיל פון דער עסטרייַ־כישער קייזערין זיינען דאָ אין ענגלאַנד פיר טעג נאָכאַנאַנד געמאַכט געוואָרן פיר פּרואוון אַרויסצורופן אייזנבאַן־קאַטאַסטראָפעס, ניט

ווייט פון נאָרטהעמפּטאָן. מען האָט אַוועקגעלייגט גרויסע שטיינער אויף די רעלסן פון פאַרשידענע אייזנבאַן קאָמפּאַניעס, כדי עקספּרעס צוגן זאָלן אַראָפּ פון וועג. עס וואָלט געקאָנט זיין עפּעס אַ סך שרעק־לעכער ווי דער טויט פון איין פּערזאָן ; די פרויען און קינדער, וואָס וואָלטן אומגעקומען, די פאָטערס פון די אַרבעטער־פאַמיליעס, וואָס וואָלטן דערהרגעט געוואָרן אויב דער עקספּרעס וואָלט אין פולן גאַנג זיך געוועזן אָנגעשטויסן אָן די שטיינער־מאַסן, אָדער אַנדערע שטערונגען וואָס מען האָט אויפגעשטעלט אויף די רעלסן. — ווער האָט עס געטאָן ? זיכער זיינען דאָס ניט געווען, ניט קיין סאָציאַליסטן און ניט קיין אַנאַרכיסטען. אָן שום ספק האָט דאָס געטאָן איינער, וואָס ביי אים אין האַרצן האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ טיפער האַס קעגן דער גאַנצער געזעלשאַפט און וואָס האָט זיך געזאָגט : ״שלאָג אויף יעדן פאַל, דאָס וועט צווינגען אַנדערע זיך צו פאַרטראַכטן וועגן אומרעכט לגבי אונדז״. דאָס איז דער וואולקאַן אויף וועלכן מען טאַנצט.

פאַרוואונדן דאָס האַרץ פון אַ פרוי נאָר דערפאַר ווייל אָט דאָס האַרץ האָט קיינמאָל זיך ניט געשלאָגן פאַר די ליידן פון דער מענטש־הייט — זיכער איז דאָס שרעקלעך. אָבער אַזוי איז עס אויך ווען מען זעט די שחיטות וואָס זיינען פאָרגעקומען אין איטאַליע, אַזוי איז עס אויך ווען מען לערנט מענטשן ניט צו האָבן קיין דרך ארץ פאַר דעם מענטשן. און אַז מען מעג הרגענען מענטשן פאַר דער טובה פון דער מענטשהייט — עס וועלן פאַלן אַלץ נייע און נייע קרבנות ; אויב אפילו מען זאָל גיליאָטינירן די אַלע, וואָס נעמען זיך אָן דעם צד פון די אָרימע, וועט מען זיך פאָרט פאַרטראַכטן וועגן דער פּסי־כאָלאָגיע וואָס די אומגליקלעכע לאַגע האָט געשאַפן און מען וועט האָבן דעם קוראַזש צו זאָגן דאָס וואָס מען ווייסט.

טייערער פריינט, דאָ האָט איר מיין ענטפער. אויף אייער פריינט־לעכער פראַגע, האָב איך געמוזט זאָגן דאָס וואָס איך האָב געטראַכט וועגן דעם ענין. טוט דערמיט וואָס איר ווילט. איך וואָלט אייך גע־ענטפערט מיט צוויי־דריי טעג פריער אָבער מיר געפינען זיך איצט אין אַ קליינעם דאָרף, אין קראָקהעם היל, ביי פרוי סטעפּניאַק.

אונדזער קליינע סאַשאַ האָט דאָ געכאַפּט אַ קאָקליוש און נאָך איר מיין פרוי וואָס האָט עס קיינמאָל ניט געהאַט זינט אירע קינדער־

יאָרן. מיר זיינען אַוועק אויף אַ דריי־פיר וואָכן אויפן לאַנד, ווייל סיי־ווי־סיי וואָלט סאַשאַ ניט געקאָנט גיין אין דער שולע.

איך בין אויך קראַנק — שוין אַ חודש ווי איך קאָן בכלל נישט אַרומגיין: נעווראַלגיע און סציאַטיקע.

איך אַרבעט איצט אַ סך אויף מיינע זכרונות. די ערשטע קאַפּיטלען זיינען שוין דערשינען אינעם סעפּטעמבער־נומער פון "אַטלאַנטיק מאָנטלי" אונטער אַ געשמאַקלאָזן נאָמען "די אויטאָביאָגראַפיע פון אַ רעוואָלוציאָנער" !!! דאָס האָט געטאָן דער רעדאַקטאָר. איך האָב אים טעלעגראַפיש געבעטן ענדערן דעם טיטל און שרייבן: "וועגן איינעמס אַ לעבן". ווען איך וועל באַקומען דעם אָקטאָבער־נומער וועל איך אייך אַרויסשיקן ביידע נומערן — דאָס איז מיין ערשטער פּרואוו צו שרייבן "שיינע ליטעראַטור" און מען מוז עס נעמען מיט חסד.

מיר ביידע שיקן אייך די בעסטע גרוסן, אויך צו מיס עדיט.

אייער איבערגעגעבענער

פּ. קראָפּאָטקין".

איר האָט זייער גוט געטאָן מיט אייער עצה פרוי סטעפּניאַק איבערצוזעצן אייער גאַנצע הקדמה. עס איז אַ סך בעסער און פאַר מיר איז דאָס אַן אמתער פאַרגעניגן איבערצוזעצן די הקדמה. אונזער אַדרעס איז: ביי פרוי סטעפּניאַק, קראָקהעם היל, נאָענט אידענברידזש, קענט".

ניט געקוקט אויף קראָפּאָטקינס טעלעגראַמע, איז דער טיטל "זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָנער" פאַרבליבן און אויך דאָס בוך איז אַרויסגעקומען אונטער דעם זעלביקן טיטל.

# פינפטער קאַפּיטל

צייטן בייטן זיך, אָבער פעלקער בייטן זיך ניט אַזוי גיך ווי מען מיינט געוויינלעך. דערפאַר בייטן זיך ניט אַזוי גיך און אַזוי פונדאַמענטאַל די מעטאָדן פון אפילו גאַנץ נייע און גאַנץ אַנדערע טאָטאַליטאַרע רעזשימען. אין די אַלטע צאַרישע צייטן האָבן די דיפּלאָמאַטישע מיסיעס פון דער רוסישער רעגירונג, די אַמבאַסאַדעס און די קאָנסולאַטן, זיך אָפּט אָפּגעגעבן מער מיט פּאָליציי־אַרבעט ווי מיט דיפּלאָמאַטיע. אין אויסלאַנד האָבן געלעבט, געלעבט און געאַרבעט פּאָליטיש, מאַסן רוסישע עמיגראַנטן. די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פירער האָבן זיך געפונען אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, שווייץ א. אַנד. די רוסישע אָכראַנע האָט געהאַט אין אויסלאַנד אַ גאַנצע אַרמיי אַגענטן, וואָס האָבן רק געפּאַרשט די טעטיקייט און באַשעפטיקונג פון די עמיגראַנטן. די אָכראַנע האָט וועגן זיי געוואָלט וויסן אַלץ, וואָס מען קאָן נאָר באַקומען צו וויסן. קורץ, מען האָט דעמאָלט, ד. ה., מיט זעכציק, זיבעציק אָדער אַכציק יאָר צוריק, געטאָן דאָס זעלביקע וואָס עס טוט דער היינטיקער רוסישער רעזשים. מען האָט זיך באַצונט מיט אַגענטן, פּראָוואָקאַטאָרן, מיט פּרואוון "באַזייטיקן" די, וואָס מען האָט געהאַלטן פאַר באַזונדערס געפערלעך; מען האָט געפעלשט און געגנבעט דאָקומענטן. גרויסע סקאַנדאַלן אַרום דער פּאָליציי־אַרבעט פון די רוסישע דיפּלאָמאַטישע מיסיעס זיינען אין דער סענסאַציאָנעלער, קרימינעלער כראָניק פון די דעמאָלטיקע וויכטיקע צייטונגען, ניט געווען קיין נאָווינע. מ'איז צו זיי געווען צוגעוואוינט.

אַ פּאָר טעג נאָכדעם ווי קראָפּאָטקין האָט אין אַן אויספירלעכן

בריוו צו בראַנדעסן געשריבן וועגן שייכות צווישן די ביטער־שווערע לעבנס־באַדינגונגען פון די גרויסע מאַסן און די סיסטע־מאַטישע, בלוטיקע רעוואָלטן, שרייבט ער ווידער צו זיין פריינט וועגן דער פרעסע־קאַמפּאַניע, קעגן אים, ווי דעם פערזענלעך פאַר־אַנטוואָרטלעכן פאַר די קרבנות פון די רעוואָלטן און אפילו פאַר די אינדיווידועלע טעראָריסטישע אַקטן. אין אָט דעם בריוו קלערט קראָפּאָטקין אויף די ראָל פון די צאַרישע דיפּלאָמאַטישע מיסיעס אין די העצערישע אַקציעס קעגן אים.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

קראָקהעם היל, נאָענט צו אידענברידזש, קענט.
29 סעפּטעמבער 1898.

"טייערער פריינט,

איך דאַנק אייך פון טיפן האַרצן פאַר דעם בוך "יוגנט־פּאָעזיע" און פאַר די פריינטלעכע שורות, וואָס מיט זיי האָט איר באַגלייט מיין בריוו אין "פּאָליטיקען" (די גרויסע צייטונג אין קאָפּענהאַגען). איך האָב געפילט אייער האַרץ אין יעדער שורה, וואָס איר האָט גע־שריבן, און נאָך עפּעס, — וויפיל מאָל אייך אַליין איז עס אויסגעקומען פילן דעם עקל פאַר אַזאַ טעגלעכער פרעסע, ווי מיר זען זי היינט.

אין מיין בריוו האָב איך אייך דערציילט אַן אַנעקדאָט, וואָס איך האָב אים שפּעטער אויסגעלאָזן, כדי ניט מאַכן דעם בריוו צו לאַנג. אפשר דערמאָנט איר זיך דעם פּראָצעס אין פּאַריז קעגן אַ גרופּע רוסן. אַן אַגענט פון דער רוסישער רעגירונג, לאַנדעזען האָט ער געהייסן, האָט אין פּאַריז אָרגאַניזירט אַ קרייז פון רוסישע יונגעלייט כדי צוגרייטן באָמבעס קעגן צאַר. מען האָט זיי אַרעסטירט — נאַטירלעך ניט לאַנדעזען — און מען האָט זיי פאַרמשפּט. ערב דעם פּראָצעס האָט די טעלעגראַפישע אַגענטור דאלציעל אַרויסגעשיקט דער פרעסע פון אַלע לענדער אַ טעלעגראַם, אַ צייטונגס־קאָלום אַן ערך, וואו עס ווערט דערציילט, אַז אויפן פּראָצעס, וואָס וועט אויף מאָרגן זיך אָנהייבן, וועט דערוויזן ווערן, אַז דעם גאַנצן קאָמפּלאָט זאָל

איך האָבן אָרגאַניזירט, אַז די באָמבעס זאָל מען האָבן פאַבריצירט אין האַראָו, ביי מיר אין אַ שפּייכלער הינטער מיין קיך, און אַז איך אַליין טאָקע זאָל עס האָבן באַוויזן דעם קאָרעספּאָנדענט. איך זאָל אויך האָבן געזאָגט אים, דעם קאָרעספּאָנדענט, "אויב עס וועט ניט געלינגען מיט די באָמבעס, האָב איך פאַר דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן צוגעגרייט אַזאַ סאָרט אייער מיט סם כדי אים צו פאַרגיפטן". און אָט אַזוי אַ גאַנצן קאָלום. און דאָס זאָל זיין אין לאָנדאָן, וואו די ענגלישע פּאָליציי ווייסט אַלץ! פאַרשטייט זיך, אַז אויפן פּראָצעס איז מיין נאָמען בכלל ניט דערמאָנט געוואָרן, פון די אָנגעקלאָגטע קען איך קיינעם ניט, אפילו ניט בלויז פון הערן.

קלאָר, אַז די טעלעגראַם האָט אַרויסגעשיקט די רוסישע אַמבאַ־סאַדע — איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס באַצאָלט זיך מן הסתם גאָרניט שלעכט.

די גרויסע צייטונגען דרוקן ניט אַזאַ טעלעגראַם — אויס מורא פאַר אַ פּראָצעס — אָבער די פּראָווינציעלע צייטונגען און די "ניו יאָרק הערעלד" פון פאַריז און לאָנדאָן דרוקן אַזעלכע נייס גאַנץ אויספירלעך.

אַ פרוי וואָס איז צו אונדז געקומען קיין האַראָו מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, דערציילט אונדז: — "איר ווייסט, זאָגט מיר אַ רע־דאַקטאָר פון אַ צייטונג: איר האָט אַ סך מוט, אויב איר דערלויבט זיך צו פאָרן קיין האַראָו, וואָס וועט פּאַסירן אויב זייערע באָמבעס וועלן אויפרייסן?"

טייערער פריינט, דאָס באַשטעטיקט נאָר דאָס, וואָס איר האָט אַמאָל געזאָגט וועגן דער מענטשלעכער נאַרישקייט.

ווי איך וואָלט עס וועלן פאַרשטיין פּאָעזיע אויף דעניש! איך וועל דאָס אָבער דערגרייכן. איין זאַך, "זומערנאַכט", האָב איך שוין דעשיפרירט און, דאַכט זיך, פאַרשטאַנען. איך מוז עס דערגרייכן. ווען מען פאַרשטייט די ערשטע צוויי־דריי זאַכן, פאַרשטייט מען שוין אויך די אַנדערע.

ווי האַלט עס איצט מיט אייער געזונט? איר זאָגט גאָרניט וועגן דעם. איך וויל האָפן צו הערן פון אייך וועגן דעם גוטע נייעס.

איך בעט אייך גיט איבער פון מיר מיס עדיט אַ סך גרוסן און נעמט אַן אונדזערע בעסטע גרוסן און וואונטשן.

אייער איבערגעגעבענער

פעטער קראָפּאָטקין".

טיילן פון אָט דעם קראָפּאָטקין־בריוו, האָט געאָרג בראַנדעס גלייך אָפּגעדרוקט אין "פּאָליטיקען". ס'איז געווען ריכטיק, וואָס קראָפּאָטקין האָט בראַנדעסן דערמאָנט זיין אייגענע מיינונג וועגן דעם, וואָס צייטונגען האָבן צומאָל געקאָנט אָפּטאָן מיט דרוקן פולשטענדיק אויסגעטראַכטע ליגנס. מיט אַזאַ סאָרט בייזוויליקער ליגנס־קאַמ־פּאַניע האָט געאָרג בראַנדעס געהאַט צו טאָן צענדליקער יאָרן, זינט ער האָט, 1871, אָנגעהויבן אין קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט זיינע באַרימטע לעקציעס פונעם ציקל "הויפּט־שטרעמונגען אין דער אייראָ־פּעאישער ליטעראַטור פונעם 19־טן יאָרהונדערט".

אַזוי איז עס איצט געווען מיט די באָמבעס, וואָס מען האָט פאַבריצירט ביי קראָפּאָטקינען אינדערהיים...

וואָס ווייטער ווערט קראָפּאָטקין אַלץ מער און מער פאַרכאַפּט פון געאָרג בראַנדעס' גייסטיקער פילזייטיקער רייכער קאָמפּעטענץ אויף פאַרשיידענע געביטן. קראָפּאָטקין וויל וואָס מער זיך באַקענען מיט בראַנדעס' ווערק אין אָריגינאַל און ער פאַרנעמט זיך ערנסט מיט דערלערנען די דענישע שפּראַך. צווישן בראַנדעס' באַוואונדערער, זיינען קיין סך אַזעלכע פּראָזעליטן ווי קראָפּאָטקין ניט געווען. פאַר־שטייט זיך, אַז דאָס האָט געמוזט פירן דערצו, אַז אָט די צוויי — מיר מוזן דאָס באַטאָנען אַן איבעריק מאָל — אַזוי פאַרשיידענע גייסטער זאָלן אַלץ מער און מער זיך דערנענטערן צואַנאַנד.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 4 אָקטאָבער 1898

"טייערער פּריינט,

אַ דאַנק אייך פאַר אַלץ, וואָס איר האָט געטאָן און פאַר די צוויי בריוו, וואָס איר האָט באַוויליקט מיר צו שרייבן. איך האָב אייך

אַרויסגעשיקט פיר ביכער: 1) "יוגנט-פּאָעזיע", 2) "יוליוס לאַנגע", 3) "הויפּט-שטרעמונגען", 4) "הענריק איבסען", אַלע אַרויסגעקומען אין 1898. אויב איר וועט נעמען אין באַטראַכט, אַז איך האָב במשך אָט דעם יאָר אָפּגעדרוקט אַ פּאָר הונדערט גרעסערע אַרטיקלען און אַז אַ העלפט פונעם יאָר האָב איך געמאַכט נסיעות, וועט איר מוזן איינזען, אַז איך אַרבעט.

וואָס שייך מיין געזונט, קאָן איך זיך ניט באַקלאָגן. די קראַנקייט, וואָס איז געווען ביסמאַרקס סוף, האָט מיך אויסגעמיטן. איך באַוועג זיך פּאַמעלעך און אַרויפשטייגן די טרעפּ קומט מיר אָן שווערלעך. דאָס זיינען אַלץ די נאָכווייענישן פון דער אינפלאַמאַציע אין די וועגעס. עדיט איז איצט אַלט 19 יאָר. זי איז מיט מיר געווען אין איטאַליע ביז יוני — איך האָב געוואָלט זי זאָל זען פלאָרענץ, סיענע, פּיזע, פּיסטאָיאַ, וועראָנאַ, ווענעדיג. דערנאָך איז זי עטלעכע וואָכן געווען אין נאָרוועגיע — זי איז יונג און פריילעך.

לייענט דאָס קליינע געדיכט "לעבנס-שטייגער". דאָס איינציקע וואָס עס וועט אייך ניט געפעלן, איז דער רוף "הערשן זאָלסטו!" די פּאָעמע "דער ענגלישער גאָרטן אין מינכען" כאַראַקטעריזירט מיך פון יענע יאָרן, ווען ס'איז אָנגעגאַנגען אַ שטורמישער קאַמף. די דאָזיקע געדיכטן זיינען דאָ שטאַרק געפעלן געוואָרן, אפילו מיינע קעגנער. דאָס בוך וועגן יוליוס לאַנגע האָט דאָ געהאַט זייער אַ גרויסן דערפאָלג. איך וואָלט געוואָלט, אַז איר זאָלט עס קאָנען לייענען.

פאַרגעסט ניט צו שיקן אייערע זכרונות באַלד ווי דאָס בוך וועט אַרויסקומען.

איך קוש די קליינע סאַשאַ און גיט איבער פון מיר טויזנטער גרוסן פרוי קראָפּאָטקין און פרוי סטעפּניאַק.

**אייער איבערגעגעבענער**

געאָרג בראַנדעס".

יוליוס לאַנגע איז געווען געאָרג בראַנדעס' אינטימסטער פריינט זינט זייערע סטודענטן-יאָרן. די צוויי חברים האָבן זיך ניט געקאָנט זאַט אָנרעדן; זייערע שמועסן האָבן תמיד געהאַט צו טאָן מיט וויסנ-שאַפטלעכע שטודיעס און קונסט-געשיכטע. לאַנגע איז געווען אַ

טיפּיש נאָרדישער מענטש, מיט אַ טעמפּעראַמענט וואָס איז געווען פּונקט דער היפּוך פון בראַנדעס׳ שפּרודלדיקער היציקייט. לאַנגע איז געווען אַ באַדייטנדיקער קונסט־היסטאָריקער, באַזונדערס פון אַלט־גריכישער קונסט. ער איז זיכער געווען דער, וואָס האָט ביי בראַנדעסן אַרויסגערופן אַזאַ גרויסן און טיפן אינטערעס פאַרן העלעניזם און העלענישער קולטור.

פון געאָרג בראַנדעס׳ אויטאָביאָגראַפיע, קאָן מען אַרויסזען, אַז יוליוס לאַנגע, אײנאײנעם מיט אַנדערע נאָענטע חברים, איז געווען צווישן די, וואָס האָבן בראַנדעסן געוואָלט ווידער און ווידער איבער־צייגן, אַז ער, דער באַגייסטערטער באַוואונדערער פון סערען קיר־קעגאָרד, דאַרף אַריבערגיין צום קריסטנטום. די רעאַקציע מצד בראַנדעסן איז געווען אַ פאַרקערטע: גראָד מחמת דעם מאַנגל אין טאַקט ביי זיינע פריינט, האָט ער איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ סוף געמאַכט צו די שמועסן וועגן זיין אָננעמען די קריסטלעכע דאָגמע. ער האָט אָבער אויך געהאַט אַ טיפערע סיבה אָט דעם שריט ניט צו מאַכן: בראַנדעס האָט גרונטלעך דורכגעשטודירט שפּינאָזאָס ווערק, און איז זיין לעבן־לאַנג פאַרבליבן אַן אָנהענגער פון שפּינאָזאָס פילאָסאָפיע.

עס איז מיט בראַנדעס געשען דאָס, וואָס איז אין זיין צייט געשען מיט שפּינאָזאַ אַליין. נאָכדעם ווי דער חרם איז אויסגערופן געוואָרן אויף דעם דענקער און ער איז געבליבן אַן אַרויסגעשטויסענער פונעם יידנטום, האָבן זיינע ענגלישע פריינט און נאָכפאָלגער אים געבעטן צו מאַכן דעם לאָגישן פאָלגנדן שריט און אַריבערגיין צום קריסטנ־טום. שפּינאָזאַ האָט זיי געענטפערט, אַז ער באַדויערט צו זען, ווי ווייניק זיי האָבן פאַרשטאַנען זיינע אידעען. אויף בראַנדעס האָט קיינער ניט אַרויסגערופן קיין חרם, אָבער די אַלטע אינטימע פריינט־שאַפט האָט זיך געשפּאָלטן און ער איז געבליבן אַליין.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 28 דעצעמבער 1898.

„טייערער פריינט,

איך וויל אייך אויסדריקן מיין טיפן דאַנק פאַר דעם פאַרגעניגן,

וואָס עס האָבן מיר פאַרשאַפט די דריי נומערן פון ״אַטלאַנטיק מאַנטלי״. אייער אויטאָביאָגראַפיע איז זייער אינטערעסאַנט. אַלע פּערזאָנען וואָס איר ברענגט אַרויס, זיינען געשילדערט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער קראַפט און איר האָט געפונען די ריכטיקע מאָס צווישן צופיל און צו ווייניק. איר מאָלט פּרעכטיקע סצענעס, ווי, למשל, די סצענע ווי איר שטייט פאַרן צאַר, אָדער די שטעלן וואו איר שילדערט בידערן פונעם פאַזשן־קאָרפּוס.

זייט מיר מוחל, וואָס איך שרייב מיט אַ בליישטיפט. איך ליג אין בעט מיט אַ נייער אַנטצינדונג אין די וועגעס.

דאָס יאָר ענדיקט זיך פאַר מיר טרויעריק.

צוויי מאָל, אין אָקטאָבער און אין נאָוועמבער, בין איך געפאָרן קיין פּוילן (גאַליציע) און קיין אונגאַרן, וואוהין מען האָט מיך פאַרבעטן. צוויי מאָל האָב איך זיך צוריקגעקערט מחמת דער קראַנקייט פון מיין מוטער. נעכטן איז זי געשטאָרבן. זי איז פאַר מיר, ביז צום היינטיקן טאָג, געווען אַלץ. זי איז אַלט געווען אַכציק יאָר. איך פיל אייער צער, איר האָט פאַרלוירן אייער מוטער אין די קינדער־יאָרן.

אין גאַליציע האָט מען מיר געמאַכט אָוואַציעס. איך בין געווען דער גאַסט פון דער שטאָט קראָקע און פון לעמבערג. אין אָט דער שטאָט האָב איך געקראָגן אַ וואונדערלעכן באַגריסונגס־אַדרעס אין נאָמען פון צוויי טויזנט פּוילישע פּרויען. איך ווייס ניט, צי איר קענט מיין בוך וועגן פּוילן, וואָס האָט דאָס אַלץ גורם געווען. ס׳איז דערשינען אויף דייטש, און דעם האַרבסט אויך אויף פּויליש.

איך האָב באַקומען אַ פריינטלעכן בריוו פון ה׳ נאַזאַרבעק מיט אַ צוזאָג מיר צו שיקן זיין בוך. עס טוט מיר לייד ביז צו וואָס פאַר אַ גראַד ער האָט זיך געענדערט. זיין בוך האָט איך דערווייל ניט באַקומען. איך בעט אייך, דערמאָנט אים זיין צוזאָג. איך האָב אים האַרציק ליב.

באַטראַכט זיך נאָר, וואָס פאַר אַ גורל! איך בין אַהער צוריק־געקומען כדי צו זיין מיט מיין מוטער. אָבער גראָד די לעצטע וואָך פון איר לעבן האָב איך זי ניט געזען און אפילו ניט געווען ביי איר לויה.

גיט איבער מיינע האַרציקע גרוסן פרוי סטעפּניאַק און פרוי קראַפּאָטקין, אויך דער קליינער סאַשאַ.

**אייער**

געאָרג בראַנדעס".

געאָרג בראַנדעס׳ מוטער האָט אין זיין לעבן געשפּילט אַן אויסערגעוויינלעכע ראָל: מיט איר פלעגט ער זיך באַראָטן וועגן אַלע זיינע פּלענער, איר פלעגט ער דערציילן וועגן אַלץ, וואָס ער האָט אונטערגענומען. ווי שפּעט אין דער נאַכט עס זאָל ניט געווען זיין, פלעגט ער, אויף זיין צוריקוועג פון אַ פאָרטראַג, צוערשט אַרויפגיין צו דער מוטער, וואָרן ער האָט געוואוסט, אַז זי וואַרט אויף אים. ווען ער איז צום ערשטן מאָל געווען אין פּאַריז, פלעגט ער פון דאָרטן שרייבן זיין מאַמען כמעט יעדן טאָג. אָט די בריוו זיינען שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן ווי אַ ביילאַגע צום "פּאָליטיקען" און אַרויסגעקומען אויך אין בוכפאָרם.

אין זיינע זכרונות דערציילט בראַנדעס, אַז ער איז, נאָך אַ קליין קינד, איינמאָל געקומען אַהיים מיט אַ געוויין און געפרעגט די מוטער, וואָס ס׳איז אַזוינס "אַ ייד", ווייל די קינדער אויפן הויף האָבן אים לאַכנדיק אַזוי אָנגערופן. "וואָס איז דאָס אַ ייד"? די מוטער האָט אים גענומען אויף די הענט, אים צוגעטראָגן צו אַ שפּיגל און געזאָגט:

— זעסטו, אָט דאָס איז עס!...

דאָס קינד האָט זיך שטאַרק דערשראָקן...

די זכרונות פון פּעטער קראָפּאָטקין האָבן, ווי באַקאַנט, געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם. דער באַנד איז דערשינען מיט אַ וויכטיקער הקדמה פון געאָרג בראַנדעס. ער האָט געשריבן, אַז דאָס איז דאָס אינטערעסאַנטסטע בוך וואָס ער האָט ווען ס׳איז געלייענט. דאָס בוך איז איבערגעזעצט געוואָרן אין אַלע שפּראַכן. מען האָט דאָס בוך געלייענט מיט אַ געוואַלטיקן אינטערעס. דאָס בוך האָט אויסערגעוויינלעך פּאָפּולער געמאַכט דעם נאָמען פּעטער קראָפּאָטקין.

די באַגייסטערונג פון די פּאָליאַקן פאַר בראַנדעסן האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ. ווען ער פלעגט קומען קיין פּוילן — ניט נאָר

אין גאַליציע, נאָר אויך קיין וואַרשע — האָט מען אים אויפגענומען ווי אַ נאַציאָנאַלן העלד. אין יענע יאָרן פון שוואַרצער רעאַקציע, איז עס איז געווען ביז גאָר וויכטיק, ווען אַ שרייבער פון געאָרג בראַנדעס׳ ראַנג האָט גערעדט צו דער גרויסער וועלט וועגן דער לאַגע פונעם פאַריאָכטן פוילן, און גערעדט האַרציק און אַפּעלירט צו דער פרייער וועלט. דער פלאַם פייערדיקער ראָמאַן צווישן בראַנדעסן און פוילן האָט זיך אָבער געענדיקט גאָר ניט שיין. דער פאַרטיידיקער פון אונ־טערדריקטע סאָציאַלע מינדערהייטן האָט זיך דערלויבט צו רעדן צו די פּאָליאַקן וועגן די אוקראַאינער פון גאַליציע — אונטערדריקטע פון די פּאָליאַקן. עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פוילישע פּראָטעסטן קעגן זייער אָפּגאָט, אַלץ שאַרפערע און שאַרפערע. אויס אָפּגאָט!

בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען וואַרשע איז געוואָרן דער צענטער פון דער רוסישער אַרמיי מיט ניקאָלאַי ניקאָלאַיע־וויטשן בראש און מען האָט אָנגעהויבן טרייבן הונדערטער טויזנטער יידן, אָנגעהויבן רויבן און מאָרדן, האָבן די פּאָליאַקן צוגעלייגט אַ האַנט צו דעם ריזיקן רוסישן פּאָגראָם אויף יידן. דער דאָזיקער אויסדרוק איז צו מילד. די פּאָליאַקן האָבן פאַרגיפטעט די לופט מיט שנאה צו יידן און זיינען געוואָרן די מיטבאַטייליקטע אינעם פּאָגראָם, די הויפּט־מיטבאַטייליקטע. געאָרג בראַנדעס האָט דעמאָלט אָפּגעדרוקט אינעם "פּאָליטיקען" אַ סעריע שאַרפע אַרטיקלען, ניט סתם מיט פּראָטעסטן קעגן דער אויפפירונג פון די פּאָליאַקן, נאָר אויך מיט אַ מאַסע פאַקטן.

דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָפענע אַטאַקע קעגן דעם אַמאָ־ליקן פאַרטיידיקער פון פוילישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. עס זיינען ניט געווען געווג זידלערייען, גענוג געמיינקייטן, וואָס מען זאָל ניט האָבן באַנוצט אין דער אַטאַקע. איין גרופּע פּאָליאַקן, האָט זיך אפילו געוואָנדן צום קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט און פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים פון דאָרט באַזייטיקן. בראַנדעס איז דעמאָלט שוין אַלט געווען איבער זיבעציק...

שוין דאָס אַליין, וואָס געאָרג בראַנדעס האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ גרויסן אינטערעס פאַר די געשעענישן אין רוסלאַנד און פוילן און דאָרטן געהאַט אַזוי פיל וויכטיקע פאַרבינדונגען, — איז פאַר קראָ־

פּאַטקינען געווען אַן אויסערסט וויכטיקער ענין. דאָס האָט בייגע־טראָגן אַז ביידע, קראָפּאָטקין און בראַנדעס זאָלן קעגנזייטיק זיך בעסער פאַרשטיין און אַ סך לערנען איינער פונעם צווייטן. און ס׳איז דערפאַר כלל ניט קיין חידוש, וואָס דווקא פון קראָפּאָטקינען האָט בראַנדעס זיך אויך דערוואוסט וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמלי, קענט.
30 דעצעמבער 1898.

„מיין טייערער גוטער פריינט,

איך קאָן אייך ניט איבערגעבן ווי טרויעריק עס האָט מיך געמאַכט אייער בריוו. דאָס וואָס איר דערציילט איז באמת טראַגיש. פאַרלירן אַ מוטער וואָס מען האָט שטאַרק ליב און זיין געצוואונגען צו ליידן ניט ווייט פון איר און ניט קאָנען אפילו זי זען — ליידן פיזיש און נאָך מער מאָראַליש! טייערער פריינט, איך פאַרשטיי ווען איר האָט פאַרלוירן. אַ מענטש ווי איר, האָט געמוזט האָבן אַן אויסערגע־וויינלעכע מוטער, אַזוי איז עס, בדרך כלל, אין לעבן. אַן אויסער־געוויינלעכע מוטער — אָן שום צווייפל!

דער פאָטער קאָן דאָס יאָ אָדער ניט זיין, אָבער די מוטער מוז עס זיין.

אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה מיט דער אַנטצינדונג אין די וועגעס, וואָס פאַרפאָלגט אייך מיט אַזאַ אימפּעט? זיינען די דאָק־טוירים מאַכטלאָז קעגן דעם; איז דען ניטאָ עפּעס אַ ספּעציעלער דיעטע־רעזשים, אַן אַלגעמיינע היגיענע וואָס זאָלן פאַרהיטן, אַז די קראַנקייט זאָל זיך ניט אומקערן? ניט לאַנג צוריק האָב איך פונסניי געלייענט טורגעניעווס קאָרעספּאָנדענץ. ס׳איז מיר דערביי אויפ־געפאַלן, אַז אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט זיך דערנערט בלויז מיט מילך, איז ער פּטור געוואָרן פון גרויסע ווייטיקן, וואָס זיין אומהייל־באַרע קראַנקייט האָט אים פאַרשאַפט און פאַרהעלטנישמעסיק גע־

בליבןביים געזונט. צום באַדויערן זײַנען אונזערע דאָקטוירים צו ווינציק היגיעניסטן! אַ קלוגער האָמעאָפּאַט וואָלט אייך אפשר געקאָנט געבן אַ גוטע עצה — ניט מיט זײַנע פּילן, נאָר מיט היגיענע וואָס זיי, די האָמעאָפּאַטן, שטודירן אויס בעסער ווי אַנדערע דאָקטוירים.

איך קאָן אייך ניט איבערגעבן ווי עס טוט מיר וויי ביים געדאַנק — מיר אַלע דריי לײַדן פון דעם, ווײַל סאַשאַ האָט אייך אויך שטאַרק ליב — אַז אונדזער פרײַנט מוז ליגן קראַנק אין בעט און די אָרימע פרײַלין עדיט מוז דאָך אַזוי לײַדן, וואָס זי קאָן אייך ניט באַפרײַען פון די ווייטיקן.

טויזנט מאָל אַ דאַנק אייך פאַרן בוך „פּאָלסקאַ”. איך קען זייער גוט דאָס בוך, ווײַל איר האָט דאָך לעצטן פרילינג מיר געשיקט דאָס בוך אין אַ דײַטשער איבערזעצונג. איך האָב נאָך ערגעץ־וואו אַ בריוו, אַ לאַנגן בריוו, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אייך שרײַבן און אייך זאָגן, וואָס פאַר אַ שטאַרקן אײַנדרוק עס האָט אויף מיר געמאַכט און וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן עס האָט מיר פאַרשאַפט לייענענדיק און איבער־לייענענדיק ווידער געוויסע זײַטן. איך האָב אפילו באַלד געשריבן קיין אַמעריקע און פאָרגעשלאָגן אַרויסצוגעבן דאָס בוך אויף ענגליש. איך האָב עס געשריבן צו אַ פאַרלעגער, ער איז אַן אויסגעצייכנטער מענטש.

איך קען די פּאָליאַקן און איך האָב צווישן זיי אַ סך פרײַנט; איך האָב געמיינט אַז איך קען זיי (די פּאָליאַקן) אָבער אין אײַער בוך געפין איך אַזעלכע פײַנע און אין דער זעלבער צײַט אַזעלכע ריכטיקע כאַראַקטעריסטיקעס; איך הייב איצט אָן גלייבן, אַז אין דער אמתן קען איך זיי ניט אַזוי דורך און דורך.

אינעם בוך זײַנען פאַראַן אַזעלכע שיינע זײַטן, אַז איך האָב דאָס בוך ליב באַקומען אַזוי ווי איך האָב ליב זייער ווינציק אַנדערע ביכער — הערצען, „מאַראַל” פון גויאָ, טורגעניעוו און אײַערע ביכער, טײַערע פרײַנט.

איך האָב אַ סך מאָל אָנגעהויבן צו לייענען (אײַער) „יוליוס לאַנגע” און דאָס בוך וועגן איבסענען; איך האָב אָבער דערבײַ אַזוי שווער געאַרבעט אַז דער קאָפּ איז מיר געוואָרן אויסגעמאַטערט; דעניש מאַכט מיך גיך מיד, אַזוי אַז איך קען פאַר אַ מאָל איבער־

לייענען בלויז עטלעכע זייטן. דער פיזיאָלאָג וואָס האָט אויסגערעכנט אויף וויפיל הייסער עס ווערט די טעמפּעראַטור פון אונדזער מוח בשעת מען זעצט איבער פון אַ פרעמדער שפּראַך, האָט ריכטיק גע־רעכנט און דערפאַר טאַקע פיל איך צו אייך אַ פריינטשאַפט. מיט די "הויפּטשטרעמונגען" (דייטש) גייט עס אַ ביסל בעסער. איך דאַרף פאַרענדיקן מיינע זכרונות וואָס אויף זיי האָב איך אַ סך געאַרבעט.

איך האָב אָנגעהויבן אַ גרעסערע אַרבעט וועגן אייער בוך "פּוילן", איך האָב אָט די אַרבעט ניט פאַרענדיקט, נאָר דערפאַר ווייל איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן וועגן די פּוילישע סאָציאַליסטן, ווייס איך אָבער ניט ווי צו פאָרמולירן מיינע געדאַנקען. איך פאַרשטיי גוט אייער קריטיק, אָבער איך דאַרף דאָ זאָגן אַ פּאָר ווערטער לטובת זיי. (אין זיין בוך "איינדרוקן פון פּוילן" פון 1886, האָט בראַנדעס געשריבן, אַז אַלץ וואָס די פּוילישע סאָציאַליסטן ווילן און טוען, קומט בלויז צונויף רוסלאַנד, און אַז אַלע זייערע סטרייקן ענדיקן זיך מיט אַ דורכפאַל — וו. גר.) איך וויל זאָגן, אַז דאָס וואָס דאָרט איז ניט געווען קיין סאָציאַליזם האָט געבראַכט שאָדן דעם אויפ־שטאַנד פון 1863. יענע צייטן זיינען אָבער שוין לאַנג אַוועק! חוץ דעם וועט פאַר אייך אינטערעסאַנט זיין אַן אַנדער ענין: מיר האָבן איצט אין רוסלאַנד אַן ערנסטע אַרבעטער־באַוועגונג, אַ זייער שטאַרקע אפילו און אָנגעהויבן האָט זי זיך אין פּוילן. אומלעגאַל, געטראָגן פון די פּוילישע אַרבעטער, וואָס שטייען אויף אַ לפי ערך העכערן קולטור־ניוואָ, האָט די אַרבעטער־באַוועגונג פון וואַרשע און לאָדז פאַרכאַפּט אויך אַ ריי שטעט אין ליטע און די דאָרטיקע באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער (קורסיוו מיינער: וול. גר.). פון ליטע איז די באַוועגונג אַריבער קיין רוסלאַנד. די געשיכטע איז אומברחמנותדיק אין דעם ווי אַזוי זי טיילט איין די ציוויליזאַציע לויט קלאַסן; צי ווייסט איר, אַז דער ליטווישער אַדעל איז אין 1854 געווען דער איינציקער קלאַס וואָס האָט געפאָדערט דאָס אָפּשאַפן פון לייב־אייגנטום, בשעת דער רוסישער אַדעל האָט אויף זיינע פּעריאָדישע צוזאַמענפאָרן, ניט געוואָלט הערן אפילו וועגן באַפרייען די פּויערים.

איך האָב געפילט, אַז אַלץ וואָס איר זאָגט איז ריכטיק; איך האָב בלויז געוואָלט פון מיין זייט אויך זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן די

פוילישע סאָציאַליסטן. דאָס איז אַ בראַוו פֿאָלק! און ווי שיין איז עס פון אייער זייט אַזוי צו פֿילן און אַזוי באַזאָרגט זיין. אָבער גענוג! ס'איז צו ברוטאַל אַרויפצווינגען אויף אייך אַזאַ לאַנגן בריוו.

טויזנט, טויזנט מאָל אַ דאַנק אייך, טייערער פריינט, פאַר אייערע אויפמונטערנדיקע ווערטער וועגן מיינע זכרונות. די ווערטער זיינען מיר טייער ווייל זיי קומען פון אייך. דאָס קאַפּיטל וועגן די קינדער־יאָרן איז דאָס לייכטסטע. עס וועט זיין אַ סך שווערער זיך אָפּצו־שטעלן אויף דער פּסיכאָלאָגיע פון דער אַנטוויקלונג, אויף די גע־שעענישן אין דער סביבה, דאָס איז ניט אַזוי איינפאַך.

איך וועל שרייבן פרוי סטעפּניאַק. סאָפיע שיקט אייך אַ סך, אַ סך גרוסן, סאַשאַ אויך — אויך צו אייער עדיט. איך ווינטש אייך פון טיפן האַרצן איר זאָלט אינגיכן געזונט ווערן און אַלע בעסטע וואונטשן אייך און עדיט.

האַרציק, אייער

פעטער קראָפּאָטקין".

## געאָרג בראַנדעס צו פעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, דעם 22 מערץ 1899.

"מיין טייערער פריינט,

איך האָב היינט באַקומען דעם זעקסטן נומער (פון "אַטלאַנטיק מאָנטלי") מיט אייער אויטאָביאָגראַפיע און אויפן אָרט געלייענט מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. ווי שיין און טיפזיניק איז דאָס, וואָס איר זאָגט וועגן דער באַפרידיקונג וואָס מען פילט ווען מען געפינט אויס דעם אמתן צוזאַמענהאַנג (אין דער וועלט), און ווי נאָך מער שיין און נאָך טיפזיניקער איז דאָס, וואָס איר שרייבט וועגן דער אָרימער באַפעלקערונג פון פינלאַנד און אירע נויטן.

איר האָט מיך אַביסל פאַרגעסן און דאָס איז ניט מער ווי נאַטירלעך ביי אייערע צאָלרייכע באַקאַנטשאַפטן. אָבער איך האָב קיינמאָל ניט דערהאַלטן דעם פינפטן נומער און דאָס פעלט מיר, כדי צו קאָנען אייער לעבן. איך בעט אייך שיקט מיר דעם נומער וואו עס מוז זיין די שילדערונג פון אייער רייזע קיין סיביר.

איך נייטיק זיך איצט אין אַביסל מיטגעפיל ווייל אָט שוין מער ווי דריי חדשים ווי איך ליג אין בעט. שוין כמעט הונדערט טעג ווי איך בין ניט געשלאָפן ווי מען דאַרף שלאָפן. ווי נאָר די אַנטצינדונג פון די ווענעס הערט אויף אין איין זייט, הייבט זיך דאָס אָן אין דער צווייטער זייט. און די דאָקטוירים קענען ניט קיין אַנדער מיטל ווי דאָס אַבסאָלוטע ניט באַוועגן זיך, אָבער טאַקע אַבסאָלוט, וואָס דאָס איז כמעט אוממעגלעך און טוט שטאַרק ווייי. אפשר קאָנט איר שאַפן פאַר מיר עפּעס אַ מיטל וואָס זאָל מיר העלפן.

איך האָב אָנגעשריבן (אַ מאַניפעסט) אַן אויפרוף צו דייטשלאַנד וועגן די ליידן פון מיינע אָרימע לאַנדסלייט (די דענען) וואָס זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון (דער אַמאָליקער דענישער פּראָווינץ) שלעזוויג און די וואָס ליידן אין שלעזוויג. איך האָב עס ניט געטאָן סתם פון זיך אַליין. די דענישע מיטגלידער פונעם דייטשן רייכסטאַג און די צוויי פּאַראיינען פון די דענישע סטודענטן, די קאָנסערוואַטיווע און די ראַדיקאַלע, האָבן זיך צו מיר געוואַנדן ווי צו אַ דענישן מענטשן וואָס איז גוט באַקאַנט אין אייראָפּע און מיך געבעטן שרייבן.

עס איז אוממעגלעך דאָס צו דרוקן אין דייטשלאַנד. די צייטונגען און די אַזוי גערופענע זשורנאַלן האָבן מורא צו פאַרלירן זייערע אַבאָנענטן, הגם זיי פאַרזיכערן מיך, אַז זיי זיינען פולשטענדיק מסכים מיט מיר. דעם ערשטן אַפּריל וועט מיין אַרטיקל פּובליקירט ווערן אין זשורנאַל ״רעווי די פּאַריז״. אַן ענגלישער רעדאַקטאָר, מר. סניי־דער, האָט ביי מיר געבעטן אַ קליינעם עסעי, וואָס ער וואָלט וועלן אַרויסגעבן ווי אַ בראָשור, האָב איך אים געשיקט דאָס אַרטיקל אין אַ זייער גוטער ענגלישער איבערזעצונג. ער וואָלט בעסער וועלן פון מיר אַ ריין ליטעראַרישע סקיצע, ער האָט מיר נאָך ניט געע־ענטפערט צי ער וועט דעם אַרטיקל דרוקן. גוט, איך שרייב אים, אַז אויב ער וויל עס ניט דרוקן, זאָל ער עס אייך צושיקן.

אויב עס וועט טאַקע אַזוי זיין, בעט איך אייך אָפּצודרוקן עס אין די זשורנאַלן וואו איר שרייבט, ״פּאָרטנייטלי״, ״קאָנטעמפּאָרערי״ אָדער ״אַטלאַנטיק״.

איך שיק אייך דאָ אַ קליינע זאַך אויף דעניש. איר וועט זען, דאָס איז אַן אומשולדיקע זאַך, — נאַזאַרבעק האָט מיר געשיקט זיין

גלענצנדיק בוך, איך האָב דערווייל געלייענט בלויז אַ העלפט, איך בין שוואַך.

**האַרציק, אייער**

געאָרג בראַנדעס".

דער אַרטיקל פון געאָרג בראַנדעס איז סוף כל סוף געדרוקט געוואָרן אין אַ סך פּלעצער, אפילו אין בערלין וואו מאַקסימיליאַן האַרדען, דער באַרימטער דייטש־יידישער שרייבער, האָט עס פּובליצירט אין זיין ניט ווייניקער באַרימטן זשורנאַל "צוקונפט", אין "רעווי דע דע מאָנד" אין פּאַריז, אין "קאָנטעמפּאָרערי רעוויו" אין לאָנדאָן. דער אַרטיקל איז איבערגעזעצט געוואָרן אויך אויף טשעכיש, פּויליש און רוסיש.

געאָרג בראַנדעס האָט געהאַט אויסצושטיין אַ סך עגמת נפש פון זיינע דענישע מיטבירגער פאַר ניט זיין גענוג דעניש־פּאַטריאָטיש, ווי ער האָט געהאַט שטענדיק אויסצושטיין גענוג זלזולים פון יידן פאַר ניט זיין קיין "אמת גוטער" ייד. פון ביידע זייטן האָט מען אים שטענדיק פאַרפאָלגט מיט טענות און מען פלעגט אים דערפירן צו אַזאַ צושטאַנד, אַז ער פלעגט אַמאָל פאַרלירן דאָס געדולד און ענטפערן אויף אַן אופן, וואָס האָט ערשט דעמאָלט אַרויסגערופן די שאַרפסטע פּראָטעסטן קעגן אים.

דאָס קליינע דענעמאַרק האָט גרויסע פּאַטריאָטן, אָבער מען האָט קוים געקענט געפינען צווישן זיי איינעם מיט אַזאַ וועלט־נאָמען ווי געאָרג בראַנדעס האָט געהאַט און מיט אַזוי פיל מוט, ווי ער האָט אַרויסגעוויזן אין בערלין אין די צייטן פון דער געפערלעכסטער פּרייסישער רעאַקציע. ער איז דאַן שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער דייטשער רעגירונג פאַר באַהאַנדלען ברוטאַל די דענישע מינדערהייט אין שלעזוויג, די קליינע דענישע פּראָווינץ וואָס דייטשלאַנד האָט צוגענומען ביי דענעמאַרק בשעת דער מלחמה פון 1864. אַז זיין קאַמף לטובת די דענער פון שלעזוויג איז ניט געווען אַזוי גרינג דורכצופירן, באַווייזט דער פאָלגנדיקער בריוו פון קראָפּאָטקין.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ. בראָמלי, קענט.
23 מערץ 1899.

״טייערער פריינט,

היינט האָב איך באַקומען צוריק פון מר. סניידער אייער אויסגע־צייכנטן אַרטיקל, ״דענעמאַרק און דייטשלאַנד״. סניידער זאָגט מיר, אַז איר וועט זען דאָס אַרטיקל זאָל מסתמא ווערן געדרוקט אין ״פאָרטנייטלי רעוויו״, אָדער אין אַן אַנדער זשורנאַל. אַזוי ווי איך קען ניט דעם רעדאַקטאָר פון ״פאָרטנייטלי״, אָבער איך קען גוט דעם רעדאַקטאָר פון ״ניינטינטה סענטשורי״ נאָועלס, האָב איך אים געשיקט אייער אַרטיקל און געזאָגט אַלץ וואָס איך האָב נאָר געקאָנט זאָגן וועגן יעדער שורה וואָס איר שרייבט. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל מיר תיכף ענטפערן. איך ווייס נאָר, אַז נאָועלס איז איצט קראַנק מיט אינפלוענציע, ווי גאַנץ לאָנדאָן, און איך אַליין בין אויך קראַנק.

די גאַנצע צייט האָב איך איך געוואָלט שרייבן, אָבער די זכרונות פאַרנעמען מיין גאַנצע צייט און מיין גאַנץ לעבן. עס בלייבט מיר קוים צייט צו ענטפערן אויף בריוו, אפילו אויף דרינגענדע בריוו (איין פריינט שרייבט מיר: ״אַלע אייערע בריוו מאַכן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן געשריבן געוואָרן בשעת אַ שרפה״).

דעם צענטן פון יעדן חודש איז דער לעצטער טערמין, ווען איך דאַרף אַוועקשיקן דעם נייעם קאַפּיטל פון די ״זכרונות״, און ווען איך זע, אַז איך בין פאַרשפּעטיקט, איז דעם צענטן אָדער עלפטן אייל איך זיך אין דער לעצטער מינוט צו דער פּאָסט אַן אויסגע־מאַטערטער, נאָך דעם ווי איך האָב פאַרבראַכט שלאָפלאָזע נעכט. איך זע שוין דאָס פּנים פון מיין דאָקטאָר און איך הער זיינע ״פאַר־וואורפן״.

אָבער מער פון אַלץ, מיין טייערער פריינט, וויל איך וויסן ווי איר פילט זיך? זענט איר שוין פּטור פון אייער קראַנקייט? ווי פילט איר זיך איצט? די פעסטע שריפט פונעם בריוו זאָגט מיר

עפּעס, אָבער איך וויל הערן פון אייך עטלעכע אויפמונטערנדע ווערטער.

מיין פרוי און איך שיקן אייך און פרייליין עדיט אַ סך גרוסן, און מיר וואונטשן אייך געזונט.

אייער האַרציק איבערגעגעבענער,

פּעטער קראָפּאָטקין".

צוויי טעג שפּעטער שרייבט קראָפּאָטקין ווידער צו געאָרג בראַנ־דעס. די בריוו טראָגן אַ וואַרימען, אַ סענטימענטאַלן אינטימען כאַראַקטער, אָבער צווישן די אויסדרוקן פון פּערזענלעכער פריינט־שאַפט פאַרגעסן זיי ניט וויכטיקע פּאָליטישע פּראָבלעמען. גאַנץ סקאַנדינאַוויע איז געווען באַטייליקט אין דעם קאַמף פאַר דער באַ־פרייאונג פון פינלאַנד פון די לאַפּעס פונעם רוסישן צאַריזם, און געאָרג בראַנדעס איז געווען דער וויכטיקסטער וואָרטזאָגער אין נאָמען פון דער סקאַנדינאַווישער עפנטלעכער מיינונג. זיין רייזע קיין העלסינגפאָרס, די הויפּטשטאָט פון פינלאַנד, וואו עס האָט זיך געפונען דער רוסישער גענעראַל גובערנאַטאָר, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאַניפעסטאַציע וועלכע האָט אָפּגעהילכט אין דער גאַנצער וועלט.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ. בראָמלי, קענט.

25 מערץ 1899.

"זייער טייערער פריינט,

נעכטן האָב איך אייך געשריבן און היינט באַקומען מיר אייער גוטן בריוו וואָס האָט אונדז שרעקלעך באַזאָרגט. דערזעענדיק אייער אַרטיקל אין דעם שטאָקהאָלמער "אַפטאָנבלאַדעט" (וואָס מען האָט מיר געשיקט אין פאַרבינדונג מיט די ענינים פון פינלאַנד) האָב איך געמיינט, אַז איר זענט שוין געזונט און איצט לאָזט איר אונדז גאָר וויסן, אַז איר זענט פאַרמשפּט צו בלייבן צוגעשמידט צום בעט.

עס מוז זיין פאַר אייך אַ פּייניקונג! איין זאַך איז פאַר מיר אַ טרייסט: איך זע וואָס פאַר אַ געוואַלטיקע קראַפט פון ווילן און רעזיסטאַנץ איר באַזיצט, און אייער כתב־יד איז אַזאַ פעסטער. עס מערקט זיך אַ נערוועזיטעט אין דעם און דאָס מוז זיין אַ רעזולטאַט פון דער קראַנקייט. ווי שטאַרק וואָלטן סאַפיע און איך געוואָלט זיין מיט אייך און העלפן אייך אין אייַער קאַמף קעגן דער קראַנקייט!

אין דער אייגענער צייט וואָס איך האָב אייך געשריבן נעכטן האָב איך אויך אַוועקגעשיקט אייער אַרטיקל צום ה׳ נאָועלס פון דער ״ניינטינטה סענטשורי״; איר האָט ניט דערמאָנט זיין נאָמען אין אייער בריוו און איך פרעג זיך צי איך בין ניט באַגאַנגען אַ פעלער וואָס איך האָב אים געשיקט אייער אַרטיקל. עס איז פאַראַן נאָך איין שוועריקייט: אויב נאָועלס וועט זיך דערוויסן, אַז דאָס אַרטיקל וועט דערשיינען אין דער אייגענער צייט אויף פראַנצויזיש (דאָס איז נאָר אַ פּשוטער געדאַנק ביי מיר) קאָן דאָס זיין אַ שטערונג פאַר אים אָנצונעמען דאָס אַרטיקל.

אין יעדן פאַל, ווי איך וועל נאָר באַקומען זיין ענטפער — און איך האָב אים געבעטן צו ענטפערן אַזוי גיך ווי מעגלעך, — וועל איך זיין ענטפער אייך שיקן. האָפנטלעך וועט ער אָננעמען דאָס אַרטיקל — עס איז אַן אויסגעצייכנטער אַרטיקל: אַלץ איז אין אים ניי און אַזוי גוט געזאָגט.

זייט מיר מוחל וואָס איך האָב אייך ניט געשיקט דעם פעברואַר־נומער פון ״אַטלאַנטיק״. איך גרייט צו אַ וויסנשאַפטלעכן אַרטיקל פאַר נאָועלסן, און צוליב דעם האָב איך פאַרלוירן דאָס געפיל פון צייט. איך האָב אייך נישט געשיקט דעם נומער, און אויך ניט צו מיין שוועגערין פון פאַריז, דאָס איז דער אמת! איך וועל אייך אַרויס־שיקן די איינציקע קאָפּיע וואָס מיר האָבן אין הויז.

איך דאַנק אייך פאַר די גוטע ווערטער וואָס איר זאָגט מיר וועגן פינלאַנד. דאָס איז די פּסיכאָלאָגיע פון אַזוי פיל פון אונדזערע מענטשן, וועלכע האָבן פאַרלאָזן די וויסנשאַפט צוליב פּאָליטישע אַקטיוויטעטן. אייערע ווערטער, געשריבן אין בעט, ניט געקוקט אויף אייער קראַנקייט, רירן אונדז ביז אין די טיפענישן פון האַרצן. מירביידע, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אַלע דריי, שיקן אייך אַ

סך, אַ סך גרוסן, אויך צו מיס עדיטה, וועלכע איז מסתמא מיט אייך.
איך דריק אייך שטאַרק די האַנט, טייערער פריינט.
פעטער קראָפּאָטקין".

ביי אונדז אין הויז איז אַן אמתער שפּיטאָל. איך האָב אָנגעהויבן מיט דער אינפלוּענציע, ראָזע נאָך מיר און איצט איז סאַשאַ קראַנק".

# זעקסטער קאַפּיטל

מיר געדענקען אַלע דעם איינדרוק וואָס פּעטער קראָפּאָטקינס באַרימט בוך "זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָנער" האָט אויף אונדז געמאַכט. מיר געדענקען דעם פיינעם אַריינפיר צום בוך, געשריבן פון געאָרג בראַנדעס. דאָס דאָזיקע פאָרוואָרט האָט, אַזוי צו זאָגן, אַ געשיכטע הינטער זיך. בראַנדעס איז געווען געוואַלטיק אימ־פּאָנירט פון דער פּעטער קראָפּאָטקין פּערזענלעכקייט און ער האָט אַלץ געוואָלט טיפער און טיפער אַריינדרינגען אין אים. האָט ער דאָס אויך געשריבן און געזאָגט קראָפּאָטקינען, אַז ער וויל אים דערקענען. ווען קראָפּאָטקינס זכרונות האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן, האָט זיי בראַנדעס געלייענט מיט אַ גאָר גרויסן אינטערעס. דאָ האָט ער געהאַט דעם אמתן קוואַל פון דערקענען דעם גרויסן רוסישן מענטש. דערפאַר באַקומט אַזאַ גרויסן אינטערעס דער פאָלגנדער בריוו.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 28 מערץ 1899.

"טייערער פריינט מיינער, איך האָב מורא צונעמען אייער צייט, אָבער איך מוז אייך שרייבן עטלעכע שורות און דאַנקען אייך פאַר דעם פינפטן קאַפּיטל פון אייער אויטאָביאָגראַפיע. גלייבט מיר, אַז איר האָט ניט קיין מער אויפמערקזאַמען לייענער ווי איך. איך הויב אָן אייך צו קענען און דאָס פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגן. איר פאַרדינט, אַז מען זאָל אייך קענען. מען קאָן ניט זיין מער באַשיידן ווי איר זענט עס אינעם בוך; איר ווייזט אַרויס אַזאַ גרויסקייט, אַז

דאָס לייענען טוט איינעם גוט און עפּנט פאַר אים נייע האָריזאָנטן. וואָס מיך פאַרכאַפּט, איז דאָס וואָס איר זייט אין דער זעלבער צייט אַ וויסנשאַפטלעכער טעאָרעטיקער פון אַ גרויסן ווערט און אַ וויכ־טיקער פּראַקטישער מענטש, אַ פאָרשער, אַ מענטש וועלכער ווייסט ווי לאָזן זיך פאַרשטיין אפילו פון מענטשן אָן קולטור. דאָס פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגן, ווי אַלץ וואָס איז זייער שיין.

איר האָט געהאַט אַ גראַנדיעזן לעבן. מיין לעבן, ווי טעטיק עס זאָל ניט האָבן געווען, זעט מיר אויס אַזוי קליין אין פאַרגלייך מיט אייער לעבן. פריער פון אַלץ, האָט איר געזען די וועלט אַ סך מער ווי איך. איר זענט געבוירן אין אַ גרויס לאַנד, איך — אין אַ גאָר קליינטשיקן; איר זענט פון אייער געבורט אָן אַריין אין אַ הויכער סביבה, איך ניט.

אין די לעצטע נומערן (פון דער אויטאָביאָגראַפיע) וועלכע שילדערן דאָס גרויסע בילד, רעדט איר צו ווייניק וועגן זיך אַליין און צו פיל וועגן דעם לאַנד און וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע. איך וואָלט וועלן האָבן אַ נאָענטערן פּסיכאָלאָגישן איינבליק אין אייער נשמה. איך, וואָס באַוואונדער אַזוי ווייניק, באַוואונדער אייך אויפריכטיק. איך וואָלט וועלן האָבן אַ נאָך אינטימערן בליק פון אייך. איך פאַרשטיי אָבער זייער גוט די שוועריקייטן. איך וואָלט אויך ניט געקאָנט דערציילן וועגן זיך אַליין; איך וואָלט גאָרניט ניט געקאָנט זאָגן. איר אָבער האָט געלייזט דאָס שווערע פּראָבלעם.

טויזנט דאַנקען מיס סאַשאַ פאַר אָפּגעבן מיר די איינציקע קאָפּיע פונעם זשורנאַל וואָס איז פאַרבליבן. איך שטעל זיך אונטער איר שוץ און איך בעט זי: זעט, אַז מען זאָל מיך ניט פאַרגעסן ביי די ווייטערדיקע נומערן.

איך האָב אַ סך געשריבן ליגנדיק אין בעט אַ קראַנקער. אָבער איך וועל ניט וואַגן צו שיקן עס אייך אויף דעניש, ס'איז דאָך שווער צו לייענען. היינט אין אָוונט ברענגען מיר יונגע לייט פון שלעזוויג צו מיין קראַנקן־בעט אַן אַדרעס מיט אַ דאַנק, זייער קינסטלעריש אַראַנזשירט.

איך דאַנק אייך און האָב אייך ליב מיטן גאַנצן האַרצן.

געאָרג בראַנדעס".

דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעך־סענטימענטאַלער בריוו איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר געאָרג בראַנדעס דעם מענטשן. איך צווייפל, צי עס איז געווען אַן אַנדערע פערזאָן, חוץ זיין מוטער, צו וועלכער ער איז געווען אַזוי שטאַרק צוגעבונדן ווי צו פעטער קראָ־פּאָטקין.

בראַנדעס פלעגט חדשים לאַנג ליגן אַ קראַנקער אין בעט מיט אַ ווייטאָג אין אַ פוס, אָבער דאָס האָט קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט זיין אַרבעט און זיין דורשט נאָך וויסן. מען פלעגט טראָגן צו אים גאַנצע פעק מיט ביכער פון דער קעניגלעכער ביבליאָטעק. ער האָט נאָכגעפאָלגט אַלע געשעענישן אין דער וועלט, רעאַגירט אויף זיי און אויף זיין אייגענעם אופן געגומען אַן אַנטייל אין זיי. דאָס איז געווען, וואָס קראָפּאָטקין האָט אַזוי שטאַרק באַוואונדערט אין אים.

## פעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

קראָקהעם היל, ביי עדינברידזש, קענט,
19 אַפּריל 1899.

"זייער טייערער פריינט,

אייער קאַרטל האָט אונדז געפונען ביי דער פרוי סטעפּניאַק. מיר זיינען אַנטלאָפן אַהער נאָך דעם ווי מיר אַלע דריי, ריכטיקער געזאָגט, אַלע פיר, זיינען קראַנק געווען מיט אינפלוענציע.

איך האָב תיכף געשריבן צו נאָועלס און פאַרלאַנגט, ער זאָל מיר לאָזן וויסן, וואָס איז זיין באַשלוס וועגן דעם אַרטיקל. ער האַלט געוויינלעך די אַרטיקלען זייער לאַנג איידער ער ענטפערט.

מיר זיינען פשוט פאַרצווייפלט צוליב דעם, וואָס איר זענט נאָך אַלץ קראַנק. האָט איר גוטע דאָקטוירים אין קאָפּענהאַגען? מיט אייער קאָלאָסאַלער וויטאַליטעט וואָלט איר שוין באַדאַרפט קאָנען שטיין אויף אייערע פיס. ס'איז באמת שרעקלעך צו ליגן שטענדיק אין בעט. בפרט נאָך פאַר אַ מענטשן ווי איר. עס איז שווער פאַר־צושטעלן זיך, אַז איר קאָנט ליגן רואיק אין בעט אָן שום אַקטי־וויטעטן.

מיר געפינען דאָ די ערשטע טעג פונעם אמתן פרילינג, נאָך דעם

פעריאָד פון קעלט און רעגנס. אונדזער קליין דערפל באַשטייט אינ־גאַנצן פון עטלעכע הייזער; עס הענגט אויף אַ שפּיץ באַרג, וואָס פירט אַראָפּ צו אַ גרויסן טאָל. פּרוי סטעפּניאַק וואוינט דאָ איינע אַליין אין אַ קליינער הייזקע און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי איר. דעם אויסקוק, וואָס מען האָט פונדאַנען, איז אַ פּרעכטיקער. מיר פירן דאָ אַ ניהיליסטישע בעל־הביתישקייט. סאַשאַ פּילט זיך בעסער די לעצטע צוויי דריי טעג, אויך סאָפי און איך זיינען גענוג געזונט, כדי צו טאָן אַרבעט אין הויז און מאַכן לאַנגע שפּאַצירן אין דער געגנט, אָבער צו פויל צו שרייבן.

אין אַ צוויי דריי טעג אַרום וועל איך אייך ווידער שרייבן, ווי נאָר איך וועל באַקומען דעם ענטפער פון נאָועלס.

איך האָב אייך נאָך ניט געדאַנקט פאַר אייער גוטן, גוטן בריוו וועגן מיינע זכרונות. גאַנץ באַזונדערס דאַנק איך אייך פאַר אייערע באַמערקונגען, וואָס גייען מיך אָן פערזענלעך. אינעם אַכטן טייל, וועלכן איך שרייב איצט (געפענגעניש, די פלוכט), וועל איך מער רעדן וועגן זיך; איר זייט גערעכט. אין די פריערדיקע טיילן פעלט עס אויס. איך בין אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון שילדערן די אַטמאָס־פערע, אַז זיך אַליין האָב איך פאַרזען אין דעם גאַנג פון די זכרונות.

טויזנט, טויזנט וואונטשן פאַרן געזונט ווערן פון סאָפי, פון פּרוי סטעפּניאַק און וואַרעמע גרוסן צו מיס עדיט.

האַרציק, אייער,

פּעטער קראָפּאָטקין".

אויף מאָרגן נאָך דעם בריוו שרייבט פּעטער קראָפּאָטקין ווידער צו זיין פריינט אין קאָפּענהאַגען:

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

קראָקהעם היל, ביי עדינברידזש, קענט,
20 אַפּריל 1899.

"זייער טייערער פריינט,

היינט האָב איך באַקומען דעם בריוו פון נאָועלס. ער באַקומט

זיכער דריי־פיר מאָל מער אַרטיקלען, ווי ער דאַרף האָבן פאַר זיין זשורנאַל. אָבער עס איז קלאָר, אַז דאָ שפּילן אַ ראָלע אַנדערע אומ־שטענדן: אָדער ס׳איז די דערנענטערונג מיט דייטשלאַנד — וואָס דאָס איז זייער מעגלעך — אָדער ס׳איז דער ערשטער טייל פון (אייער) אַרטיקל, וועלכער איז געצילט קעגן דער דענישער רעגי־רונג (בראַנדעס האָט אין זיין אַרטיקל קעגן דייטשלאַנד שאַרף אַטאַ־קירט די דענישע רעגירונג פאַר ניט האָבן דעם מוט און די ווירדע אַרויסצוטרעטן ווי עס דאַרף צו זיין קעגן די דייטשע פאַרפאָלגונגען פון דער דענישער מינדערהייט אין שלעזוויג. זיין אַרטיקל מיט די אָנקלאָגן איז דערשינען אינעם זשורנאַל ״רעווי דע פּאַריז״ — וו. ג.): דער זשורנאַל ״דאָס נייַנצנטע יאָרהונדערט״ ווערט רעגולער געלייענט פון דער ענגלישער קעניגין — דעריבער... אגב, איך האָב געהאַט אַן ענלעכע צרה צוליב ניקאָליי דעם צווייטן מיט אַ גאַנץ אומשולדיקן אַרטיקל.

איך שיק אייער אַרטיקל צו פּערסי וו. באַנטינג, דער רעדאַק־טאָר פון ״קאָנטעמפּאָרערי רעווי״. אָבער קיין סך האָפענונגען האָב איך ניט. באַנטינג איז אַ קריסט אין העכסטן גראַד. דעריבער...

ווערט בלייבן נאָך די ״פּאָרטנייטלי״, דער פּאָליטישסטער פון די זשורנאַלן, אָבער איך האָב מורא, אַז מיין אינטערווענציע וועט אין דעם פאַל אַלץ פאַרשטערן. איר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, ווי אַזוי איך ווער באַיקאָטירט אין ענגלאַנד. מיינט ניט, אַז דאָס איז מיין פאַנטאַזיע. ס׳איז דער ריינער אמת, איך וויל נאָר פעסטשטעלן אַ פאַקט. אָט האָט איר אַ ביישפּיל מיט מיין נייעם בוך ״פעלדער, פאַבריקן און ווערקשעפער״. די ״טיימס״ האָט אָנגעהויבן די רע־צענזיע וועגן דעם בוך מיט די פאָלגנדע ווערטער: ״פּ. ק. שרייבט זייער פיין״. די ״דיילי ניוס״ האָט זיך אַנטשלאָסן אָנמעלדן דאָס בוך צוויי חדשים נאָך דעם, ווי עס האָט אַנטדעקט, אַז אינעם בוך איז ניטאָ קיין סאָציאַליזם... די ״דיילי קראָניקל״ האָט געדרוקט אַן אויסגעצייכנטע רעצענזיע... (געשריבן פון אַ סאָציאַליסט) פיין, אָבער די גרויסע בוך־האַנדלונג, מודי, פון וועלכער עס איז אָפּהענ־גיק דער דערפאָלג אָדער דורכפאַל פון ביכער אין ענגלאַנד, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַפילו איין קאָפּיע פון מיין בוך. אַ רוסישער

פריינט, וועלכער האָט געוואָלט האָבן אַ קאָפּיע, האָט געמוזט מאַכן אַ גאַנצע סצענע. — "מיר האַלטן ניט דאָס בוך", איז געווען דער ענטפער, וואָס מיין רוסישער פריינט האָט באַקומען.

איך ווייס אויך ניט, צי עס וואָלט ניט געווען בעסער, אויב אַן אַנדערער ווי איך וואָלט זיך געווענדט מיט אייער אַרטיקל צו דער "פאָרטנייטלי".

וואָס אַנבאַלאַנגט די "אַטלאַנטיק" ("אַטלאַנטיק מאָנטלי"), האָב איך שוין געהאַט דאָרט אַ דורכפאַל מיט צוויי אַרטיקלען — איין אַרטיקל פון עלי רעקליו (דער אַנטראָפּאָלאָג) און דער אַנדערער, אַ פיינער, אַ גרויסאַרטיקער אַרטיקל פון מיס גאַרנעט, די טאָכטער פון דר. גאַרנעט פונעם בריטישן מוזעאום — אירע איינדרוקן פון רוסלאַנד בשעת די דעמאָנסטראַציעס אין פאַרבינדונג מיט דעם "זעלבסטמאָרד" פון דער וועטראָוואַ. (דאָס יונגע מיידל וועטראָוואַ איז אַרעסטירט געוואָרן אין פעטערבורג אין חודש דעצעמבער 1896. אין פעברואַר 1897 האָט זי זיך באַגאָסן מיט פעטראָל און אונטערגע־צונדן. אַ פּאָר טעג נאָך דעם איז זי געשטאָרבן. דאָס האָט אַרויסגע־רופן אַ גרויסע סטודענטן־דעמאָנסטראַציע אין פעטערבורג. — וו. ג.). חוץ דעם איז אַמעריקע אַזוי ווייט. מען דאַרף עס דרוקן אין לאָנדאָן.

האָפנטלעך וועל איך אייך קאָנען אין אַ פּאָר טעג אַרום שיקן בעסערע נייעס. דערווייל שיק איך אייך אַ סך, אַ סך גרוסן פון אונדז אַלעמען.

פּעטער קראָפּאָטקין

פרוי סטעפּניאַק, סאָפי און סאַשאַ שיקן אייך אַ סך גרוסן און בעטן אייך ווערן געזונט וואָס גיכער".

מיר זעען, ווי די צוויי פריינט פאַרזוכן צו העלפן איינער דעם אַנדערן — צוויי פרייע גייסטער, צוויי אויסגעשפּראָכענע אינדיווידו־אַליטעטן, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט אַריינפּאַסן און אוודאי ניט צופּאַסן זיך צו דער קאָנווענציאָנעלער בירגערלעכער מאָראַל. דער קלימאַט אין דער גאַנצער וועלט ווערט באַאיינפלוסט פון די קאַלטע,

שוואַרצע ווינטן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דעם צאַריסטישן פּעטערבורג און פונעם קייזערלעכן בערלין.

אַ פּאָר חדשים שפּעטער, נאָך דעם וויביידע קומען אַביסל צו זיך נאָך זייערע קראַנקהייטן, בשעת זיי זיינען פאָרט אָנגעגאַנגען מיט זייער אַרבעט, הויבט זיך אָן ווידער זייער קאָרעספּאָנדענץ.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

סט. ענדריו לאָדזש, באָקאָם,
20 יוני 1899.

"מיין טייערער פריינט,

אויסגעשעפּט פון מידקייט, האָב איך געמוזט אַנטלויפן אויף אַכט טעג צום ים, כדי צו זאַמלען נייע כוחות. עס איז אַ שטאָט פון בעדער, פונוואַנען איך שרייב אייך.

באַנטינג האָט מיר געשריבן, אַז ער באַדויערט, וואָס ער האָט ניט געקאָנט דרוקן אייער אַרטיקל אין דעם יוני־נומער, ווייל ער האָט געמוזט נעמען אַ צאָל אַרטיקלען אַקטועלע (ענגלישע אַקטואַליטעטן), וואָס דאַרפן גיין צוזאַמען. וועט עס זיין פאַרן חודש יולי. ער און נאָועלס שטעלן שטענדיק צונויף זייערע נומערן לויט אַ באַשטימטן פּלאַן — איך ווייס דאָס לויט דעם "ניינטינטה סענטשורי"; חוץ דעם איז מען דאָ אינגאַנצן פאַרנומען מיט דער שלום־קאָנפערענץ (צונויפגערופן אין האַאַג, האָלאַנד, אויף דער איניציאַטיווע פון ניקאָליי דעם צווייטן... — וו. ג.) און די דרום־אַפריקאַנישע ענינים. די לעצטע אַכט טעג גרייטן צו די קאָרעספּאָנדענטן פון די צייטונגען זייערע זאַכן אויף צו פאָרן קיין פּרעטאָריאַ!!

וואָס מאַכט איר, טייערער פריינט? האָט זיך אָפּגעשטעלט די ענצינדונג? אפשר וואָלט פאַר אייך גוט געווען צו בייטן דעם קלימאַט? דאָ זיינען דאָ גרויסאַרטיקע מיטלען קעגן אַלערליי קראַנקהייטן. ווי נאָר עס גייט ניט גוט, שיקט מען באַלד אַוועק צום ים, צו בייטן דעם קלימאַט. אין ענגלאַנד איז עס אין יעדן פאַל איינס פון די בעסטע זאַכן. די שטעט מיט בעדער האָבן דאָ אַ מאַסע פּאַנ־

סיאַנאַטן צו יעדן פּרייז. מיר ווילן אויך פֿאַרברענגען אַ זעקס אָדער מינדסטן פֿיר וואָכן אין אויגוסט אויף דעם אינדזל ווייט. דאָ איז דער ים און אַ וואַלד פֿון סאָסנעס — און אַ שרעקלעכע היץ וואָס מאַכט מיך מיד.

מאָרגן פֿאָר איך קיין בראָמליי. די אָרעמע סאָשאַ מוז בלייבן אין אַזאַ היץ אין דער שולע ביז צום 25־טן יולי. איך מוז פֿאַרענ־דיקן דעם לעצטן קאַפּיטל פֿון די זכרונות פֿאַר דעם "אַטלאַנטיק" און נאָך דעם זיך נעמען צו די קאַפּיטלען, וועלכע זיינען ניט דער־שינען אין דעם "אַטלאַנטיק".

טייערער פֿריינט, אויב איר ווילט מיר מאַכן אייניקע באַמער־קונגען, עפּעס פֿאַרקירצן אָדער פֿאַרגרעסערן טוט עס, איך בעט אייך. איר וועט מיר טאָן דערמיט אַ גרויסן דינסט. איך וויל גראָד איצט אָנהויבן רעווידירן דעם גאַנצן מאַנוסקריפּט, וואָס איז געווען געדרוקט, דערציילן מער וועגן מיין לעבן אין דער אָפּיצירן־שולע (פּאַזשען־קאָרפּוס, אומרוען אין דער שולע, פּערזענלעכע ענינים), נאָכדעם סיביר (רייזע קיין צפֿון־מאַנזשוריע א. א. וו.), נאָכדעם מיין לעבן אין אייראָפּע. איך האָב דאָס געמוזט שטאַרק צוזאַמענפּרעסן, כדי דער גאַנצער שטאָף זאָל אַריין אין די עלף נומערן פֿון "אַט־לאַנטיק".

לויט דער עצה, וואָס איר האָט מיר געגעבן אין איינעם פֿון אייערע פֿריערדיקע בריוו, וועל איך פֿאַרזוכן אויסברייטן דעם פּער־זענלעכן עלעמענט. איך וועל זיין צופֿרידן מיט יעדער באַמערקונג, וואָס איר וועט מאַכן. און מאַכט עס אַזוי אָפֿנהאַרציק ווי איר ווילט — איך וועל אייך זיין גאָר דאַנקבאַר.

ווי גליקלעך וואָלט איך געווען צו דערהאַלטן פֿון אייך די ידיעה, אַז איר זענט געוואָרן געזונט! מיינע בעסטע וואונטשן און בעסטע גרוסן.

פּעטער קראָפּאָטקין".

עס איז געווען קלאָר פֿאַר קראָפּאָטקין אַליין, אַז חוץ דעם וואָס בראַנדעס איז געווען פֿאַרכאַפּט פֿון דער פּערזענלעכקייט פֿון קראָ־פּאָטקין, האָט ער געהאַט אַ טיפֿן אינטערעס פֿאַר דעם ליטעראַטור־

היסטאָרישן ווערט פון קראָפּאָטקינס אויטאָביאָגראַפיע, ספּעציעל פאַר דעם ריין־היסטאָרישן ווערט. אויב דאָס מעכטיקע סלאַווישע לאַנד, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעלייגט אויף דער ריזיקער טעריטאָריע פונעם באַלטישן ים ביז צו די ברעגן פונעם פּאַסיפיק, איז נאָך היינט פאַר אַ סך מענטשן אַ מין ספינקס איז עס מיט זעכציק־זיבעציק יאָר צוריק געווען נאָך מער אומבאַקאַנט, אומבאַגרייפלעך, אָפּט מיסטיש. הערצן, באַקונין, קראָפּאָטקין און אפשר נאָך אַ פּאָר גרויסע רוסישע פּערזענלעכקייטן, וועלכע מען האָט געקענט אין אויסלאַנד, האָבן געפונען דאָס לאַנד עפּעס אַנדערש ווי אינטערעסאַנט. דער נאָמען פון קראָפּאָטקין, "פירשט קראָפּאָטקין", "אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס קאַמער־פּאַזש", "דער אַנאַכיסט קראָפּאָטקין" — פאַר אַזאַ פאָרשער פון קולטור־געשיכטע און קענער פון רוסישער געשיכטע, ווי געאָרג בראַנדעס איז שטענדיק געווען, האָט די באַקאַנטשאַפט מיט פּעטער קראָפּאָטקין געמוזט פירן צו אַן אויפריכטיקער פריינטשאַפט.

אין אַ בריוו פון בראַנדעס צו קראָפּאָטקין פון ערשטן מאַי 1899, אין פאַרבינדונג מיט דעם דערשיינען פון זיינע "געזאַמלטע שריפטן", ווען ער איז נאָך אַלץ קראַנק, זאָגט ער וועגן זייער פריינטשאַפט:

"ס'איז מערקווירדיק, טייערער פריינט, מירביידע האָבן זיך דערנענטערט איינער צום צווייטן פונדערווייטנס. מיר האָבן זיך געטראָפן נאָר צוויי מאָל אין אונדזער לעבן, זיך קוים געקענט, אונדזערע שטודיען, ריכטונגען, אונדזערע כאַראַקטערס זיינען אינגאַנצן פאַרשידן (איך ווייס און איך פאַרגעס ניט, אַז איר זענט אַ סך מער באַגאַבט ווי איך בין עס), אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם, האָט די ליבע צו פרייהייט, צום גוטן, צום מענטשלעכן, אונדז פאַראייניקט. אמת, מען קען זאָגן, אַז די אידעען און די מיינונגען זיינען נאָר דער עטיקעט אויף דער פלאַש, ניט דער ווייַן גופא, אָבער אונדזער וויין איז פון דעם אייגענעם סאָרט. דער אונטערשיד איז נאָר דער, וואָס אייער וויין קומט פון אַ שאַטאָ (פּאַלאַץ)...".

נאָך די ווערטער, קאָנען מיר בעסער פאַרשטיין, ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז קראָפּאָטקין האָט געבעטן געאָרג בראַנדעס

צו שרייבן דעם אַריינפיר צו זיין בוך "זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָ־נער" און אַז ער האָט עס אָנגענומען מיט גרויסער פרייד.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 24 יוני, 1899.

"זייער טייערער פריינט! (איינער פון די זעלטענע מענטשן, וואָס באַערט אַן אָרימען נפש מיטן נאָמען פריינט) ווי דאַנקבאַר איך בין אייך פאַר אייער גוטסקייט און ווי איך שעם זיך פאַר באַ־לעסטיקן אייך מיט אַזוי פיל זאַכן!

איצט בין איך געזונט. שוין 14 טעג ווי איך האָב פאַרלאָזן דאָס בעט, איך גיי אַרויס, איך פאָר אַרויס אין אַ וואָגן (נאָר אַזוי ווי קאַלאָנעל פּיקאַר — מיר זיינען ווי אַלע אַנדערע העלדן — איך גיי אַראָפּ די טרעפּ אַ היפּש ביסל שווערלעך; נאָך זעקס חדשים פון פולשטענדיקן אָפּרו, זאָגן זיך אָפּ מיינע קניען צו דיי־נען). טייערער פריינט, זאָרגט זיך ניט מער וועגן מיין געזונט. איר האָט זיך מיט דעם שוין צופיל פאַרנומען. איך וועל צוערשט אַ ביסעלע אָוועקפאָרן אויפן לאַנד, נאָך דעם וועל איך אַ ביסל רייזן, אפשר וועל איך גאָר קאָנען קומען אייך זען. היינט קאָן איך גאָר ניט באַשליסן, איך בין נאָך ווי באַטרונקען, קומענדיק צוריק צו זיך. מען האָט מיך פאַרבעטן צו קומען אין פיר אָדער פינף לענדער. האָפנטלעך וועל איך קאָנען קומען קיין פאַריז און צו אייך.

ווי איר, אַזוי בין איך אויך איצט פאַרוואָרפן מיט אַרבעט און מיט בריוו. אין משך פון דריי טעג האָב איך דערהאַלטן מיט דער פּאָסט 81 בריוו, ביכער און זשורנאַלן. ס'איז קאָלאָסאַל און עס מאַכט דאָס לעבן אוממעגלעך.

איך שיק דאָ פאַר אייער טאָכטער סאַשאַ 23 בילדער פון מיין ניט־שיינעם פּנים, זינט איך בין געוועזן 3 יאָר אַלט ביז איצט.

איך האָב אַרויסגעשיקט פאַר פרוי קראָפּאָטקין מיין בוך וועגן איבסען אויף ענגליש. האָפנטלעך האָט זי עס באַקומען און וועט מיר אָנטאָן דעם כבוד צו לייענען עס. דאָס בוך איז קליין.

וואָס אָנבאַלאַנגט אייך, מיין טייערער און גרויסער פריינט, וועל איך אייך שרייבן אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דעם ווי איך וועל האָבן איבערגעלייענט אייער אויטאָביאָגראַפיע, מחמת איך וויל שרייבן וועגן אייער אַרבעט ערנסט.

היינט וועל איך אייך בלויז אָט־וואָס זאָגן: איר זענט אַמ־פּיינסטן, ווען איר שרייבט וועגן אייערע קינדער־יאָרן, וועגן דעם לאַנד, וועגן אייערע אייגענע, ספּעציעל וועגן אייער ברודער. איר רעדט צו ווייניק וועגן זיך אַליין, וועגן אייער אינטימער אַנטוויק־לונג. צייטנווייז האָט מען דעם איינדרוק, אַז מען לייענט אַ היס־טאָריש ווערק. אָט האָט איר אַ ביישפּיל. מען דאַרף ניט זיין קיין נאָכפאָלגער פון רוסאָ אָדער בכלל אינדיסקרעט, כדי דערציילן וועגן זיך, אַפילו אויב איר זענט אומשולדיק, — עס זיינען דאָך צוויי געשלעכטער. איר דערציילט ניט קיין איינציק מאָל וועגן אַ יונג מיידל אָדער וועגן אַ יונגער פרוי, וואָס זאָל האָבן געמאַכט אויף אייך אַן איינדרוק. איר זענט ניט פאַרפליכטעט צו דערציילן דער וועלט צו פיל וועגן אייערע אינטימע געפילן, אָבער אויף יעדן וועג בלייבן דאָך שפּורן פון דערפאַרונג, ניט אמת?

איך האַלט, אַז מען האָט אייך אָפּגעגעבן צו ווייניק פּלאַץ אין דעם זשורנאַל. ווי האָט איר געקאָנט דערציילן אייער לעבן אין עלף נומערן? איך בעט אייך, נעמט גענוג צייט פאַר דער אַרבעט! איר וועט דאָך שרייבן די געשיכטע פון אייער לעבן נאָר איין מאָל און איר האָט דאָך געהאַט אַזאַ רייך לעבן, אַ סך אַ גרעסערס, אַ מער אַקטיווס ווי ניין און ניינציק פון הונדערט מענטשן. און דאָס וואָס איך זאָג איז צו ווייניק: איר זענט איינער פון צען טויזנט.

אייער ג. ב.״.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

16 גראָוונער ראָוד, בראָדסטערס, קענט,
9 אויגוסט 1899.

״טייערער פריינט,

עס איז שוין אַ לאַנגע צייט, וואָס איך זאָג זיך יעדן טאָג, אַז

איך וועל אייך שרייבן. צוערשט האָב איך זיך געמוזט איילן מיט מיין אַרבעט, כדי צו זיין פאַרטיק אין דער צייט מיט מיין מאַנוס־קריפּט, נאָך דעם זיינען צוגעקומען אַלערליי קליינע זאַכן, צום סוף האָבן מיר זיך פאָרט באַזעצט ביים ים אויף דריי־פיר וואָכן אין אַ קליין שטעטל — צווישן מאַרגייט און ראַמסגייט — בראָדס־טערס הייסט עס, אַן אמתער גן־עדן פאַר קינדער, מיט אַ פיינעם ווינט, וואָס פרישט אָפּ. אַ וואונדערבאַרער ים.

איך האָב אייך אַוועקגעשיקט די טעג דעם צענטן קאַפּיטל און איך האָף, אַז איך וועל אין קורצן שיקן דעם עלפטן. דאָס איז אַלץ, וואָס וועט דערשיינען אין "אַטלאַנטיק מאַנטלי". איצט אַר־בעט איך פלייסיק, כדי אָנצושרייבן דעם שטאָף פון פיר צוגאָב־אַרטיקלען פאַרן בוך (אַן ערך פערציק טויזנט ווערטער אָדער 65 זייטן פון "אַטלאַנטיק"־פאָרמאַט).

דער חודש אָקטאָבער איז דער הויפּט־סעזאָן פאַר ביכער דאָ, אַזוי ווי אין אַמעריקע און די אַמעריקאַנער פאַרלעגער (האָוטאָן, מיפלין) און די ענגלישע (סמיט, עלדער און קאָ.) האָבן מיך גע־צוואונגען צו ליפערן דאָס גאַנצע בוך ביז צום 15־טן סעפּטעמבער. איך באַדויער עס, אָבער איך האָב עס געמוזט אָננעמען. איצט דאַרף מען דאָס צוגרייטן מיט דער מעגלעכסטער פּינקטלעכקייט.

איך שרייב צו נאָך אַ 15 זייטן ("אַטלאַנטיק"־פאָרמאַט) צו מיין יוגנט, כדי צו דערציילן מער וועגן מיין אַנטוויקלונג אין יענער צייט, אונדזערע (קאָמישע) רעוואָלטן, א. א. וו. (דער מאַן ווערט פאָרמירט, ווען ער איז 18 יאָר אַלט).

נאָך דעם טראַכט איך צוצוגעבן מער מאַטעריאַל צום קאַפּיטל וועגן סיביר און צוויי מאָל אַזוי פיל וועגן מיין לעבן אין דער שווייץ און אין פראַנקרייך, אין קלערוואָ און אַנדערע פלעצער. אָט־דעם מאַטעריאַל האָב איך געמוזט אויף אַ שרעקלעכן אופן צוזאַמענפּרעסן אין דעם עלפטן קאַפּיטל.

ווי ריכטיק עס איז אייער באַמערקונג! עס לייענט זיך באמת, ווי אַ היסטאָריש בוך; עס פעלן די פּערזענלעכע איינצלהייטן און דאָס וועל איך איצט אויספילן.

וואָס שייך מיין פּערזענלעכן לעבן און די פרויען, מיט וועלכע

איך האָב זיך אָנגעטראָפן — אָ, ליבער פריינט, אויב איך וואָלט געהאַט דעם טאַלאַנט פון געטע, וואָלט איך דאָס געקאָנט באַשרייבן; איך האָב אָבער מורא, אַז איך האָב ניט דעם טאַלאַנט פאַר אויספירן אַזאַ שווערע אויפגאַבע. איך האָב געטראָפן מיין פרעדעריקאַ, איך האָב געטראָפן אויף מיין לעבנס־וועג אַ פרוי פון אַזאַ קאָמפּליצירטן טיפּ, וואָס אין דער גאַנצער אייראָפּעאישער ליטעראַטור איז ניטאָ קיין גלייכנס צו איר און איך האָב געטראָפן צולעצט אַ סך גליק מיט מיין סאָפי. אָבער מיין ליבער פריינט, ווי זאָגט מען דאָס אַלץ? וואָלט מען דאָך באַדאַרפט באַשאַפן אַזעלכע טיפּן און דערצו האָב איך ניט קיין כוח. איך וועל דאָס אפשר אַמאָל פאַרזוכן צו טאָן. איצט קאָן איך דאָס ניט. דערווייל איז עס בעסער, אַז דאָס אינטימע אין מיין לעבן זאָל אינגאַנצן ניט דערמאָנט ווערן, בעסער דאָס איבערלאָזן פאַר אַן אַנדערער צייט.

מיין ענגלישער פאַרלעגער וויל האָבן אַן אַריינפיר צו מיין בוך; און דאָס איז וואָס איך וויל איך בעטן, אין מיין באַשיידנקייט, אין נאָמען פון אונדזער פריינטשאַפט, צו טאָן, קיינער קען עס ניט טאָן אַזוי ווי איר קענט עס טאָן. פאַר מיר צו דערשיינען אין אַ מין ליטעראַטור, וועלכע איז אַבסאָלוט ניי פאַר מיר, אונטער אייער פירערשאַפט וואָלט עס געווען אַן אומגעהויערער פאַרגעניגן. ניט וויכטיק, וואָס איר זאָלט ניט שרייבן — צוויי זייטן אָדער דרייסיק — וועט עס זיין אַזוי ריכטיק, אַזוי געגרעכט און אַזוי טיף, אַז קיין אַנדערער קאָן עס ניט שרייבן אַזוי ווי איר. איך ווייס, ווי אייער צייט איז פאַרנומען, איך ווייס, אַז איך וואָלט ניט באַדאַרפט מיסברויכן אייער גוטסקייט — פונדעסטוועגן זעט איר, אַז איך טו עס. דער וואונטש צו האָבן עטלעכע ווערטער פון אייך, נאָך דעם וואָס איר האָט מיך דערמוטיקט צו שרייבן, ברענגט מיך דערצו, אַז איך וויל זיך ניט רעכענען מיט קיינע תירוצים.

סאָפי האָט באַקומען "איבסען" און דאַנקט אייך זייער פיל. עס דויערט לאַנג ביז זי קומט צום שרייבן. זי האָט געאַרבעט ווי אַ קליינער נעגער פאַר אונדזער אָפּפאָרן אַהער, פאַרנומען מיטן הויז און מיט סאַשאַ, און אויך מיט אַ קליינעם אַרטיקל פאַר אַ

זשורנאַל. זי וויל אייך ניט שרייבן, איידער זי האָט געהאַט דאָס פאַרגעניגן פון לייענען דאָס בוך. (אינעם בראַנדעס־אַרכיוו איז ניטאָ דער בריוו פון סאָפי קראָפּאָטקין וועגן דעם "איבסען"־בוך. — וו. ג.).

מיר אַלע דריי שיקן אייך, אייך און מיס עדיט, אַ סך, אַ סך גרוסן און גאַנץ באַזונדערס אונדזערע בעסטע ווינטשן צו זיין געזונט.

אייער

פּעטער קראָפּאָטקין."

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

אין אַ בריוו פון 13־טן אויגוסט 1899, געשריבן אין סענט זשערמען־אַן־ליי, פראַנקרייך, לאָזט בראַנדעס קראָפּאָטקינען צו וויסן, אַז ער "באַטראַכט עס פאַר אַ גרויסן כבוד צו שרייבן אַ הקדמה צו די זכרונות פון קראָפּאָטקין". דערביי זאָגט בראַנדעס:

" — ס'איז אַ שאָד, וואָס מען לאָזט אייך איבער אַזוי ווייניק צייט פאַר אַזאַ וויכטיקן ווערק. אַזוי ווי אָבער עס וועט זיין מער ווי איין אויסגאַבע, וועט איר שפּעטער קאָנען צוגעבן אַ סך מער. איר באַהאַנדלט זיך ניט גערעכט אַלס אַ שרייבער. איר קענט אויסגעצייכנט אויפבויען לעבעדיקע טיפּן פון מענטשן און אויך אינטערעסאַנטע און קאָמפּליצירטע פרויען־געשטאַלטן. אָבער דער־צו דאַרף מען האָבן אַ ביסעלע מער צייט."

געאָרג בראַנדעס האָט געהאַלטן פון פּעטער קראָפּאָטקין אַלס שרייבער אַ סך מער, ווי דער גייסטרייכער, אָבער צו באַשיידענער, געלערנטער און דענקער האָט אַליין געהאַלטן פון זיך. בראַנדעסעס דערמוטיקן און אינספּירירן האָט שטאַרק געווירקט אויף פּעטער קראָפּאָטקין. ער האָט געוואוסט, אַז דאָ רעדט צו אים אַ נאָענטער פריינט, וועלכער פילט זיך צוגעבונדן צו אים גייסטיק, וועלכער פאַרשטייט אים און זיין "קול קורא במדבר".

דערווייל האָט אין פראַנקרייך געטראָפן אַ געשעעניש, וואָס

האָט אויפגעטרייסלט ניט נאָר פראַנקרייך, נאָר גאַנץ אייראָפּע. אין די טעג פון 7־טן אויגוסט ביז צום 9־טן סעפּטעמבער 1899, האָט דאָס פראַנצויזישע מיילטער־געריכט אין רען פאַרמשפּט דעם יידישן קאַפּיטאַן דרייפוס צו צען יאָר געפענגעניש. אַ פאַרברעכע־רישע קליקע פון העכערע אָפיצירן האָט ביים אָנהויבן דעם פּראָ־צעס ניט געוואוסט, אַז זיי עפענען דערמיט אַ נייַ בלאַט פּאָלי־טישע געשיכטע אין פראַנקרייך און אַז גרויסע קעמפער פאַר פרייהייט און פּאָליטישער ריינקייט וועלן זיך אָפּן שטעלן אויף דער זייט פונעם פאַרמשפּטן. מען האָט זיך פאַררעכנט.

אין אַן אַנדערן בריוו צו געאָרג בראַנדעס שרייבט קראָפּאָט־קין וועגן דעם איינדרוק, וואָס דער דרייפוס־פּראָצעס האָט גע־מאַכט אין ענגלאַנד.

פעטער קראָפּאָטקין איז שטאַרק פאַרנומען מיט זיינע זכרונות און געאָרג בראַנדעס ווייזט אים אָן אויף דער גרויסער באַדייטונג פונעם בוך. איצט, ווען בראַנדעס האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג צו שרייבן דעם אַריינפיר צום בוך, וואָס דאַרף זיין רייכער אין אינהאַלט, ווי די עלף קאַפּיטלען געדרוקט אין "אַטלאַנטיק מאָנט־לי", ווערט אויך פאַר קראָפּאָטקינען קלאָר, אַז זיין ווערק וועט האָבן דעם ווערט פון אַ וויכטיקן היסטאָרישן דאָקומענט.

דערווייל האָט אויסגעבראָכן אין פראַנקרייך די "דרייפוסיאַ־דע" אוןביידע, קראָפּאָטקין און בראַנדעס, ווערן פון דעם פּראָ־צעס אינגאַנצן פאַרכאַפּט.

# זיבעטער קאַפּיטל

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמלעי, קענט,
11 סעפּטעמבער 1899.

״טייערער פריינט,

טויזנט מאָל אַ דאַנק פון טיפן האַרצן פאַר אייער גוטן בריוו און אייער גוטן פריינטשאַפטלעכן צוזאָג צו שרייבן אַן אַריינפיר צום בוך. זייט מוחל אייער פריינט, וואָס האָט אייך ניט געדאַנקט אַ סך פריער, אָט איז שוין אַ חודש צייט, אַז איך אַרבעט אָן אַן אָפּשטעל, האָבנדיק שטענדיק אין זינען, אַז אין דריי־פיר טעג אַרום דאַרף איך איבערגעבן מיינע פאַרלעגערס דריי־פערטל פון דעם מאַנוסקריפּט, וואָס איך האָב געדאַרפט צושטעלן מיט אַכט טעג צוריק — ערשט היינט בין איך דערמיט געוואָרן פאַרטיק!

דאָס דרוקן פונעם בוך האָט זיך שוין אָנגעהויבן אין לאָנדאָן און איך שיק אייך די צוויי ערשטע בויגנס. איך וועל זיך פאַרנע־מען מיט דעם שטאָף, וואָס איז דערשינען אין ״אַטלאַנטיק״. די אַרויסגעבער אין אַמעריקע ווילן האָבן דעם מאַנוסקריפּט דעם 1־טן אָקטאָבער, וויל איך זיי עס אַרויסשיקן דעם 23־טן סעפּ־טעמבער. איך מיין אָבער, אַז דאָס וועט זיין אַבסאָלוט אוממעגלעך. דעם 10־טן אָקטאָבער דאַרפן זיי האָבן דאָס גאַנצע אויסגעזעצט, כדי צו לאָזן עס דרוקן.

ווי אַזוי ווילט איר בעסער שרייבן, ענגליש אָדער פראַנצוי־זיש? אויב איר וועט עס שרייבן פראַנצויזיש, וועל איך עס זייער

אויפמערקזאַם איבערזעצן אויף ענגליש און מיין פריינט היט וועט קאָנטראָלירן די איבערזעצונג — ער האָט רעווידירט מיין גאַנצן ענגלישן מאַנוסקריפּט.

איך בין פאַרצווייפלט, וואָס איך מוז באַשטיין אויף דעם, אַז איר זאָלט עס באַלד צוגרייטן. דאָס בוך דאַרף דערשיינען דעם אייגענעם טאָג אין אַמעריקע און דאָ (צוליב דעם מחבר־רעכט). און דאָס מוז געשען אין אָקטאָבער. די פּאָסט פון לאָנדאָן קיין באָס־טאָן נעמט שטענדיק אַ זיבן אָדער אַכט טעג.

מיר זיינען געווען אַזוי גליקלעך צו הערן, אַז איר האָט גע־קענט פאָרן קיין פראַנקרייך אָפּרוען זיך אַ ביסל. צום באַדויערן, איז פראַנקרייך איצט אין אַ טרויעריקן צושטאַנד. איר קענט זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שלעכטן איינדרוק עס האָט דאָ געמאַכט דער פּסק־דין אין רען. (דער צווייטער משפּט איבער קאַפּיטאַן דרייפוס. — וו. ג.). שבת, זיבן אַזייגער, בין איך גע־גאַנגען צו דער סטאַנציע נעמען צייטונגען. דער ווערדיקט איז שוין אָנגעקומען. "באַפרייט?", פרעג איך דעם צייטונג־פאַרקוי־פער. "ניין, צען יאָר! די באַנדיטן!". און דאָס איז די רעאַקציע אומעטום. אין גאַנץ בראָמליי רעדט מען אויף די גאַסן מיט צאָרן וועגן דעם. און אונדזער שטאָט איז דאָך אַ היפּש ביסל קאָנסער־וואַטיוו! אין די טעאַטערס, אין די מוזיקהאָלס האָט דער עולם גע־פייפט ביי יעדער אָנדייטונג אויף פראַנצויזישן מיליטער. אין די קירכן — שאָקינג! האָט מען אָפּלאָדירט די גלחים, וועלכע האָבן געזודלט און געווען אויפגעבראַכט אויף דעם ווערדיקט...

ווי איז אייער געזונט? האָט איר זיך גוט דערהאָלט? עס וועט פאַר אונדז זיין אַ גרויסער פאַרגעניגן צו וויסן דאָס.

איך שרייב אייך אַלץ קיין סט. זשערמען, ניט זייענדיק זיכער צי איר זענט שוין אַוועק פון דער נאָרמאַנדי.

סאָפי שיקט אייך די בעסטע גרוסן. סאַשאַ איז ביי פרוי סטעפּ־ניאַק אויפן לאַנד. לואיזע מישעל איז געקומען פאַרנעמען איר אָרט. די בעסטע גרוסן און אַ הייסער וואונטש צו זען אייך געזונט,

אייער

פּעטער קראָפּאָטקין".

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

גראַנד־האָטעל, באַנאָלע־דע־לאָרן, פראַנקרייך,

14 סעפּטעמבער 1899.

„מיין טייערער פריינט,

איך שרייב איצט נאָר אַ פּאָר ווערטער, כדי צו דאַנקען אייך פאַר אייער גוטן בריוו און זאָגן אייך וואו איך געפין זיך. איך האָב היינט אַ מאַסע אַרבעט צו טאָן.

פאַרלאָזט זיך אויף מיר, ווי נאָר איך וועל זיך באַפרייען פון דער דרינגענדער אַרבעט, וועל איך זיין צו אייער דיספּאָזיציע. איך וועל שרייבן דעם אַריינפיר צום בוך און איר וועט עס האָבן אין דער צייט. איך קען עס ניט שרייבן אין ענגליש, איך וועל עס שרייבן אין דייטש אָדער פראַנצויזיש און איר וועט עס איבערזעצן. איך האָב נאָך ניט באַקומען די בויגנס וועגן וועלכע איר שרייבט מיר.

באַנאָלע־דע־לאָרן איז אַ קלאַסישער פּלאַץ פאַר דעם היילן פּלעביטיס. דאָ איז ניטאָ קיין איינציק מענטשלעך וועזן, וואָס זאָל גוט אויסזען און זיין אין אָרדענונג. שרעקלעך געשוואָלענע אַלטיטש־קע און מענער, וואָס גייען קוים אַרום, דאָס איז דאָ די באַפעלקע־רונג. אַזוי ווי איך זע אויס, ווי איך וואָלט געווען פולקאָם געזונט, פיל איך זיך ווי דער איינציקער שטאַרקער מענטש אין דער געגנט. איך נעם הייסע בעדער און איך טרינק אַ וואַסער, וואָס באַווייזט ניסים. ליידער בין איך עטוואָס אַ סקעפּטישע נאַטור.

די פראַנצויזישע צייטונגען בילן אויף מיר, אַ פערציק שטיק מיט אַ מאָל; זיי רופן מיך געמיינער רכילות־זאָגער און אַ דרייפו־סאַר. איך בין געווען דער ערשטער, אויסערהאַלב פון פראַנקרייך, צו זאָגן, אַז דרייפוס איז אומשולדיק — דאָס הייסט ביי זיי אַ גע־מיינהייט. אָרימע פראַנצויזן, זיי זיינען אין אַזאַ צושטאַנד פון דעקאַ־דענץ, און זיי גליטשן זיך אַראָפּ מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איך וואָלט זיך עס ניט געקענט פאָרשטעלן אין מיינע יונגע יאָרן. וואָס פאַר אַ מין פּרעסע דאָס איז אין פראַנקרייך, וואָס פאַר באַנדיטן זיינען די זשורנאַליסטן! מערדערס זיינען דזשענטל־לייט אין פאַרגלייך מיט זיי.

גיט איבער מיינע בעסטע גרוסן פרוי קראָפּאָטקין.
אייער געטרייער

געאָרג בראַנדעס".

נישקשה, געאָרג בראַנדעס איז ניט געווען דער איינציקער, וועמען די "באַנדיטן" האָבן אַטאַקירט. ער האָט זיך געפונען אין אַ פיינער געזעלשאַפט — מיט די "דרייפוסאַרן", צו די וואָס האָבן געגלויבט אין דער אומשולד פון קאַפּיטאַן דרייפוס האָט געהערט דאָס פיינסטע און דאָס בעסטע, וואָס פראַנקרייך האָט פאַרמאָגט בשעת דעם דרייפוס־פּראָצעס. אַ סך ערגער איז געווען שפּעטער, ווען איינער, וואָס איז אַמאָל געווען צווישן די וויכטיקסטע דרייפוסאַרן, זשאָרזש קלעמאַנסאָ, און אַן אַלטער פּערזענלעכער פריינט פון בראַנדעסן, איז מיט פּופצן יאָר שפּעטער, ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער ערשטער וועלט־קריג, געוואָרן זיינער אַ קעגנער, ווייל בראַנדעס, אַלס פּרינציפּיעלער פּאַציפיסט, האָט נישט געוואָלט אונטערשרייבן אַ פראַנצויזישן אויפרוף קעגן דייטשלאַנד. קלעמאַנסאָ האָט דעמאָלט געדרוקט זיין באַרימטן אַרטיקל אונטער דעם נאָמען "אַדיע בראַנדעס!".

אויך קראָפּאָטקין האָט אין דער צייט פון דער דרייפוסיאַדע געהאַט אַ פּיינלעכע דערפאַרונג. מיט יאָרן צוריק, אין 1886, ווען קראָפּאָטקין איז אָפּגעזעסן עטלעכע יאָר אין אַ פראַנצויזישער געפענגעניש און איז באַפרייט געוואָרן, האָט ער זיך געפונען אין שווערע עקאָנאָמישע אומשטענדן. כדי צו פאַרדינען אַ ביסל געלט, האָט זיין פרוי, סאָפי, אָנגעשריבן אַ קורצע נאָוועלע וועגן דעם לעבן פון רוסישע טעראָריסטן פאַר אַנרי ראָשפאָרס "ל'אינטראַנסיזשאַן". די צייטונג האָט אויך דעמאָלט געדרוקט עטלעכע בריוו פון פּעטער קראָפּאָטקין וועגן דער לאַגע אין רוסלאַנד. ראָשפאָר איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די זיילן פון דער שוואַרצער רעאַקציע אין פראַנקרייך. אַנרי ראָשפאָרס נאָמען איז געוואָרן אַ סימבאָל פון דער רעאַקציע. ס'איז איבעריק צו רעדן וועגן דעם אויף וועמענס זייט ער האָט זיך געשטעלט אין דער צייט פון דעם דרייפוס־פּראָצעס.

## פעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמליי, קענט,

17 סעפּטעמבער 1899.

„טייערער פריינט,

טויזנט מאָל אַ דאַנק אייך פאַרן בריוו. איך האָב מורא געהאַט, אַז צוליב מיין פאַרשפּעטונג האָב איך פאַרלוירן אייערע שפּורן.

עס מוז זיין גענוג טרויעריק צו לעבן צווישן קראַנקע, ווי איר באַשרייבט זיי. אָבער וואָס פאַר אַ קאָלעקציע פון פאַרשידענע טיפּן פון „לאַ בעל פראַנס" („דאָס שיינע פראַנקרייך") האָט איר איצט געמוזט טרעפן אַרום זיך! וואָס פאַר אַ מענטשלעכער מאַטעריאַל! איך בין זיכער, אַז דאָס זיינען אַלץ אַנטי־דרייפוסאַרן, אַנטי־סעמיטן און אַנטי־אַלץ, וואָס איז איידל און וואָס האָט אַ זין אין דער מענטשהייט. די נאַציאָנאַליסטישע פּרעסע איז געמיין. און דאָס טרויעריקסטע דערביי — מיך פערזענלעך באַרירט עס גאָר באַזונדערס — אַז די נשמה פון דער עקלהאַפטער באַוועגונג איז ראָשפאָר, ווענעס צייטונג מען קען מער ניט לייענען אָן עקל.

נאָר איינס מאַכט מיך פילן בעסער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן פראַנקרייך. ווען אַזאַ אומגערעכטע זאַך זאָל זיך טרעפן אין אַן אַנדער לאַנד, וואָלט זיך דאָרט קיינמאָל ניט געפינען אַ הייפל מענטשן אָן איינפלוס, וואָס זאָל קענען דערגרייכן דאָס, וואָס מען דערגרייכט אין פראַנקרייך. ווען מען זעט ווי דאָ וואַקסט דער מיליטאַריזם — די גאַנצע פּרעסע שטיצט טשעמבערלען, ער זאָל קענען איינשלינגען דאָס קליינע לענדל טראַנסוואַל, ווען מען זעט דאָ דעם וואַקסנדן אימפּעריאַליזם און דעם טריאומפירנדן מיליטאַריזם — ווערט איינעם ניט גוט.

איבערמאָרגן שיק איך קיין אַמעריקע דעם סוף פונעם מאַנוסקריפּט. ליידער האָב איך עס געמוזט פאַרענדיקן מיט ווייניקער רו ווי עס האָט געדאַרפט זיין.

איך האָב ניט צוגעגעבן צו די לעצטע קאַפּיטלען קיין וויכטיקע זאַכן; די געפענגעניש און איר דעמאָראַליזירנדן איינפלוס אויף די אַרעסטאַנטן; אַ זייער קאָמישן קאַפּיטל וועגן די פּאָליציי־

שפּיצלס און אייניקע פון זייערע אַוואַנטורעס, און אַזוי זיך אַ פּאָר זייטן וואָס זאָלן געבן אַ מעגלעכקייט בעסער צו פֿאַרשטיין די פּאָזיציע פון די אַנאַרכיסטן.

וואָס אָנבאַלאַנגט די לעצטע 12 יאָר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ענגלאַנד, איז דאָס נאָך אַזוי פריש, אַז עס איז שווער צו האָבן אַן אָביעקטיווע באַציאונג צו מענטשן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — היט איך זיך צו געבן אַ קורצן איבערזיכט.

ווי מאַכט מען עס, אַז איר זאָלט האָבן אַ מעגלעכקייט אַ קוק צו טאָן אויף דעם מאַטעריאַל, וואָס איך האָב צוגעגעבן, כל זמן מען מוז אין דער צייט אַוועקשיקן אייער הקדמה קיין אַמעריקע?

ביז איצט האָב איך אייך געשיקט די קאַפּיטלען זעקס, זיבן, אַכט און ניין. איר האָט שוין די קאַפּיטלען צען און עלף. און איך האָב געשיקט נאָך עטלעכע בויגן. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט איר האָבן די ניט־געדרוקטע בויגנס פון גאַנצן ערשטן באַנד (פון ערשטן ביזן פונפטן קאַפּיטל אין "אַטלאַנטיק").

פרוי סטעפּניאַק האָט מיך געבעטן אייך איבערצושיקן אירע בעסטע גרוסן. דאָס אייגענע סאָפי און סאַשאַ.

מיינע בעסטע וואונטשן פאַר אייער געזונט.

פון גאַנצן האַרצן

פּ. קראָפּאָטקין".

צווישן די צוויי פּריוואַט איז אָנגעגאַנגען עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד אַ נערוועזע קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער הקדמה צו קראָפּאָטקינס בוך, ביז געאָרג בראַנדעס האָט דעם ערשטן אָקטאָבער געמאָלדן קראָפּאָטקינען, אַז נאָך אַן אַרבעט, וואָס האָט געדויערט 30 שעה, האָט ער געענדיקט שרייבן דעם אַריינפיר אויף דעניש און זיך איצט גענומען דאָס איבערזעצן אויף דייטש אָדער פראַנצויזיש. "איך שיק עס אייך מאָרגן" האָט בראַנדעס געשריבן.

## פעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמליי, קענט,
3 אָקטאָבער 1899.

״מיין טייערער גוטער פריינט,

ווי זאָל איך אייך דאַנקען פאַר דער גאַנצער טרחה, וואָס איר האָט געהאַט מיט דער דאָזיקער הקדמה, און ווי קען איך אייך דאַנקען פאַר דער הקדמה גופא! איך זע אין דעם דאָס לייכטע און דעליקאַטע, וואָס קומט נאָר פון פריינטשאַפט, ווייל נאָר פריינטשאַפט האָט עס געקאָנט דיקטירן. באמת, איך ווייס ניט ווי אַזוי מיין פען קען פאַרשרייבן די איבערזעצונג פון די פאַרגלייכן, וואָס איר מאַכט. איך פאַרשטיי נאָר איינס — יעדעס מענטשלעך לעבן, אויב מען דערציילט עס איינפאַך, אָן אַ פּרעטענזיע אויף אַן איבער־געטריבענער פּסיכאָלאָגישער שטודיע, בכלל אָן שום פּרעטענזיע אויף פּסיכאָלאָגיע, איז אַ ראָמאַן! אָבער לייענענדיק אייער הקדמה, האָב איך מיר געמאַכט אַ פאָרוואורף: פאַרוואָס איך האָב ניט אויס־געדריקט גענוג שטאַרק מיין האַס קעגן אינסטיטוציעס, קעגן דער בורזשואַזיע אַלס אַ קלאַס, ווייל דערציילנדיק פיל איך דאָך, אַז איך האָס זיי.

ווען איך גיב אַ טראַכט, וויפיל צייט די הקדמה האָט צוגע־נומען ביי אייך, און אַז די צייט איז דאָך גענומען פון אייער אַפּרו און פון דעם וואָס איר האָט געזאָלט אָפּגעבן דער טאָכטער עדית, דאַן פיל איך אַ שאַנדע אין מיין פּנים. איך פיל זיך שולדיק קעגן אייער טייער ״קינד״, ווי איר רופט זי אָן, און איך בעט ביי איר זי זאָל מיר מוחל זיין. חוץ אַלעמען — דאָס קומט פאַר אין פּאַריז, וואו ס׳איז דאָ אַזוי פיל צו זען, צו אָטעמען, צו לעבן אין דער פאַר־גאַנגענהייט און אין דער צוקונפט.

סאָפי שיקט אייך טויזנטער דאַנקען און די בעסטע גרוסן אייך ביידע. סאַשאַ האָט אָפּגעגעסן איר מיטאָג אין צוויי מינוטן און איז שוין געוואָן אַוועק אין שולע, ווען אייער בריוו איז אָנגעקומען.

מיט ברודער־גרוסן, טייערער פריינט,

פּ. קראָפּאָטקין.

ס׳איז דאָ (אין אייער מאַנוסקריפּט) איין זאַץ, וואָס איך וואָלט אייך געבעטן איר זאָלט מיר דערלויבן צו ענדערן.

אין דער ביילאַגע רעד איך וועגן דער געבורט פון סאַשאַ; איך דערצייל וועגן דעם טויט פון מיין ברודער און איך זאָג:

״אַ שוואַרצער שאָטן האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער אונדזער שטיבל בשעת אַ ליכט פון פרייד האָט זיך דורכגעריסן ביים דער־שיינען פון אַ קליין וועזן — אַ מיידעלע — וואָס טראָגט דעם נאָ־מען פון מיין ברודער. הערנדיק די געשרייען פונעם קליינעם וועזן, האָב איך דערפילט גאַנץ נייע סטרונעס אין מיין האַרצן״.

אפשר קען מען ענדערן דאָס וואָס איר זאָגט אַזוי:

״אַז ער איז געווען אַ פאָטער און גאָר זייער אַ צערטלעכער פאָ־טער, שטרייכט ער אונטער נאָר אין עטלעכע שורות, קורץ, אַזוי ווי ער נעמט צוזאַמען די לעצטע 16 יאָר פון זיין לעבן אין עטלעכע שורות״.

איך נעם זיך באַלד צו דער איבערזעצונג.

# אַכטער קאַפּיטל

אין אַן ערך אַ וואָך אַרום, דעם 11־טן אָקטאָבער 1899, האָט אין דרום־אַפריקע אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן ענגלאַנד און די בורן. דער ענגלישער אימפּעריאַליזם איז דעמאָלט געווען אין זיין בלי־צייט; גרויס־בריטאַניע האָט שטאָלצירט מיט איר "ספּלענדיד אייזאָליישאָן". קיין לייבאָר־פּאַרטיי האָט ניט עקזיסטירט. די אוי־בערהאַנט האָט געהאַט דער "דזשינגאָאיזם" — דער אַלטמאָדישער, מיליטאַנטישער קאָנסערוואַטיזם: — ווי האָבן עס די קליינע בורן־רעפּובליקן געוואָגט זיך אַקעגנשטעלן דער מעכטיקער אימפּעריע! — די בורן האָבן אָבער יאָ געוואָגט און אַפילו געגעבן קלעפּ זייערע קעגנער, כאָטש ס'איז ניט געווען שווער פאָראויסצוזען, אַז ענדיקן וועט זיך עס דערמיט, וואָס די אימפּעריע וועט זיי שלאָגן און דער־שלאָגן.

פּעטער קראָפּאָטקין האָט זיך פּלוצים דערזען אין דער סאָמע מיט פון אַ נאַציאָנאַליסטיש־אויפגערודערטער געזעלשאַפט. דאָס האָט אים ביז גאָר דערשיטערט. ווער האָט עס דעמאָלט געקאָנט פאָראויסזען, אַז אין קנאַפּע זעכציק יאָר אַרום וועט ענגלאַנד פאָזי־טיוו זיין אַרויסגעשטויסן פון דרום־אַפריקע און אַז צו דער זעל־ביקער צייט וועט אַן אַזוי־גערופענע "אַפּאַרטייד"־פּאָליטיק מיט ברוטאַלער מאַכט פּרואוון דערקלערן די איינגעבוירענע, פאַרביקע באַפעלקערונג פאַר אַ נידעריקערער ראַסע, פאַר מענטשן און ביר־גער פון אַ דריטן קלאַס! אַז אויס וועט דעמאָלט זיין מיטן "הערשן זאָלסטו בריטאַניע!".

אין יענעם גאַנצן געטומל אַרום אים, איז קראָפּאָטקין ביז אי־בערן קאָפּ געווען אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט צו פאַרענדיקן זיין בוך "זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָנער". דער גייסטיקער קאָנטאַקט, וואָס ער האָלט אָן מיט בראַנדעסן דערמוטיקט אים אין זיין שווע־רער אַרבעט.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

בריטאַן, דעם 3 נאָוועמבער 1899.

מיין אַדרעס איז אַלץ: ווילאַ, בראָמליי, קענט.

"טייערער פריינט,

אַנטשולדיקט מיר, איך בעט אייך, וואָס איך האָב אייך די גאַנצע צייט ניט געשריבן. ווי אַ פאַרשקלאַפּטער נעגער האָב איך די גאַנצע צייט געאַרבעט אויף די קאָרעקטורן און אויפן אַלפאַבעטישן אינ־דעקס; דאָס האָט ביי מיר גענומען מער צייט, ווי איך האָב גערעכנט. זינט אַ דריי־פיר טעג בין איך אין בריטאַן און פרואוו פטור ווערן פון אַ בראָנכיט. ערשט נעכטן האָב איך פאַרענדיקט די לעצטע קאָרעק־טורן. איך שיק אייך די קאָרעקטור פון אייער פאָרוואָרט, וואָס פאַר אים, מיין טייערער פריינט, ווייס איך ניט ווי אייך צו דאַנקען. אַלע גיבן צו, אַז אייער פאָרוואָרט איז גוט און די רעדאַקטאָרן זיינען זייער באַגייסטערט. גיט מיר צו וויסן, איך בעט אייך, ביי וואָס פאַר אַ זייט האָב איך אָפּגעטיילט דאָס שיקן אייך די קאָרעקטורן, וועל איך זיי אייך שיקן. איך האָב אינגאַנצן פאַרלוירן דעם חשבון און ווייס ניט מער, וואָס פאַר אַ זייטן איך האָב אייך געשיקט און וועלכע איך דאַרף ערשט שיקן.

דאָס בוך וועט אַרויס דעם 15־טן דעם חודש. איך דערוואַרט אָבער כמעט ווי זיכער אַ פיאַסקאָ. איעדער איז דאָ פאַרטאָן מיט דער מלחמה. (אונטערגעשטראָכן פון מיר — וול. גר.) מען האָט זיך פאַר־געשטעלט, אַז מען גייט מאַכן אַ מיליטערישן שפּאַציר קיין פּרעטאָריאַ. — און אָט האַלט מען אין איין ליידן מפּלות. מען פילט זיך געטראָפן אין דער אייגן־ליבע; חוץ דעם זיינען פאַראַן אַזויפיל פאַרוואונדעטע און אַזויפיל אלמנות און יתומים, אַז דאָס גאַנצע געלט פליסט אַהין, און ביכער, אויב עס האַנדלט זיך ניט אין אימפּעריאַליסטישע באַרי־מערייען, ווערן אינגאַנצן ניט פאַרקויפט. די אָרימע בורן ווייסן ווי זיך צו פאַרטיידיקן. זייערע פאַרלוסטן זיינען, קענטיק, זייער גרויס. דאָס האַלט זיי אָבער ניט אָפּ. שלאָגן זיך מיט אַ באַוואָפנט פאָלק, איז ווייט ניט דאָס זעלביקע ווי קעמפן אין אַזיע מיט שבטים, וואָס האָבן ניט, ניט קיין ביקסן, ניט קיין האַרמאַטן.

איך האָב אייך געשיקט אַ רעצענזיע וועגן אייער איבסען־בוך פון אונדזער פריינט ערוואַרד גאַרנעט, ד״ר גאַרנעטס, פונעם ברי־טישן מוזיי, זון — אַן אַטראַקטיווער, יונגער אירלענדער; ער האָט עס אויסגעבעסערט מיין ענגלישע איבערזעצונג פון אייער פאָר־וואָרט. ער בעט מיך אייך שיקן זיין אַרטיקל מיט אָט די פאָר ווערטער: ...״זייט אַזוי פריינטלעך און גיט איבער בראַנדעסן וועגן מיין אינטערעס אין זיין שאַפן און זאָגט אים, אַז ביי אַ געלעגנהייט וואָלט איך גערן געשריבן פאַר דער קאָנטינענטאַלער פרעסע עטלעכע ליטעראַרישע בריוו וועגן פאַקטישן מצב פון קונסט און ליטעראַטור אין ענגלאַנד, ווי אויך וועגן די הויפּט־שטרעמונגען אין היגן לעבן״.

אין דער קאָנטינענטאַלער פרעסע קען ער קיינעם ניט, און ער וואָלט געוועזן איבערגליקלעך, ווען איך וואָלט אים געקאָנט שטעלן אין קאָנטאַקט מיט אַ פאָר רעדאַקטאָרן פון צייטשריפטן.

פון זיין אַרטיקל וועט איר אַליין איינזען ווי אַזוי ער באַהאַנדלט די ענגלישע קונסט.

ווי גייט עס אייך? ווי גייט עס אייך אין אייער געזונט זינט איר זענט ווידער אינדערהיים? איך וויל האָפן, טייערער פריינט, אַז איר זענט צוריקגעקומען אינגאַנצן אויסגעהיילט און פולשטענדיק געזונט. מיר אַלע דריי שיקן אייך אונדזערע וואונטשן מיט אַ סך, אַ סך פריינטשאַפט.

האַרציק אייערע,

פעטער קראָפּאָטקין״.

סאָפיע און איך שיקן טויזנט גרוסן פאַר מיס עדיט. במשך די לעצטע דריי וואָכן איז ביי אונדז געוועזן צוגאַסט מיין לאַנגאָניקע, גוטע, פיינע פריינדין, מיין שוועגערין, וואָס וועגן איר רייד איך אין מיינע ״זכרונות״; זי האָט געשפּילט די וויכטיקסטע ראָל ביים אַראַנזשירן מיין אַנטלויפן פונעם געפענגניש־שפּיטאָל. מיר זיינען געוועזן אַזוי גליקלעך זי צו האָבן ביי אונדז.

אין צוויי טעג אַרום פאָר איך צוריק קיין בראָמלי״.

אין זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט בראַנדעסן, שטעלט זיך קראָפּאָטקין ניט אָפּ אויספירלעכער אויף די געשעענישן, וואָס האָבן דעמאָלט

אויפגערודערט די גאַנצע וועלט, בלויז פון צווישן די שורות קאָן מען אַרויספילן זיין רעאַגירן אויף דעם ניט־ווירדיקן באַנעמען זיך פון דער ענגלישער העכערער געזעלשאַפט. במשך 217 טעג האָבן די בורן באַלאַגערט די קליינע ענגלישע פעסטונג מאַפעקינג. דעם 18־טן מאַי 1900, ווען ס'איז אין לאָנדאָן באַקאַנט געוואָרן, אַז די ענגלענדער האָבן באַפרייט די פעסטונג, האָט מען דעם "נצחון" געפראַוועט מיט אַזאַ טאַראַראַם, מיט אַזויפיל הוליאַנקעס, מיט אַזויפיל שיכורים אויף די גאַסן און שענדלעכע אָרגיעס אין די פּאַרקן, גלייך ווי די מלחמה וואָלט שוין בכלל געווען פאַרענדיקט. אָבער נאָך אָט דעם "גרויסן" נצחון האָט די מלחמה זיך געצויגן נאָך גאַנצע צוויי יאָר.

אויך בראַנדעס איז אינגאַנצן אויפגעטרייסלט פון דער מלחמה אין דרום־אַפריקע, וואו די גרעסטע אימפּעריע האָט זיך פאַרלייגט צו דערשטיקן דעם דראַנג צו אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט פון אַ קליין פּיאָנערן־פאָלק. ס'איז אַ היסטאָרישער קאַמף. די וועלט האָט אָבער פונדערווייטנס, שווייגנדיק זיך צוגעקוקט צו די געשעענישן.

פונקט ווי קראָפּאָטקין, גראָבט זיך אויך בראַנדעס אַריין אין זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן, ער העלפט זיינע פריינט און גייט־אָן ווי תמיד, מיט זיינע גרויסע פאָרשונגען.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 7 נאָוועמבער 1899.

"מיין טייערער פריינט,

ס'איז באמת צו באַדויערן, וואָס דאָס שיינע בוך וועט אַרויס אין אַזאַ ניט צוגעפּאַסטער צייט. דער גורל פון אַ בוך ווערט אָבער, פונדעסטוועגן, ניט באַשלאָסן אין די סאַמע ערשטע חדשים פון זיין פּובליקאַציע, און איר וועט אָן ספק האָבן דעם פאַרדינטן דער־פאָלג. מיין פאָררעדע איז אַ סך הינטערשטעליק לגבי דעם בוך, ווי איר ווייסט עס, האָב איך געמוזט שרייבן אין גרויס איילעניש. איך שיק זי אייך אַרויס די וואָך אין דעניש; אַ דייטשע איבערזעצונג איז נעכטן געווען געדרוקט אין ווין, אין דער צייטשריפט "די צייט".

אין דער ענגלישער איבערזעצונג איז, צום באַדויערן, פֿאַראַן אַ דרוק־פֿעלער, אויף זייט 7, שורה 18, שטייט פּאָלטיקעל אָנשטאָט פּאָעטיקעל.

פֿון אייער ווערק האָב איך די קאָרעקטור־בויגנס ביז זייט 224 פֿונעם צווייטן באַנד. שיקט מיר גלייך צו, איך בעט אייך זייער, די איבעריקע בויגנס.

איך בין געווען ביי פֿריילין סעלער (די דייטשע איבערזעצערין), זי וועט די טעג זיין ביי מיר.

טייערער פֿריינט, ס׳איז זייער מאָדנע, וואָס גראָד ווען איך גיב אייך צו וויסן, אַז איך בין מיט אייך ניט איינפֿאַרשטאַנען בנוגע דעם, ווי איר באַמיט זיך צו שרייבן וואָס פּשוטער, האַנדל איך אָט פּונקט ווי איר אַליין. איך קום ניט דערצו, עפּעס צו שרייבן, מחמת איך מוז איבעראַרבעטן אַלץ, וואָס איך האָב פֿון מיינע שריפֿטן צוגעגרייט פֿאַר דער פּאָפּולערער אויסגאַבע (איך האָב איצט ניט ווינציקער פֿון 6.000 אַבאָנענטן). חוץ דעם דאַרף איך מאַכן די קאָרעקטורן פֿון דריי בענד "די הויפּט־שטרעמונגען", וואָס מען דרוקט אין לייפּציג, איין באַנד עסייען, וואָס מען דרוקט איבער אין פֿראַנקפֿורט, דריי בענד "די הויפּט־שטרעמונגען", וואָס מען דרוקט צום ערשטן מאָל אין לאָנדאָן און מיינע דרייסיק בענד אויף דעניש. און ניט בלויז די קאָרעקטורן דאַרף איך צוגרייטן, איך אַרבעט אַלץ איבער פֿונסניי; דאָ און דאָרטן גיב איך צו גאַנצע קאַפּיטלעך.

איך האָב איבערגעלייענט דאָס אַרטיקל פֿונעם יונגן גאַרנעט, ס׳איז אַזוי שאַרף לגבי די ענגלענדער; ער האָט די האַרטקייט פֿון דער יוגנט. די צייטשריפֿטן, וואָס איך קען, זיינען די סקאַנדינאַווישע, פֿאַר אַן ענגלענדער וועט זייער האָנאָראַר זיין מינדערוועַרטיק, מחמת זיי דאַרפֿן נאָך צאָלן דעם איבערזעצער. דערצו קומט נאָך צו דער אומשטאַנד, וואָס ס׳איז אים גאַנץ אומבאַקאַנט דאָס וואָס עס ווייסט דאָ דער היגער עולם, פֿאַר אַן אַבסטראַקטן עולם קאָן מען ניט שרייבן; מען דאַרף גאַנץ גענוי וויסן, וואו דער לייענער־עולם האַלט, וואָס ער ווייסט און וואָס ער ווייסט ניט.

מען וויזט מיר דאָ אַ סובסקריפּציע־פּראָספּעקט אויף צוואַנציק בענד פֿון פֿאַרשידענע ליטעראַטורן, דעם אָפּקלייב האָט געמאַכט דעם

יונגן מאַנס פאָטער, אונדזער פריינט ריטשאַרד גאַרנעט. מיך האָט ער אויסגעוויילט איך זאָל רעפּרעזענטירן דענעמאַרק, אַזוי אַז איך בין אים בפירוש שולדיק אַ דאַנק. ניט מער, וואָס ער וואָלט גערן וועלן האָבן פאַר דער אויסגאַבע מיין בוך ״איינדרוקן פון רוסלאַנד״ און דאָס איז איינע פון מיינע שוואַכסטע זאַכן (מחמת ניט איך קען רוסיש און ניט דאָס רוסישע פאָלק) און די איבערזעצונג האָט געמאַכט אַן אַמעריקאַנער, וואָס האָט פאַרבראַכט זעקס וואָכן אין קאָפּענהאַגען, ווייל זיין פרוי האָט זיך צעבראָכן אַ פוס, — אָט די איבערזעצונג איז נאָך שוואַכער. קיין דעניש האָט ער ניט געקענט. וועגן שעווטשענקאָ האָב איך געשריבן: ער איז געווען באַאיינפלוסט פון די אַלטע דומאַס (קאָזאַקישע פאָלקס־לידער), האָט ער איבערגעזעצט פונעם פאָטער דומאַס. צום פּראָספּעקט זיינען צוגעגעבן קורצע ביאָגראַפיעס פון די שרייבער. איך האָב זיך געפילט אַביסל געטראָפן, ווען איך האָב געלייענט וועגן זיך, אַז אין 1883, האָבן די דענער מיר פאָרגעלייגט 4.000 קראָן (220 פונט סטערלינג) במשך צען יאָר, אויב איך וועל באַווילן צוריקקומען קיין דענעמאַרק. איך בין דער איינציקער שרייבער, וואָס זיינע הכנסות (אין דער פאַרגאַנגענהייט) ווערן דאָרטן אָנגעגעבן. וואָס, צו אַלדע רוחות, גייט עס אָן די ענג־לענדער, מיינע יערלעכע איינקונפטן! דאָס האָט מען אַ פּנים אָפּ־געשריבן פון עפּעס אַן אַלטן דייטשן ווערטערבוך. מיך אָבער ברענגט דאָס אַריין אין אַ פאַרלעגנהייט. איך קאָן זיך ניט באַרימען איך זאָל האָבן געהאַט אַזאַ באַוועגט לעבן ווי איר האָט עס געהאַט; אין דער אמתן אָבער האָבן מיט מיר פּאַסירט זאַכן, וואָס זיינען אַ סך אינטע־רעסאַנטער און מערקווירדיקער ווי די מעשה וועגן מיינע הכנסות און דאָס איז אַלץ, וואָס עס ווערט וועגן מיר דערציילט. איך ווייס ווי איידל און פיין ס׳איז ד״ר גאַרנעט, דערפאַר טאַקע וואונדערט עס מיך אַזוי. מעגלעך אַז ער האָט דערמיט מיר געוואָלט אָנטאָן אַ סאָרט כבוד. אַ קליינער כבוד!

פונקט ווי אויף אייך, וואַרפט די מלחמה אויף מיר אָן אַ מרה־שחורה. ענגלאַנד איז געווען דאָס איינציקע לאַנד, וואָס מען האָט געקאָנט באַטראַכטן אָן דעם עס זאָל איינעם איינגאַנצן ניט ווערן פריקרע אויפן האַרצן, איצט איז אין גאַנץ איראָפּע מער ניט בנמצא

קיין אין העלער פונקט. וואָס פאַר אַ טרויעריקער סוף פונעם יאָר־הונדערט! ווי אַנטוישט מ׳איז אין די האָפענונגען, וואָס דער אָנהויב זיינער האָט אַרויסגערופן!

עדיט האָט זיך גאַנץ פיין געלאָזט וואוילגיין אין פאַריז. זי האָט זיך דאָרטן געטראָפן מיט באַרימטע פערזענלעכקייטן, קלעמאַנסאָ, פיקאַרט און אַנדערע. פיקאַרט האָט איר אפילו געגעבן אַ מתנה זיין בילד.

איך וואָלט אייך גערן געשיקט די קאָמפּלעטע אויסגאַבע פון מיינע ווערק, היות אָבער ווי איר באַהערשט ניט גענוג דעניש, כדי זיי צו לייענען, וועל איך זיי ליבערשט לאָזן ביי מיר.

אין געזונט בין איך אויף אַ דרך, איך אַרבעט צען־צוועלף שעה אַ טאָג.

איר דאַרפט ניט כאַפּן קיין פאַרקילונג. איך וויל האָפן, אַז איר האָט זיך אויסגעקורירט.

אַ וויכטיקער עלעמענט אין דער פריינטשאַפט צווישן די צוויי כלומרשט פאַרשיידענע גייסטער איז געווען זייער ערנסטע באַציאונג צו דער ריין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, אין וועלכער זיי זיינעןביידע געווען שטענדיק פאַרטיפט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי זיינען שטענדיק געווען שטאַרק פאַרכאַפּט פון אַקטועלע ברענענדיקע פּראָבלעמען. ביידע זיינען אין תוך גענומען געווען פריער פון אַלץ געלערנטע, ד. ה. פאָרשערס וועלכע הערן קיינמאָל ניט אויף צו שטודירן און לערנען.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמליי, קענט.

22 נאָוועמבער 1899.

״זייער טייערער פריינט,

זייט מיר מוחל וואָס איך האָב פאַרשפּעטיקט מיטן שיקן אייך מיין ביכל און די קאָרעקטורן. נאָך דעם ווי איך האָב פאַרענדיקט מיט די קאָרעקטורן פונעם בוך, האָב איך זיך תיכף געמוזט אַריינ־

וואָרפן אין די אַרטיקלען וועגן דער "לעצטער וויסנשאַפט" פאַר דעם "ניינצנטן יאָרהונדערט" (דער זשורנאַל די "ניינטינטה סענטשורי"). דער אַרטיקל האָט געזאָלט זיין פאַרטיק דעם 20־טן און איך האָב געמוזט שפּאָרן יעדע מינוט כדי צו זיין פאַרטיק אין דער צייט. דאָס איז אַן אַרבעט וואָס מאַטערט אויס אינגאַנצן ווייל מען דאַרף זוכן, לייענען און פאַרדייען אַ סך ביכער און אַרטיקלען, וועלכע זיינען צעוואָרפן אין פאַרשידענע פלעצער איידער מען קאָן אָנשרייבן עטלעכע זייטן. דער טיש אין צימער, די שטולן, די בענק זיינען באַדעקט מיט ביכער. אַן אמתע איבערקערעניש. סוף כל סוף איז דער אַרטיקל געוואָרן פאַרטיק און איך האָב געקאָנט אַביסל אָפּ־אָטעמען. אָבער איר, טייערער פריינט, ווי איז עס מעגלעך, אַז איר קענט אויסהאַלטן אַזויפיל אַרבעט! די קאָרעקטורן אַליין פאַרנעמען גענוג דעם מוח, אָבער איר גיט נאָך צו, זאָגט איר, נייע קאַפּיטלען און דאָס נייע מוז דאָך זיכער זיין פּונקט אַזוי גוט, סיי לויט דעם אינהאַלט און סיי לויט דער פאָרם, ווי דאָס איבעריקע. קיינמאָל, קיינמאָל אין לעבן וואָלט איך ניט געווען פעאיק צו טאָן אַזאַ אַרבעט.

דאָס וואָס איר שרייבט וועגן דער ביאָגראַפישער נאָטיץ, גע־שריבן פון גאַרנעט וועגן אייך, האָט אונדז פשוט אויפגעבראַכט. אַזוי איז עס. ער האָט זיכער געמיינט, אַז ער טוט אייך אָן אַ גרויסן כבוד, דער ענגלענדער איז אויף קיין שום פאַל ניט קליינלעך, פּונקט פאַרקערט. אָבער אויב ער וויל ווייזן דעם גרויסן ווערט פון איינעם, וואָס איז ניט פאַראינטערעסירט צו מאַכן אַ סך — וואָס דאָס מאַכט אַ פאַסצינירנדיקן איינדרוק אויף דעם דורכשניטלעכן ענגלענדער — וועט אַפילו אַזאַ מענטש ווי גאַרנעט זיך ניט אָפּשטעלן דאָס צו טאָן.

איך שיק אייך היינט מיין בוך. דאָרט איז דאָ עפּעס פון אייך חוץ אייער הקדמה. דאָס זיינען סימנים פון אייער דערמוטיקונג און פון אייערע באַמערקונגען. פאַר אייער הקדמה, טייערער פריינט, דאַנק איך אייך פון מיין טיפן האַרצן. דאָס פאָרוואָרט איז שוין גע־דרוקט אין ווין. איך וואָלט וועלן שיקן אַן עקזעמפּלאַר צו מיס עדיט, אָבער צום באַדויערן, האָב איך אינגאַנצן פינף עקזעמפּלאַרן. צוויי קאָפּיעס האָט אייך דירעקט אַרויסגעשיקט דער ענגלישער רעדאַק־

טאָר, צוויי קאָפּיעס קומען פון אַמעריקע. אין אַמעריקע וועט דאָס בוך אַרויס אין אַן אַכט אָדער צען טעג אַרום נאָך דעם 15־טן.

איך נעם זיך תיכף צו דער אַרבעט "קעגנזייטיקע הילף". דאָס איז אַ בוך, וואָס איך האָב ליב. עס וועט זיין נאָר אַן אַריינפיר צו די אַרטיקלען, וועלכע זיינען דערשינען אינעם זשורנאַל "דאָס ניינצנטע יאָרהונדערט" (דאָס בוך איז דערשינען אין לאָנדאָן, 1902), אונטער דעם טיטל "מיוטשועל אייד. פעקטאָר אָוו עוואָלושיאָן"). נאָך דעם וועט זיין דאָס בוך וועגן דעם יחיד אין דער געזעלשאַפט (לאָנדאָן, 1903, "די סטעיט"), נאָך דעם אַ בוך וועגן רוסלאַנד (קראָפּאָטקין האָט דאָס בוך ניט געשריבן) — און אַ צוגאָב צו דער "ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ" — פאַרשידענע טיילן פון רוסלאַנד.

מיטן גאַנצן האַרצן אייערער

פּעטער קראָפּאָטקין

סאָפי און סאַשאַ שיקן אייך זייערע גרוסן און מיר דריי גריסן מיס עדיט".

קראָפּאָטקין באַוואונדערט שטענדיק געאָרג בראַנדעסן פאַר דער מאַסע אַרבעט, וואָס ער איז אימשטאַנד צו טאָן, ניט קוקנדיק אויף זיין קראַנקהייט און דער גרינדלעכקייט פון זיינע שטודיען און פאָרשונגען, אָבער ער אַליין איז ניט ווייניקער ווערט באַוואונדערט צו ווערן פאַר דער אייגענער אייגנשאַפט. אַ פּאָר טעג נאָך דעם בריוו, וואָס מיר האָבן דאָ געבראַכט, שרייבט ער ווידער צו זיין פריינט קיין קאָפּענהאַגען.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמליי, קענט,

2 דעצעמבער 1899.

"מיין טייערער גוטער פריינט,

נאָך אַ מאָל מוז איך אייך בעטן מוחל צו זיין אייער פריינט, וואָס פאַרדינט ניט, אַז מען זאָל אים מוחל זיין! נאָך די זכרונות, וועלכע איך האָב פאַרענדיקט אין דער לעצטער מינוט — אַזוי

שפּעט אַז מען האָט געמוזט אָפּלייגן דאָס אַרויסגעבן פונעם בוך ביז צום 22־טן — האָב איך זיך געמוזט נעמען צום אַרטיקל „די לעצטע וויסנשאַפט״, וועלכע נאָועלס האָט פאַרלאַנגט פאַר דעם דעצעמבער־נומער. מעטעאָריטן, קאָמעטן, מען האָט עס אַלץ גע־דאַרפט פאַרדייען און דערציילן. איך וועל עס קאָנען פאַרענדיקן צוויי טעג פאַר דעם דערשיינען פונעם זשורנאַל. מען דאַרף באַ־וואונדערן די אָרגאַניזאַציע פון זייערע דרוקערייען, וואו די אַרבעט ווערט באַרעכנט אויף מינוטן און אַפילו אויף די סעקונדן (אַזוי פיל און אַזוי פיל סעקונדן), כדי דורכצופירן די אַרבעט.

אָסור אויב איך קאָן דערציילן, ווי אַזוי עס זיינען דורכגעגאַנ־גען די 4־5 טעג (איין טאָג איז געווען דער געבוירנטאָג פון סאָפיע און איר וואָלט געדאַרפט זען די פאַרנומענע, אויפגערעגטע סאַשאַ ברענגענדיק מיך קיין לאָנדאָן א. א. וו.). די 4־5 טעג זיינען דורכ־געגאַנגען מיט אַ מאַסע פריינט, וואָס זיינען געקומען אונדז זען אין אונדזער לאַך — פריינט פון אַמעריקע, אַנדערע וואָס זיינען אַרויס פון די ענגלישע געפענגענישן א. א. וו. (אין איר בוך „לי־ווינג מיין לייף״, לאָנדאָן, 1932, דערמאָנט עמאַ גאָלדמאַן דעם דאָ־זיקן טאָג).

איך שרייב אייך, כדי פריער פון אַלץ צו דאַנקען אייך פאַר אייער טרחה מיטן אַרויסגעבן דאָס בוך אויף דעניש און אַפילו אויף דייטש. (אין אַ בריוו פון 22־טן נאָוועמבער 1899 האָט בראַנ־דעס פאָרגעשלאָגן די פרוי עמי דראַכמאַן אַלס איבערזעצערין פון קראָפּאָטקינס „זכרונות״ אויף דעניש). קאָמפּפייער דערציילט מיר, אַז ער פאַרדרייט אייך אויך דעם קאָפּ, אָבער ווי געפינט איר צייט אויף צו שרייבן די אַלע בריוו?... מיין בעסטן דאַנק, טייערער פריינט, פאַר דער דאָזיקער אויפמערקזאַמקייט. דרך אגב, איך וועל אָפּ־שליסן מיט לוץ (דער פאַרלעגער ר. לוץ אין שטוטגאַרט האָט אין 1900 אַרויסגעגעבן די „מעמואַרן איינעס רעוואָלוציאָנערס״). דאָס געלט, וואָס דער דענישער פאַרלעגער שלאָגט פאַר, איז זייער גוט (דעם 24־טן נאָוועמבער 1899 האָט בראַנדעס געשריבן, אַז דער דע־נישער פאַרלעגער האָט פאָרגעשלאָגן 200 קראָנען). אָבער זייט איר זיכער, אַז די איבערזעצערין וועט גוט באַצאָלט ווערן? זי וועט דאָך

האָבן אַ סך אַרבעט מיט דער איבערזעצונג. אויב עס איז נייטיק — נעמט אַראָפּ פון מיין האָנאָראַר אַ געוויסע סומע געלט, כדי די איבערזעצערין זאָל גוט באַצאָלט ווערן.

איך בין ניט געווען זיכער, וואוהין איך וועל פאָרן, האָבנדיק דערביי חשק צו פאַרברענגען אַן אַכט־צען טעג אין לאָנדאָן, כדי צו לייענען אין בריטישן מוזעאום. די לעצטע צוויי יאָר האָב איך גאָרניט געלייענט און כדי צו פאַרנעמען זיך מיט דעם ענין יחיד און געזעלשאַפט, מוז מען לייענען. דאָס איז די סיבה, פאַר וואָס איך האָב ביז איצט ניט געשריבן צו דער פרוי סלאָט־מעלער (בראַנ־דעס האָט געבעטן קראָפּאָטקין אויפנעמען די מאַלערין סלאָט־מע־לער, ״אַ ברויזענדעס האַרץ און אַ גרויסער טאַלאַנט״). איך וואָלט נעכטן געווען אין לאָנדאָן אויב ניט פריינט, וואָס זיינען פּלוצלונג געקומען אייערנעכטן און נעכטן. איך וועל היינט שרייבן פרוי ס.־מ., כדי זי זאָל קאָנען קומען אַהער און פאַרברענגען מיט אונדז אַ פּאָר שעה.

דאָ — ווי אומעטום אין אַ צייט פון מלחמה — פאַרכאַפּט אַלץ דער דזשינגאָאיזם. מען האָט געצוואונגען מאָרסינגהאַד און אַנדערע, מער אָדער ווייניקער אונדזערע פריינט, צו פאַרלאָזן די צייטונג ״דיילי קראָניקל״, ווייל זי האָט געוואַגט צו ״באַליידיקן די אַרמיי״ דערמיט, וואָס זי האָט געדרוקט אַן אמתן באַריכט וועגן די מאָרדן ביי עלאַנדסלאַאַנטע (דרום־אַפריקע) (די ענגלענדער האָבן דאָ גע־האַט אַ נצחון דעם 21־טן אָקטאָבער 1899 און אַ צאָל צייטונגען האָט דערציילט, ווי די ענגלענדער האָבן אויסגעהרגעט די בורן, וואָס האָבן געהאַלטן אין אַנטלויפן). איך קען פערזענלעך דעם קאָרעספּאָנדענט — אַ גרויסער ״פּאַטריאָט״, אָבער אויך אַ האַרציקער מענטש. דאָס איז דער טריאומף, דאָס פונאַנדערשפּילן זיך פון די נידעריקע אינס־טינקטן, די הערשאַפט פון דעם אומסימפּאַטישן טייל פון פאָלק — דעם אַמווינציקסטן ענגלישן פון ענגלאַנד; וואָס קאָן זיין מער אינ־טערנאַציאָנאַל ווי שאָוויניזם? אַלץ פאַרענדערט זיך אין אַזאַ צייט, אַפילו די שפּראַך ווערט אָפּשטויסנד.

די בעסטע גרוסן פון אונדז דריי.

פון גאַנצן האַרצן אייערער פּעטער קראָפּאָטקין.

די קריטיקן פון די ענגלישע זשורנאַלן וועגן די "זכרונות" זיינען אַלע סימפּאַטישע, אָבער ניט קיין אינטערעסאַנטע. איך וואַרט, וואָס וועלן זאָגן די "מאַנטשעסטער גאַרדיען" און "סקאָטשמען". זיי דרוקן צייטנווייז ליטעראַרישע קריטיק."

פּעטער קראָפּאָטקין האָט געמוזט אין אַ קורצער צייט אַרום באַקומען די אמתע באַפּרידיקונג, ווען דאָס בוך איז געלייענט געוואָרן מיט דעם גרעסטן אינטערעס אין אַלע טיילן פון דער וועלט. אַן אויסערגעוויינלעך גרויסן דערפּאָלג האָט דאָס בוך געהאַט אין רוסלאַנד, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס עס האָט געהערט צו דער אַזוי־גערופענער אומלעגאַלער ליטעראַטור, געווען שטרענג פאַרבאָטן און פאָרט שטאַרק פאַרשפּרייט. הגם דאָס בוך האָט געהאַט צו טאָן מיט קראָפּאָטקינס פּערזענלעכע זכרונות און אויף אַזאַ אופן, הייסט עס, מיט אַ שטיק פאַרגאַנגענהייט, איז דאָס פאַר דעם ליבעראַלן און גאַנץ באַזונדערס פאַר דעם ראַדיקאַל־געשטימטן רוסלאַנד געווען ניט קיין פאַרגאַנגענהייט, נאָר ברענענדע אַקטואַליטעט.

עס איז ניטאָ אויך קיין ספק, אַז די הקדמה פון געאָרג בראַנדעס, וועמענס ווערק זיינען דענסטמאָל געווען פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד און געלייענט געוואָרן מאַסנווייז אין גוטע איבערזעצונגען, האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דעם דערפּאָלג פון די "זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָנער".

דער שרייבער פון די שורות געדענקט זייער גוט די צייט, ווען דאָס בוך איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין רוסלאַנד. עס איז גאָר ניט געווען זייער שווער צו קריגן אַ קאָפּיע פון דעם פאַרבאָטענעם בוך און קוויקן זיך מיט די לעבעדיקע בילדער געשילדערט פון קראָפּאָטקין. מען האָט געלייענט די "זכרונות" מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

אין אַ בריוו, וואָס געאָרג בראַנדעס האָט געשריבן דעם 30־טן אויגוסט 1899 פון פראַנקרייך צו דער באַרימטער שוועדישער שרייבערין עלען קעי, דערמאָנט ער קראָפּאָטקינס "זכרונות" און זאָגט דאָ וועגן זיין פריינט:

"ער זוכט גאָרניט פאַר זיך. ער לעבט נאָר פאַר דער מענטשהייט. מיט אַ קליין ביסל פּעסימיזם וואָלט ער געווען אַ פּערפעקטער

מענטש. ער איז איינער פון די וויניקע, וועמען איך רעספעקטיר טיף ניט טיילנדיק זיין גלויבן״.

דאָס זיינען געווען ערנסטע ווערטער. געאָרג בראַנדעס איז צו יענער צייט געווען דער אָנערקענטער פירער פון דער נייער ליטע־ראַטור ניט נאָר אין דענעמאַרק, נאָר אויך אין שוועדן און נאָרוועגן.

די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט זיינען געווען, אַזוי צו זאָגן, די גאָלדענע עפּאָכע פון דער יונגער שוועדישער ליטע־ראַטור. מיט איר זיינען פאַרבונדן די נעמען פון אויגוסט סטרינד־בערג, סעלמאַ לאַגערלעף, עלען קעי, אָסקאַר לעווערטין (אַ ייד), ווערנער פון היידענשטאַם און אַנדערע. פאַר אָט דעם קרייז איז גע־אָרג בראַנדעס געווען דער פירער, דער לערער, דאָס געוויסן, אָפט אַ נאָענטער פערזענלעכער פריינט. מיט דעם קרייז האָט ער געוואָלט פאַרבינדן פעטער קראָפּאָטקין. עלען קעי האָט אויסגענוצט די ער־שטע געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט דער קראָפּאָטקין־פאַמיליע אין לאָנדאָן.

עס איז קוים געווען אַ מער פאַסנדע פערזאָן פון די שוועדישע שרייבער ווי עלען קעי. זי איז ניט נאָר געווען אַן ערשטקלאַסיקער שרייבער, זי איז געווען אויך שטאַרק און אַקטיוו אינטערעסירט אין וויכטיקע סאָציאַלע פּראָבלעמען, דערציאונג, יוגנט א. א. וו. עלען קעי האָט געלעבט פון 1849 ביז 1926. זי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אינעם אויפבויען פון דער מעכטיקער שוועדישער פרויען־באַוועגונג.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמליי, קענט,

21 יוני 1900.

״טייערער פריינט,

איך קאָן אייך גאָרניט איבערגעבן ווי פיינלעך עס איז פאַר אונדז געווען צו דערוויסן זיך פון פרוי עלען קעי, אַז איר זענט ווידער געווען קראַנק. איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלן אָן אַ ווייטאָג — און איך שטעל זיך דאָס פאַר די גאַנצע צייט — אַז איר ליגט,

אַז איר זענט געצוואונגען צו בלייבן אָן רירן זיך פון אָרט, בשעת דער מוח אַרבעט און דאָס לעבן שפּריצט פון אייער גאַנץ וועזן. קעלגרען, דער זון פון אַ באַרימטן שוועדישן דאָקטאָר, האָט אונדז באַזוכט מיט אַ צייט צוריק און האָט אונדז לאַנג דערציילט וועגן אַ מעטאָדע פון זיין פאָטער — אויפרעגן באַשטימטע נערוון דורך אַ לייכטער באַרירונג. מען זאָגט, אַז דאָס ווירקט אויסגעצייכנט און דאָס זאָל זיין אַ גוטע מעטאָדע. קאָן מען ניט מאַכן אַ פּאַרזוך פון דעם מין? דער יונגער קעלגרען איז איצט אין שוועדן, ניט ווייט פון געטעבאָרג, אַ פּאָר שריט ניט ווייט פון אייך. איך בין זיכער, אַז אויב ער מיינט, אַז דאָס קאָן אייך העלפן, וועט ער תיכף קומען אייך זען. ער איז אַ פיינער יונגערמאַן. די ענגלישע מעדיצין טוט ניט אויף קיין גרויסע זאַכן; די יונגע וואָס זוכן נייע וועגן, קאָנען אַמאָל קומען צו גוטע אידעען. אפשר איז קעלגרען איינער פון זיי? דער געדאַנק צו דערקענען, וואָס איז אייער קראַנקהייט, פּייניקט מיך אַזוי, אַז איך טראַכט וועגן דעם די גאַנצע צייט.

איך קאָן אייך ניט דאַנקען גענוג פאַר דעם, וואָס איר האָט אונדז באַקענט מיט פּרוי קעי. סאָפי, פרוי סטעפּניאַק, וועלכע איז געווען ביי אונדז דעם טאָג, און איך, מיר זיינען באַגייסטערט פון איר. אין עטלעכע מינוטן זיינען מיר געוואָרן פריינט. זי האָט מיר געשיקט אירע "עסייס" אויף דייטש. איך אַרבעט איצט ווי אַ נעגער — עס זיינען איצט די ווייסע נעכט — אויף אַן אַרטיקל פאַר דעם "ניינ־טינטה סענטשורי" און האָב נאָך געקאָנט לייענען אַ ביסל דאָ און אַ ביסל דאָרט — ס'רוב (עלען קעיס) "אַן אָוונט אויף אַ יאַגד־שלאָס". ס'איז פיין, פול מיט גרויסאַרטיקע געדאַנקען. דאָס איז וואָס ס'איז דאָס שענסטע ביי אייך, ביי עליזע רעקליי, ביי טורגע־ניעוו, ביים ניהיליזם, ביי די בעסטע רוסישע פרויען — דער געמיינ־שאַפטלעכער גרונט פון די בעסטע אידעען פונעם יאָרהונדערט — דאָס איז וואָס רעדט פון איר; און ווי אַזוי דאָס איז אַרויסגעבראַכט! וואָס פאַר אַ פיינעם טיפּ פון פרויען זי רעפּרעזענטירט! דאָס וואָס זי פילט אַמשטאַרקסטן, זאָגט זי אַרויס אויף אַן אופן, וואָס וועט פאַרבלייבן. זי האָט אונדז צוגעזאָגט ווידער צו קומען אין עטלעכע וואָכן אַרום.

הער יאַקאָב העגעל (דער פאַרלעגער פון בראַנדעס׳ ווערק) האָט מיר צוגעשיקט די דענישע איבערזעצונג פון די "זכרונות" — זייער אַ גוטע, גלויב איך. די אויסגאַבע און די גאַנצע אויסשטאַטונג איז באמת שיין. איך האָב נאָר געלייענט אין אָנהויב אַ פּאָר זייטן און עס ווייזט אויס, אַז די איבערזעצונג איז זייער אַ גוטע. עס האָט פולשטענדיק דעם כאַראַקטער פון אַן אָריגינאַל.

איך לייען אויך איצט די קאָרעקטורן פון דער דייטשער אי־בערזעצונג — ס׳איז זייער גוט, מיין איך. איך קאָן אָבער ניט אַרויס־זאָגן מער ווי אַן אַלגעמיינעם איינדרוק וועגן דעם סטיל.

ווי גייט עס מיט דעם דרוקן פון אייערע ווערק? מען מוז זען — מען מוז עס אַבסאָלוט טאָן — אַז מען זאָל אין אַמעריקע אַרויס־געבן אַלע אייערע ווערק אויף ענגליש. (אַזאַ אויסגאַבע פון די ווערק פון געאָרג בראַנדעס אויף ענגליש איז קיינמאָל ניט געמאַכט גע־וואָרן ניט אין ענגלאַנד און ניט אין אַמעריקע. — וול. גר.). און אויב איך וועל זיין אין קומענדיקן ווינטער אין אַמעריקע, וואָס איז מעגלעך, וועל איך מיט אַלע מיינע כוחות מאַכן אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם, אַז אַזאַ אויסגאַבע זאָל געמאַכט ווערן. מיט אַ צייט צו־ריק האָב איך ווידער איבערגעלייענט (אייערע) "מאָדערנע גייס־טער" און איך וואָלט וועלן, אַז אַלץ, וואָס איר האָט געשריבן, זאָל געלייענט ווערן פון אַלעמען — זאָל זיין צוגענגלעך פאַר יעדן יונגנמאַן, פאַר יעדן יונגן מיידל. מיין טייערער, מיין זייער טיי־ערער פריינט, די רעאַקציע רוקט זיך אָן אויף אונדז פון אַלע זייטן, די גרויסע אינספּירירנדיקע אידעען ווערן אָפּגעשוואַכט; אונ־טער דעם דעקמאַנטל פון אינדיווידואַליזם שטייט ווידער אויף די דומהייט, דאָס ענגהאַרציקע, דער נאַרישער עגאָאיזם פון דער בורזשואַזיע פון די צייטן פון לואי פיליפּ, ניין, פון די צייטן פון דער דירעקטאָריע. די רוסישע ליטעראַטור, אפשר די סענסי־טיווסטע און דעליקאַטסטע פון אַלע אַנדערע, איז פול דערמיט און דריקט דאָס אויס. וואָס אָנבאַלאַנגט ענגלאַנד, איז זי צום גליק צעטיילט אין צוויי לאַגערן. דער לאַגער פון די, וואָס זאָגן זיך "לאָמיר אַריינבאַפּן", איז פשוט געמיין. עס איז דאָ נאָר איין טרייסט: די מינוט ווען זיי וואַרפן אַראָפּ פון זיך די מאַסקע, דער־

זעט מען זייער גאַנצע מיאוסקייט.

סאָפי, פרוי סטעפניאַק, איך און סאַשאַ, מיר אַלע שיקן אייך אַ סך, אַ סך בעסטע גרוסן און ווינטשן אייך פון גאַנצן האַרצן צו ווערן באַלד געזונט.

פון טיפן האַרצן אייער פעטער קראָפּאָטקין".

די וויטאַליטעט פון געאָרג בראַנדעס, ניט קוקנדיק אויף דער קראַנקהייט, וואָס האָט אים שטענדיק געפּלאָגט, זיין דורשט נאָך נייע איינדרוקן און זיין אינטערעס אין מענטשן, נאָענטע און פרעמדע, האָט דערשטוינט ניט נאָר פעטער קראָפּאָטקינען. עס איז געווען ניט צו פאַרשטיין, פונוואַנען עס נעמט זיך ביי אים אַזוי פיל כוח, ווייל זיינע איינדרוקן זיינען געווען שטאַרקע און טיפע. יעדע נייע דערשיינונג, יעדע נייע באַקאַנטשאַפט האָט אים סטימולירט, האָט ביי אים אַרויסגערופן נייע געדאַנקען און אי־דעען, אַזוי האָט ער געלעבט זיין גאַנץ לעבן.

## געאָרג בראַנדעס צו פעטער קראָפּאָטקין

האַרן, ביי ברעמען,
19 אויגוסט 1900.

"טייערער און געטרייער פריינט,

אַ דאַנק אייך פאַרן גוטן בריוו און זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אייך ניט געענטפערט גאַנצע צוויי חדשים. איר ווייסט דאָך, ווי איך האָב אייך ליב.

יאָ, איך בין ווידער געווען זייער קראַנק — עס איז אַ קראַנק־הייט, וואָס קומט צוריק, איך האָב פאַרבראַכט עטלעכע חדשים אין שפּיטאָל אין קאָפּענהאַגען; מען האָט מיך גוט באַהאַנדלט. יונגע, אינטעליגענטנע און פיינע מיידלעך האָבן אויף מיר גוט אַכטונג געגעבן און איך בין געוואָרן געזונט — אויף אַ שטיקל צייט. איך בין געווען אין אונגאַרן, וואוהין מען האָט מיך איינגע־לאַדן צו קומען און איך האָב דאָרט געמוזט אַלץ זען, דאָס מיניס־טעריום האָט אַלץ געשטעלט צו מיין דיספּאָזיציע און די מעיאָרס פון די שטעט האָבן באַקומען אַ באַפעל אָפּצונעמען מיך ביי דער

באַן מיט אַ געשפּאַן פון זעקס פערד — דער חלום פון מיין לעבן איז געווען אַ געשפּאַן פון זעקס פערד. איך בין אָבער ווידער גע־וואָרן קראַנק און געמוזט פאָרן צוריק אין שפּיטאָל, קיין קאָפּענ־האַגען.

איר האָט מסתמא געזען אין דער פּרעסע די קאַמפּאַניע, וואָס ווערט אָנגעפירט קעגן מיר אין דייטשלאַנד, ווייל זייענדיק אין בודאַפּעשט, האָב איך געזאָגט: "איך באַנוץ זיך דאָ מיט דער דייטשישער שפּראַך, הגם דאָס איז ניט אייער באַליבטע שפּראַך, אויך ניט מיינע. די נאַציאָנאַליסטישע משוגעת איז נאָך קיין מאָל אין דער וועלט ניט געווען אַזוי גרויס ווי איצט".

איך האָב פאַרבראַכט דאָ עטלעכע וואָכן ביי אַ פּריינט, אַ מאָלער און אַ דיכטער, וועמען איך באַזוך אָפט אין די לעצטע 18 יאָר; ער הייסט אַרטור פּיטגער און מיר זיינען פריינט, כאָטש מיר געהערן צו פאַרשידענע פעלקער.

איך בין צופרידן, וואָס עלען קעי איז געפעלן געוואָרן אייך און אייערע. זי איז געווען באַגייסטערט פון איר באַקאַנטשאַפט מיט אייך. זי באַזיצט דעם ריינסטן ענטוזיאַזם און ליבע צום אמת. זי איז אַ פרוי פון אויסערגעוויינלעכן קוראַזש. זי מאַכט צייטנווייז פעלערן. אינעם קאָנפליקט צווישן שוועדן און נאָרוועגיע, וואַרפט זי די גאַנצע שולד אויף שוועדן. די נאָרוועגער מיט זייערע נאַ־ציאָנאַלע אַמביציעס זיינען אַבסאָלוט אומדערטרעגלעך און אידיאָ־טיש, אָבער איר געפעלט דאָס.

טייערער פריינט, אויף דייטש וואָלט איך געזאָגט "פאַרערטער בעל־טובה", טראַכט ניט וועגן באַקאַנט מאַכן מיינע אָרימע שריפטן אין ענגלאַנד. איך צווייפל, צי זיי וועלן געפעלן ווערן. דער ענג־לישער פאַרלעגער היינעמאַן גרייט אייגנטלעך צו אַן אויסגאַבע פון די זעקס בענדער פון די "הויפּט־שטרעמונגען", וועלן מיר זען, צי דאָס וועט האָבן אַ דערפאָלג. ווייסט איר, אַז סוף־כל־סוף טרי־אומפיר איך אין סקאַנדינאַוויע; די פאָלקסטימלעכע אויסגאַבע פון אַלע מיינע ווערק (דרייסיק בענדער) האָט באַקומען זעקס טויזנט אַבאָנענטן.

איך דערמאָן זיך שטענדיק דעם טאָג, ווען איך האָב אייך באַ־

זוכט אין בראָמלי. איך זע פאַר זיך פרוי קראָפּאָטקין און די קליי־
נע סאַשאַ, וועלכע זאָגט "אַ פריי רוסלאַנד — אַזוי וואָלט רוסלאַנד
געדאַרפט זיין". האָפנטלעך וועלן מיר זיך ווידער זען. צום באַ־
דויערן, בין איך אַביסל אַנטוישט: איך האָב געזאָלט פאָרן מיט
די דענישע סטודענטן קיין איסלאַנד (איסלאַנד האָט דענסטמאָל
געהערט צו דענעמאַרק — וול. גר.). זיי האָבן מיך געוואָלט האָבן
אויף דער רייזע ווי אַ מין פירער. אָבער די דאָקטוירים האָבן מיר
פאַרבאָטן צו פאָרן. אַ סך זאַכן זיינען מיר פאַרבאָטן.

איך האָב אייך ליב פון מיין גאַנצן האַרצן.

געאָרג בראַנדעס

מאָרגן וועל איך זיין אין קאָפּענהאַגען".

פאַר מענטשן מיט אַזאַ ענציקלאָפּעדישער בילדונג און אַזוי
פיל אוניווערסאַלע קולטור־אינטערעסן ווי פּעטער קראָפּאָטקין און
געאָרג בראַנדעס האָבן געהאַט, איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, זיי
זאָלן אַרומרעדן די וויכטיקסטע פּראָבלעמען איינפאַך און אינ־
טים, אָן שום פּרעטענזיעס פון אַ דאָקטרינען־כאַראַקטער. דער־
פאַר איז פאַר בראַנדעסן ניט געווען קיין סענסאַציאָנעלע נייעס,
ווען קראָפּאָטקין האָט אים מודיע געווען, אַז ער איז איינגעלאַדן
קיין באָסטאָן צו האַלטן אַ סעריע פאָרלעזונגען וועגן רוסישער
ליטעראַטור. בשעת דער רייזע האָט קראָפּאָטקין גערעדט אויך
אויף גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען וועגן אַנאַרכיזם.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמליי, קענט,

23 נאָוועמבער 1900.

"זייער טייערער פריינט,

אייער קליין קאַרטל, אין וועלכן איר דערציילט מיר, אַז אַלץ
גייט גוט און איר אַרבעט פלייסיק (בראַנדעס האָט געשריבן, אַז
ער אַרבעט 14 שעה אַ טאָג), האָט מיר פאַרשאַפט מער פאַרגעניגן
ווי אַלע לאַנגע בריוו. איך בין גליקלעך פון דעם, טייערער פריינט,
און איצט קאָנט איר מיט פיבער איבערגעבן זיך דער אַרבעט

און אויסלעבן זיך אין איר! איך האָב אויך אַ סך געאַרבעט די לעצטע צייט, אָבער אויף גאָרניט קיין אינטערעסאַנטע זאַכן — ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ, "די לעצטע וויסנשאַפטן" א. א. וו. אויך אויף אייניקע קלענערע זאַכן, וואָס אינטערעסירן מיך יאָ.

שטעלט אייך פאָר, איך גיי ווערן אַ ליטעראַרישער קריטיקער! בעסער געזאָגט, פון סאָציאַלע פּראָבלעמען, איידער ליטעראַרישע — די רוסישע ליטעראַטור וועט דערביי זיין נאָר אַ תירוץ. ס'איז אַ קורס אין דעם לאָועל־אינסטיטוט אין באָסטאָן, וועגן דער מאָ־דערנער רוסישער ליטעראַטור: די העלדן פון טורגעניעוו, גאָנ־טשאַראָוו, פּושקין און לערמאַנטאָוו, און חוץ דעם, אַ מאַסע אַנ־דערע רוסישע שרייבער, וואָס מען קען ניט — די "פּאָלקסטימלע־כע", און די קריטיקער בעלינסקי, דאָבראָליובאָוו, פּיסאַרעוו (אַ סאָרט ניהיליסט), מיכאַילאָווסקי... איך האָב זיי נאָכאַמאָל גע־לייענט מיט אַזוי פיל פאַרגעניגן. איך האָב אויך געלייענט און ווידער געלייענט אייער קליינעם אַרטיקל וועגן טורגעניעוו, פאַר וועלכן מיין פרוי און איך האָבן אייך שטאַרק באַוואונדערט.

איר רעדט וועגן דער שוועדישער איבערזעצונג, נאַטירלעך! איך בין באַגייסטערט, אָבער עס זאָל נאָר זיין גוט געמאַכט. און אַזוי ווי דער פאַרלעגער באַצאָלט נאָך דערצו 200 קראָנען איז אוודאי גוט. נאָר די פראַנצויזישע אויסגאַבע רירט זיך ניט פון אָרט. מען האָט מיר פאָרגעשלאָגן צו מאַכן אַן איבערזעצונג פון דייטש, ניט פון ענגליש, אָבער דאָס וויל איך ניט.

מיר אַלע דריי שיקן אייך און מיס עדיט אונדזערע בעסטע גרוסן.

אייער,                                    פּ. קראָפּאָטקין.

די פראַנצויזישע אויסגאַבע האָט זיך פאַרהאַקט, ווייל עס איז געווען די צייט פון דער רוסיש־פראַנצויזישער אַליאַנץ און די פראַנצויזן האָבן ניט געוואָלט אָנרירן דעם כבוד פונעם צאַריזם, וועלכער איז געוואָרן אַ פּאָליטישער שותף פון דער דריטער רע־פּובליק. דער מערקווירדיקער בונד איז געווען געצילט קעגן דייטשלאַנד.

# ניינטער קאַפּיטל

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

קאָלאָניאַל קלוב, קעמברידזש, מאַס.
28 מערץ 1901.

"זייער טייערער פריינט,

אייער קאַרטל באַקומען דאָ, אין אַמעריקע, און איך קאָן אייך גאָר ניט זאָגן, ווי גליקלעך איך בין געווען צו דערזען אייער כתב. דאָס הייסט דאָך, אַז איר זענט געזונט, אַז איר זענט אַק־טיוו. אַ דאַנק, אַ דאַנק פאַר דעם קליינעם קאַרטל.

וואָס שייך דעם אינהאַלט, בין איך פאַרצווייפלט. ניין, ס'איז זיכער, אַז איך האָב ניט קיין מזל מיט דער פראַנצויזישער איבער־זעצונג פון מיינע זכרונות. דריי־פיר גרויסע פאַרלעגער האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן דאָס בוך. "דאָס איז די אַליאַנץ מיט רוסלאַנד", האָב איך זיך געזאָגט: סטאָק איז דער איינציקער, וואָס האָט עס געוואָלט איבערנעמען, האָב איך עס אים איבערגעגעבן. וואָס שייך דעם איבערזעצער, האָט ער געטאָן אַן אָנשטענדיקע אַרבעט, אָבער ס'איז ניט דאָס, וואָס איך האָב געחלומט.

נו, ס'איז שוין אָפּגעטאָן. איך בעט אייך, גיט איבער מיין דאַנק מירבאָן. איך באַדויער, וואָס איך האָב ניט געהאַט אין זינען צו שיקן אים אַן עקזעמפּלאַר, ווען דאָס בוך איז דערשינען אויף ענגליש.

אין בין שוין פינף וואָכן אין קעמברידזש, ניט ווייט פון באָס־טאָן, וואו איך האָב פאַרענדיקט דעם קורס אינעם לאָועל־אינסטי־טוט — איך וועט ניט איינפאַלן גאָר וואָס פאַר אַ קלאַס דאָס איז

געוועזן. — ס׳איז רוסישע ליטעראַטור אין 19־טן יאָרהונדערט! מען האָט עס מיר פאָרגעשלאָגן. איך האָב אַ סך געאַרבעט, און די אַכט פאָרלעזונגען (צוויי אַ וואָך) זיינען געווען זייער גוט באַזוכט. דער זאַל איז כמעט געווען פול די גאַנצע צייט און איבערגעפּאַקט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן טורגעניעוו און טאָלסטאָי.

דער קורס איז געווען אַזוי איינגעטיילט: 1) איינלייטונג. שפּראַך, א. א. וו., ביז פּושקין; 2) פּושקין און לערמאָנטאָוו (איך און מיין פרוי זיינען גרייט אייך אַרומצונעמען פאַר אייער צוגאַנג צו די צוויי דיכטער); 3) גאָגאָל; 4) טורגעניעוו און טאָלסטאָי; 5) גאָנטשאַראָוו, דאָסטאָיעווסקי, נעקראַסאָוו; 6) דראַמע; 7) די "פאָלקסטימלעכע" (פון גריגאָראָוויטש ביז גאָרקי) און 9) די פּאָ־ליטישע שרייבער, שטשעדרין, און די קריטיקער, פון בעלינסקי ביז טאָלסטאָי (קונסט). אַלץ איז געגאַנגען גוט. די זיבעטע און אַכטע פאָרלעזונגען זיינען מיר געפעלן געוואָרן. איצט וויל מען דאָס אַרויסגעבן אין אַ בוך. אפשר וועט עס זיין אַ נוצלעכע זאַך, כדי מענטשן זאָלן קאָנען זיך אָריענטירן אין דער רוסישער לי־טעראַטור — ניט מער ווי דאָס.

איך האָב אַ סך מער ליב מיינע אַנדערע פאָרטראַגן: אַנאַרכיזם, די אַנטוויקלונג פון סאָציאַליזם, אַרבעט, לאַנדווירטשאַפט א. א. וו., פאָרלעזונגען וואָס איך האָב געהאַלטן פון צייט צו צייט.

מאָרגן פאָר איך קיין ניו־יאָרק, וואו איך דאַרף רעדן וועגן אַנאַרכיזם פאַר טויזנט מענטשן און האַלטן פאָרטראַגן כמעט יעדן טאָג, און נאָך דעם פאָר איך קיין שיקאַגאָ אויף אַ וואָך. דאָס זיי־נען אַלץ אוניווערסיטעטן, וואָס לאַדן מיך איין.

מען קען אייך זייער גוט אין באָסטאָן. דאָ לייענט מען מיט אַן אמתן פאַרשטאַנד. אויב איר וואָלט פאָרגעשלאָגן מ. לאָועל אַ קורס לעקציעס פאַרן לאָועל־אינסטיטוט וועגן ליטעראַטור — אויף ענגליש אָדער אַפילו אויף פראַנצויזיש (דזשאָן, דער קריטיקער פון "לע טאַן", האָט דאָ געגעבן אַ קורס אין קעמברידזש אויף פראַנצויזיש און האָט געהאַט אַ סך צוהערער) — בין איך זיכער, אַז מען וואָלט אייך דאָ געטראָגן אויף די הענט. מען וועט אייך דאָ תיכף ליב קריגן.

טויזנט גרוסן און די בעסטע וואונטשן פאַר אייער געזונט, מיין טייערער פריינט, און די בעסטע גרוסן צו מיס עדיט.

האַרציק, אייערער,

פ. קראָפּאָטקין".

ניין, געאָרג בראַנדעס האָט ניט געהאַט קיין גרויסן חשק צו פאָרן קיין אַמעריקע. אין אַ בריוו צו דעם שרייבער פון די שורות, מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, האָט ער געשריבן, אַז ער גלויבט ניט, אַז אַמעריקאַנער האָבן אַן אמתן אינטערעס אין זיין שרייבן און דער בעסטער באַווייז פון דעם איז — די נישטיקע צאָל פון זיינע ביכער, וואָס ווערן פאַרקויפט אין אַמעריקע. דאָס איז זיכער געווען אַ מין איינרעדעניש ביים גרויסן שרייבער. זיין אינטערעס אין אַמעריקע איז אויך געווען אַ באַשרענקטער, דאָס קאָן מען אפשר דערקלערן דערמיט, וואָס ער איז שטענדיק געווען פאַרטאָן אין אַזוי פיל ריין־אייראָפּעאישע פּראָבלעמען: פינלאַנד און די אַרמענער, פּאָליאַקן און אוקראַינער, וואַלאָנען, פלאַמאַנדער און א. וו. זיין באַציאונג צו קראָפּאָטקין איז געקומען פון זיין טיפן אינטערעס צו דער ריזיקער רוסישער אימפּעריע און אירע פעלקער. קראָפּאָטקין האָט זיך אויפריכטיק געפרייט, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז בראַנדעס האָט געשיקט זיין טאָכטער עדיט אויף אַ באַזוך קיין רוסלאַנד.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמליי, קענט,

23 אָקטאָבער 1902.

"מיין טייערער פריינט,

ווען איך שרייב אייך ניט אַזאַ לאַנגע צייט, מאַך איך זיך די גרעסטע פאָרוואורפן; ווי שטענדיק לייג איך אָפּ דאָס שרייבן פון איין טאָג אויפן צווייטן, און אַזוי גייען אַוועק וואָכן און חדשים.

טויזנט מאָל דאַנק איך אייך פאַר אייער גוטן בריוו. איך האָב

שוין געוואוסט, אַז איר זענט געווען אין פּאַריז, אָבער איך בין ניט געווען זיכער, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד עס איז אייער געזונט. איך האָב מורא, אַז די פּאָרלעזונגען און די אויפנאַמען האָבן אייך אויסגעמאַטערט, ווי דאָס האָט מיך מיד געמאַכט, ווען איך בין צוריקגעקומען פון אַמעריקע.

עס איז געווען גוט, וואָס איר האָט געלאָזן מיס עדיט פאָרן קיין רוסלאַנד. זי וועט ליב קריגן אונדזער לאַנד, זי וועט אויך טרעפן דאָרט אַ גרויסע צאָל אינטערעסאַנטע יונגעלייט, אינטערע־סאַנט מיט זייערע אינטעלעקטועלע פּראָבלעמען, וואָס רופן אַרויס געדאַנקען. זי וועט מסתמא זיין ניט ווייט פון אונדזער ניקאָלסקאָיע (דאָס גוט פון קראָפּאָטקינס פאָטער), וואָס ליגט אַ 50 קילאָמעטער פון קאַלוגאַ. מיר חלומען אויך וועגן דעם, אַז אונדזער סאַשאַ זאָל פאָרן קיין רוסלאַנד אין אַ יאָר אָדער אין צוויי יאָר אַרום — איך קוק ניט מיט ראָזעווע ברילן אויף דעם וואָס עס קומט דאָרט פאָר, ווי עס איז דער פאַל מיט אונדזערע רוסישע פריינט, וועלכע זאָגן, אַז אָט קומט די קאָנסטיטוציע אין אַ דריי יאָר אַרום! פאַר־קערט, איך מיין, אַז עס וועט קומען צוערשט אַן אויפשטאַנד פון די פּויערים (דרך אגב — עס איז דערשטוינט צו ווערן פון דעם, מיט וואָס פאַר אַ חשק די פּויערים לייענען און פאַרשפּרייטן די פאַרבאָטענע ליטעראַטור, וועלכע ווערט פּובליצירט פאַר זיי).

אַ דאַנק אייך פאַר דער פריינטלעכקייט, וואָס איר האָט אַרויס־געוויזן צו פּריסעל. אַזוי איז ער! אָדער ער פאַרגעסט וועגן אַן אָפּ־גערעדטער באַגעגעניש, אָדער ער קומט מיט צוויי טעג פריער ווי מען האָט אָפּגערעדט (ער האָט עס געטאָן מיט אונדז). זיין פרוי (וועלכע זעט אויס צו זיין אַן אויסגעצייכנטע פרוי, עס איז בכלל אַ גוט פּאָרפאָלק) זאָגט, אַז אַזוי איז ער געווען שטענדיק. ער טוט אַ גוטע אַרבעט אין דרום פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו אַזאַ אַרבעט איז זייער נויטיק.

איך שיק אייך, מיין טייערער פריינט, אַ ניי ביכל ״קעגנזיי־טיקע הילף״. דאָס איז אַ זאַמלונג פון געדרוקטע אַרטיקלען, מיט אַ קליינעם צוגאָב. דער צוגאָב האָט נאָר אַ טעאָרעטישן ווערט (60—67 זייטן) און דאַרף באַווייזן, אַז דאָס ״פאַרניכטן פון די

צווישנפאָרמען״, וועגן וועלכע עס האָט גערעדט דאַרווין און וועלכע ער האָט זייענדיק, אונטער דעם איינפלוס פון מאַלטוס, באַטראַכט אַלס די אמתע ״פאַרניכטונג״, דאַרפן אויך פאַרשטאַנען ווערן בילד־לעך. דאָס האָט אַ געוויסע באַדייטונג פאַר דער גאַנצער טעאָריע פון דאַרוויניזם; פאַר דער טעאָריע פון לאַמאַרק עקזיסטירט בכלל ניט די דאָזיקע היפּאָטעזע פון פאַרניכטונג.

נאָך דער אַרבעט וויל איך זיך נעמען צו אַן אַרבעט, מיט וועלכער איך האָב זיך שוין אַמאָל פאַרנומען. גלייכהייט — יושר — מאָראַל (׳עגאַליטע — דזשאָסטיס — מאָראַליטע״) און נאָך דעם וועט קומען די אַנאַליזע פון אינדיווידואַליזם (צווישן אַנדערע ניטשע), קאָמוניזם און... מען דאַרף נאָך געפינען דערפאַר דעם ריכטיקן נאָמען; די הויך־אַנטוויקלטע אינדיווידואַליטעט אין אַ סביבה וואו זי דאַרף זאָרגן פאַר איר עקזיסטענץ, פאַר ברויט און אַ הויז און ווערט באַפרייט פון די זאָרגן דורך קאָמוניזם — דענסט־מאָל קאָן זיך דאָס פערזענלעכע אַנטוויקלען.

צו דעם אַלעמען דאַרף מען זיין געזונט. איר ווייסט מסתמא פון פריינט, אַז דעם לעצטן נאָוועמבער האָב איך שוין געהאַלטן ביים שטאַרבן. דאָס האַרץ האָט מער ניט געוואָלט אַרבעטן. אין פאַרלויף פון 7—6 חדשים האָב איך געאַרבעט זייער, זייער ווייניק און ערשט דעם זומער, אָדער בעסער געזאָגט — דעם האַרבסט, האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבעט.

סאָפיע פילט זיך זייער פיין. אונדז איז געגאַנגען וואונדער־באַר אין קאָרנוואָל, אָבער זינט מיר האָבן זיך צוריקגעקערט, איז סאָפיע געווען גאַנץ ערנסט קראַנק. סאַשאַ איז געוואָרן אַ גרויס מיידל, גרויס ווי איך, און דערמאָנט פולשטענדיק לויט דעם אויס־זען איר באָבע. זי אַרבעט מיט חשק. איצט איז עס לאַטיין! אָ, ווי־פיל צייט גייט אומזיסט פאַרלוירן, ס׳איז שרעקלעך. אָבער גענוג! קאָנען מיר האָפן, אַז מיר וועלן אייך זען אינגיכן אין לאָנדאָן? איך דערוואַרט די צייט, ווען איך וועל אייך קאָנען דאָ אַרומנעמען און איך שיק אייך דערווייל די וואַרעמסטע גרוסן.

פעטער קראָפּאָטקין.

ווייסט איר וואָס אייערע דענער האָבן געטאָן ביי אונדז? זיי האָבן באַדעקט דעם דרומדיקן טייל פון דער געגנט אַרום טאָמסק און טאָבאָלסק מיט מילך־קאָאָפּעראַטיוון. אייערע פּאַרמערס האָבן געלערנט אונדזערע פּויערים. דער עקספּאָרט פון פּוטער איז אַזוי גרויס, אַז יעדע וואָך גייט אָפּ אַ שיף פון ריגע (קיין ענגלאַנד) אָנגעלאָדן מיט פּוטער פון די סיבירער קאָאָפּעראַטיוון פון דענישן אָפּשטאַם.

האָט איר געשריבן וועגן ניטשע?".

וואָס פאַר אַ געמיש פון אינטערעסן און פּראָבלעמען; דאַרוויניזם, סיבירישע מילך־קאָאָפּעראַטיוון, ניטשע! און אַלץ איז גענומען מיט דעם טיפסטן ערנסט און מיט אַן ערנסטער שטודיע. אַזוי איז אויך געווען די פּערזענלעכקייט פון געאָרג בראַנדעס; גרויסע שטודיען פון שעקספּיר, די בלוטיקע אונטערדריקונג פון די אַרמענער דורך אַבדול האַמידס טערקיי, די קאָרעספּאָנדענץ מיט העגריק איבסען. — עס איז זיכער, אַז די דאָזיקע פילזייטיקייט און פילפאַרביקייט האָט צוגעבונדן די צוויי פריינט איינער צום אַנדערן, הגם זיי פּלעגן זיך זען נאָר איין מאָל אין עטלעכע יאָר.

די קאָרעספּאָנדענץ צווישן די צוויי ווערט אַלץ אינטימער און אַלץ אינהאַלטסרייכער. רוסלאַנד הויבט אָן צו פאַרנעמען אַלץ אַ גרעסערן פּלאַץ אין זייער דורכשרייבן זיך.

געאָרג בראַנדעס האָט אין פאַרלויף פון זיין 55־יאָריקער ליטעראַרישער אַרבעט אַרויסגערופן און אויך זיך באַטייליקט אין אַ גרויסער צאָל ערנסטע און אָפט זייער שאַרפע דיסקוסיעס. צווישן זיי האָט דער ענין ניטשע — אויף וועמען מען מעג אָן שום גוזמא זאָגן, אַז געאָרג בראַנדעס האָט אים אַריינגעפירט אין דער וועלט־ליטעראַטור אַלס אַן ערשט־קלאַסיקן דענקער און שרייבער — פאַרנומען גאָר אַ חשובן פּלאַץ. אַזוי ווי עס זיינען דאָ מיינונגען, אַז ניטשעס אידעען וועגן דעם "איבערמענטש" האָבן געפירט דערצו, אַז אַ גרויס פאָלק, ווי די דייטשן, זאָל קאָנען אַקצעפּטירן אַזאַ פינצטערן וואַגאַבאָנד ווי היטלער פאַר אַ געטלעכן איבערמענטש, זיינען אויך אין זיין צייט געווען מענטשן, וועלכע זיינען געווען

אויסער זיך — פאַרוואָס בראַנדעס האָט זיך איינגעשטעלט אַזוי שטאַרק פאַר ניטשען און געהאָלפן שאַפן אַ מין קולט פאַר זיינע אידעען.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין די זייער אינטערעסאַנ־טע און וויכטיקע איינצלהייטן פון דעם ענין בראַנדעס־ניטשע. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם האָט נאַטירלעך אויך אינטערעסירט פּעטער קראָפּאָטקינען, און די צוויי פריינט האָבן עס פון צייט צו צייט באַרירט אין אַ רואיקער און ווירדיקער פאָרם. עס איז דאָס אַלטע פּראָבלעם וועגן דעם, וואָס איז דער הויפּט־עלעמענט אינעם אַנט־וויקלונגס־פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט — דאָס פאָלק, אָדער די גרויסע אינדיווידועלע פּערזענלעכקייט? פאַר פּעטער קראָפּאָטקין איז עס שטענדיק געווען דאָס פאָלק, די מאַסע; פאַר געאָרג בראַנ־דעס איז דאָס פאָלק געווען בלויז "המון", וואָס האָט ניט קיין איי־גענעם ווילן און לאָזט זיך פירן פון דעם, וואָס האָט די אידעע און די נויטיקע ווילנס־קראַפט. פאַר בראַנדעסן איז ניטשע גע־ווען דער פאַרטרעטער פון אַ מין "אַריסטאָקראַטישן ראַדיקאַליזם"; פאַר דעם באַרימטן דענישן פילאָזאָף האַראַלד העפדינג האָט אַ ווערט געהאַט גראָד דער היפך פון דעם — דעמאָקראַטישער ראַ־דיקאַליזם. די דאָזיקע דיסקוסיע איז אָנגעגאַנגען יאָרנלאַנג.

אָנהויב 1902 — ווען ער איז אַלט געוואָרן 60 יאָר — האָט געאָרג בראַנדעס געהאַלטן אין פּאַריז אַ פּאָרטראַג אין דער דאַ־מאָלס זייער באַקאַנטער רוסישער שול פאַר וויסנשאַפטן: "עקאָל רוס דעז־אָט עטיוד", אָנגעפירט דורך מאַקסים קאָוואַלעווסקי. דער פּאָרטראַג האָט געהייסן: "דער גרויסער מענטש, דער אָנהויב און דער סוף פון דער ציוויליזאַציע". ער האָט דאָ אַנטוויקלט זיין שטאַנדפּונקט גאַנץ אויספירלעך.

אין זיין לעצטן בריוו האָט קראָפּאָטקין געפרעגט, צי בראַנדעס האָט געשריבן וועגן ניטשען. עטלעכע טעג שפּעטער ענטפערט בראַנדעס.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 4־טן נאָוועמבער 1902.

"אַנטשולדיקט זיך קיינמאָל ניט פאַרוואָס איר האָט ניט געשריבן, נאָר שרייבט ווען דאָס האַרץ זאָגט אייך, און מאַכט זיך ניט קיין פאָרוואורפן, ווייל דאָס קאָן אויסזען ווי איר וואָלט מיך פאַרגעסן. איך ווייס גאַנץ גוט, וויפיל צייט אַ פאַרנומענער מענטש דאַרף האָבן. אָבער ווען איר ווילט זיין אַ גוטער, שרייבט מיר פון צייט צו צייט אַ פּאָר שורות, כדי מיר זאָלן שטיין אין קאָנטאַקט. אייער פריינטשאַפט איז איינס פון די טייערסטע זאַכן אין מיין לעבן. איך האַלט מיך דערביי און כ׳וואָלט עס נאָך געוואָלט אַמאָל אייך באַווייזן.

איך וואָלט געוואָלט תיכף נאָכאַמאָל איבערלייענען (אייער "קעגנזייטיקע הילף" — איך האָב אָבער נאָך ניט געהאַט די געלעגנהייט דאָס צו טאָן. ווען איך וועל האָבן די געלעגנהייט, וועל איך אָנשרייבן אַן אַרטיקל. סוף יאָר, ווען דאָ דערשיינען געוויינלעך די ביכער, פאַרלאַנגען די צייטונגען, מען זאָל ניט שרייבן וועגן אויסלענדישע ביכער. דעריבער מוז איך אַ ווײלע אָפּוואַרטן מיטן לייענען און מיטן שרייבן. אָבער טאַקע נאָר אַ ווײלע; איך וועל עס לייענען אויפמערקזאַם און איך וועל וועגן דעם שרייבן אַזוי גוט ווי איך קאָן.

איך בין געווען אין דייטשלאַנד, כדי דאָרט צו טרעפן מיין טאָכטער, וועלכע איז צוריקגעקומען פון איר צוויי־חדשימדיקער רייזע אין רוסלאַנד. זי האָט דאָרט געזען דאָס דאָרף, וואו דאָס לעבן פונעם פויער איז גענוג טרויעריק; זי האָט אויך באַזוכט קאַלוגאַ, מאָסקווע, פּעטערבורג, וואַרשע. זי האָט שוין אויך געזען בערלין, וואו זי איז געבוירן געוואָרן, אויך פּאַריז און ניין שטעט אין איטאַליע. אין איר עלטער האָב איך געהאַט נאָר געזען קאָפּענהאַגען און געטעבאָרג — דאָס אַלץ!

אייערע פריינט זיינען זיכער צו גרויסע אָפּטימיסטן וועגן דער צוקונפט פון רוסלאַנד. די רוסן זיינען אייגנאַרטיק, זיי זיינען די ערגסטע אונטערדריקער אויף דער וועלט. געוויינלעך זיינען שטענ־

דיק פרעמדע די אונטערדריקער פון אַ פאָלק. אָבער די רוסן האָבן די פּריווילעגיע צו זיין זייערע אייגענע תליונים — דאָס איז אפשר זייער איוסערגעוויינלעכסטע אייגנשאַפט. — איך ווייס, זיי וועלן אַמאָל זיין די באַפרייער פון זייער אייגן פאָלק און פון אַנדערע — אָבער דאָס איז צוקונפט־מוזיק.

בנוגע ניטשע, וויל איך אייך אָנרופן אַ בוך, וואָס פאַר אייך וועט עס זיין מער צוטריטלעך צו לייענען, און דאָס איז (מיין בוך) "מענטשן און מעשים". איך גלויב, אַז איך האָב עס אַמאָל געהאַט געשיקט צו פּרוי קראָפּאָטקין. דאָרט זיינען אויך פאַראַן זיינע בריוו צו מיר פון לעצטן יאָר איין זיין באַוואוסטזיניקן לעבן. אַביסל מער וועגן אים איז פאַראַן אין דעם זיבעטן באַנד פון מיינע דע־נישע ווערק (אין דער ביבליאָטעק פון בריטישן מוזעאום). אויב איר האָט ניט דאָס בוך אויף דייטש, שרייבט מיר אַ קאַרטל און איך וועל עס אייך תיכף צושיקן. ער וועט אייך אויסזען העסלעך, אָבער מיך האָט ער אַמיזירט און איז געווען אינטערעסאַנט, ווי אַ סקעפּטיקער איך בין; ער האָט מיך אינטערעסירט און איך האָב אים ליב געהאַט, כמעט ווי איך האָב ליב זשאָזעף דע מעסטר (פראַנצויזישער דיכטער).

דערמאָנט פרוי קראָפּאָטקין און מאַדמואַזעל סאַשאַ, אַז איך בין אַמאָל געזעסן מיט זיי ביי איין טיש — עס איז שוין, ליידער זייער לאַנג, זעקס יאָר, און וויפיל זעקסער יאָרן האָבן מיר דען נאָך צו לעבן? אויף יעדן פאַל, היט אָפּ אייער געזונט, אָדער דער־האַלט אייך, ווי איך האָב זיך דערהאַלט.

פון גאַנצן האַרץ, אייער

געאָרג בראַנדעס".

### פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמליי, קענט,
20 מערץ 1903.

"זייער טייערער פריינט,

עס איז ווידער אַוועק אַן אייביקייט, זינט איך האָב געוואָלט

שרייבן. כ׳האָב עס שוין געדאַרפט האָבן געטאָן מיט אַ לאַנגער צייט צוריק. איך האָב אייך געוואָלט דאַנקען פאַר אייער פאַר־טראַג: דער גרויסער מענטש — באַזונדערס פאַר אייער דעדיקאַ־ציע — און וועגן וועלכן איך וואָלט אייך געהאַט אַזוי פיל צו זאָגן. די ווערטער (פון פאָרטראַג) ״דער סוף פון דער מענטשהייט״, ״צוועק פון דער מענטשהייט״ האָבן מיך ווירקלעך צערודערט. איך פיל, וואָס איר ווילט זאָגן! אָן די גרויסע פערזענלעכקייטן הערט אויף די מענטשהייט צו זיין אינטערעסאַנט (איך וואָלט גע־זאָגט: מער שווער צו פאַרשטיין). זיי זיינען עס די יעניקע, וואָס העלפן דעם פראָגרעס, א. א. וו. אָבער דער סוף, דער צוועק — דאָס רופט אַרויס ביי מיר אַזאַ רעאַקציע, ווי די קירכע ביי מע־פיסטאָפעלן. איך ווייס, ביי אייך איז עס בלויז אַ פאָרם פון אויס־דריקן זיך.

אָבער דער אָרימער המון! צי זענט איר גערעכט צו אים? ניין, טייערער פריינט, איך גלויב עס ניט. איר דאַרפט ניט אורטיילן דעם המון לויט דעם, וואָס איר זעט אין דער לעצטער העלפט פונעם יאָרהונדערט אין אייערע סקאַנדינאַווישע לענדער — אַ המון, פאַרנאַרט דורך אַ פּראָטעסטאַנטישער דערציאונג, און אַפילו די היינטיקע דערציאונג, וואָס טויט־אָפּ יעדע איניציאַטיוו, יעדן פאַרזוך צו טראַכטן, יעדע ערלעכקייט צו זיך אַליין. גיט נאָר אַ טראַכט: די דייטשישע פּעדאַגאָגיק ווערט באַנוצט דורך אַלעמען אין משך פון אַ גאַנצן דור! עס ווערט קאַלט ביים בלויזן געדאַנק אַליין. אַלע זיינען דאָך דורכגעגאַנגען אַזאַ קינדער־גאָרטן! — דאָס הייסט דאָך ממש אויסהרגענען זיי, ווי העראָדאָט האָט עס געטאָן. — אָבער טראָגט דעם אַלעם, אויף וואָס באַקלאָגט איר זיך דען אייגנטלעך? צוויי קליינטשיקע לענדער (אין סקאַנדינאַוויע) האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך אין איין גענעראַציע דעם גרעסטן דראַמאַטורג פון דער עפּאָכע, דעם פיינסטן מוזיקער (גריג), דעם געוואַגסטן פּאָלאַר־פאָרשער (נאַנסען) — און איך מוז דאָס זאָגן — דעם פיינסטן קריטיקער פון דער עפּאָכע (און דאָס איז דאָך אומגע־הויער אַ סך), און דאָס אַלץ ניט געקוקט אויף די באַדינגונגען, וואָס מען האָט געמוזט אַקצעפּטירן, כדי די אַרבעטער זאָלן קאָנען

קעמפן קעגן דער בורזשואַזיע (די פּאַרטעמפּטקייט דורך דער דיי־טשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע).

דער אמת שיינט מיר צו ליגן ניט צווישן אייך אָדער טען (היפּאָליט טען), נאָר ביי אייךביידע. נעמט אונדזער פּושקין. ער איז אַ קינד פון זיין צייט. פאַר אים זיינען געווען דריי געלונגענע פּאַרזוכן — זשוקאָווסקי, באַטיושקאָוו, רילעעוו און אַנדערע. באַ־נוצנדיק זיך מיטן פאָלקסליד און מיט די פאָלקסטימלעכע מעשיות (אַלץ אַ פּראָדוקט פון טויזנטער אומבאַקאַנטע שאַפנדיקע כוחות — פון המון), זעצט ער זיך אַוועק שרייבן. ער שאַפט די רעוואָלוציע, וואָס זיינע צייט־גענאָסן האָבן צוגעגרייט (טען). דערמיט האָט ער געגעבן דער רוסישער ליטעראַטור די ריכטליניע פון אַנטוויקלונג אויף 80 יאָר. אַלע מאַכן אים נאָך און — נאָך מער — ער שאַפט אַ פּובליקום, וואָס וועט ליב באַקומען די דאָזיקע פאָרם פון שרייבן (אייערע ווערטער).

אַליין אַ פּראָדוקט פונעם המון, פאָרמט ער איצט אויס דעם המון לויט זיינע אידעען.

אָדער נעמט טורגעניעווס באַזאַראָוו (דער הויפּטהעלד פון זיין ראָמאַן "עלטערן און קינדער" (אָטצי אי דיעטי) — טורגעניעוו האָט אים אויפגעכאַפּט אין דער מאַסע; ער האָט דערקענט דעם טיפּ ביי הונדערטער פון אומבאַקאַנטע, וואָס זיינען פאַרשפּרייט אין דער מאַסע. באַזאַראָוו איז אַ קינד פון דער אינטעלעקטועלער מאַסע פון דער עפּאָכע, אָבער טורגעניעוו שילדערט אים, גיט אים זיין אמתן נאָמען — דער ניהיליסט, און אָט האָט איר אונדז אַלע, אַ גאַנצער דור, וואָס אַרבעט, כדי צו רעאַליזירן טורגעניעווס באַ־זאַראָוו. מיר פאַרשטייען זיך אַליין: מיר ווייסן, וואָס מיר ווילן. מיר פאַרפילפאַכן די צאָל פון די עכטע באַזאַראָווס, דער פאַרפול־קאָמטער ניהיליסט.

נאָך איין וואָרט. אייער קריטעריום פון אָפּשאַצן די גרויסע פערזענלעכקייטן איז פאָרט נוצלעך פאַר דער מאַסע. אויב מען באַוואונדערט זשאַן ד'אַרק, איז עס דערפאַר, ווייל זי איז געווען מוטיק, העראָאיש, ברייטהאַרציק — אַלע נוצלעכע אייגנשאַפטן. אויב נאַפּאָלעאָן איז געוואָרן דאָס "האַרץ", די פּאָעזיע פון אייראָפּע,

איז עס געווען דערפאַר, ווייל ער איז געווען דער גענעראַל פון די ״סאַנקיולאָטן״ (לומפּן־פּראָלעטאַריאַט), וועלכער האָט געטראָגן די פאָן פון גלייכהייט, פון אָפּשאַפן די שקלאַפעריי און ער האָט פאַרניכטעט די אינקוויזיציע; ווייל ער איז געווען דער מאַן פון די מאַסן, דער גאַריבאַלדי פון 1801. אין 1812 איז ער אַ לומפּ (אַ קאַ־נאַליע), אַ קאָמעדיאַנט און אַ געמיינער יונג — ווייל ער איז גע־ווען געשלאָגן — די מאַסע האָט אים מער ניט געוואָלט האָבן.

נו, גענוג. איך וויל מער ניט מיסברויכן מיט אייער צייט. איך וועל סיי ווי ניט אַרויסזאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס איר האָט שוין פריער ניט געזאָגט. צי ווייסט איר אָבער, אַז אייער קליין ביכעלע איז פול מיט פּרעכטיקע שורות. איך האָב עס באַדעקט מיט נאָ־טיצן, געשריבן מיט אַ בליישטיפט, און איך זע דאָרט כסדר: ״אמת״, ״ווי אמת דאָס איז!״ א. א. וו. דאָס וואָס איר זאָגט דאָרט וועגן סאָ־קראַטעסן, האָט מיך טיף גערירט: ״ער האָט געהאַט אומגליקן, אָבער ער איז ניט געווען אומגליקלעך!״ א. א. וו. א. א. וו.

טויזנט מאָל דאַנק איך איך, טייערער פריינט, פאַרן אַרטיקל וועגן ״קעגנזייטיקע הילף״ (געדרוקט אין קאָפּענהאַגענער ״פּאָלי־טיקען״, דעם 23־טן פעברואַר 1902). איך האָב געלייענט אים אויף שוועדיש אין ״געטעבאָרגער טידנינג״ (איך לייען שוועדיש אַ סך לייכטער). ווי גוט איר האָט אויפגעכאַפּט דאָס וויכטיקסטע און איבערגעגעבן עס אין עטלעכע ווערטער.

איך האָב געהאַט אַביסל קאָרעספּאָנדענץ מיט אַסיאַן נילסאָן, וועלכער וויל איבערזעצן דאָס בוך. דער אַרויסגעבער האָט אומ־באַדינגט געוואָלט עס דרוקן נאָר אין אַ פאַרקירצטער פאָרם. איך האָב פּראָטעסטירט קעגן דעם. און סוף כל סוף האָט באָניער אָפּגע־זאָגט זיך פון דער מאָדנער אידעע. אייער אַרטיקל האָט מן הסתם דעצידירט די זאַך.

(באָניער איז געווען דער גרינדער פון דעם היינט גרעסטן פאַרלאַג אין סקאַנדינאַוויע און איינער פון די גרעסטע פאַרלאַגן אין אייראָפּע. דער פאַרלאַג, געגרינדעט מיט אַ הונדערט יאָר צו־ריק פון אַ יידישן בוכהענדלער, וואָס האָט איינגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד, געהערט אויך איצט צו דער יידישער פאַמיליע באָ־

ניער. דער פראַנצויזישער נאָמען באַניער איז אַן איבערזעצונג פון דעם אָריגינעלן נאָמען גוטקינד. — וו. ג.).

פרוי דראַכמאַן וויל אַרויסגעבן דאָס בוך אויף דעניש. איך דאַרף אייך נישט זאָגן, ווי אַנטציקט איך בין פון דעם דאָזיקן פאָרשלאָג.

מיט וואָס איך בין באַזונדערס צופרידן, איז דאָס, וואָס מען וועט איצט אַרויסגעבן אין רוסלאַנד אויף רוסיש מיינע "פעלדער און פאַבריקן", אָן מיין נאָמען, נאַטירלעך, אָבער כמעט אָן שום קירצונגען.

ווי גייט עס אייך, טייערער פריינט? האָפנטלעך זענט איר אין אַ גוטן צושטאַנד. היינט איז דאָ דערשינען אייער בוך "פוילן", און איך זע, אַז מען האָט עס אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם. ווי גייט עס מאַדמואַזעל אידיט? מיין געזונט איז גאַנץ גוט. איך אַרבעט רעגולער אַ פיר־פינף שעה. סאָפי, סאַשאַ (וועלכע איז נאָר־וואָס פּטור געוואָרן פון אַ קראַנקהייט) און איך — מיר אַלע דריי שיקן אייך די בעסטע גרוסן און וואונטשן.

אייער איבערגעגעבענער,

פּעטער קראָפּאָטקין.

ענטפערט מיר ניט אויף דעם בריוו; איך ווייס, וואָס פאַר אַ קאָרעספּאָנדענץ איר באַקומט. בלויז אַ מאָל אַ וואָרט, כדי צו וויסן, ווי עס דערגייט אייך, וועל איך זיין צופרידן.".

מען קאָן ניט צווייפלען דעריך, אַז דער טעמפּעראַמענטפולער, אָבער אויך זייער שכלדיקער און לאָגישער בריוו פון פּעטער קראָפּאָטקין האָט געמאַכט דעם געהעריקן איינדרוק אויף געאָרג בראַנדעס. ער איז ניט געווען קיין פאַרעקשנטער פּעדאַנט און דאָקטרינער, וואָס לאָזט זיך ניט רעדן און וויל ניט הערן די מיינונגען פון אַ קעגנער. געאָרג בראַנדעס האָט ניט געענדערט זיין מעטאָדע פון אָנוועקשטעלן "גרויסע פּערזענלעכקייטן" אין צענטער פון זיינע ליטעראַרישע פאָרשונגען. גראָד אין די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן פאַרענדיקט ער די סעריע פון זיינע מאָנומענטאַלע ווערק און עס דערשיינען צוויי בענדער "מי־

קעל אַנדזשעלאָ״, צווײ בענדער ״וואָלטער״ און צווײ בענדער ״געטע״ — אַ חוץ אַ רײ קלענערע ווערק און פּאָרטרעט־שטודיען, דער סך־הכּל פֿון אַ פֿופֿציק־יאָריקן שאַפֿן און פֿאָרשן.

דאָס האָט אָבער ניט געפּירט דערצו, אַז בראַנדעס זאָל פֿאַר־נאַכלעסיקן די לויפֿנדיקע, אַקטועלע פּראָבלעמען, און זײ שפּיג־לען זיך אָפּ ניט ווייניקער שטאַרק אין זײַן קאָרעספּאָנדענץ מיט קראָפּאָטקינען; דער דרייפֿוס־פּראָצעס, די שחיטות אויף די אַרמע־נער אין טערקײַ, אָרגאַניזירט דורך דעם ״רויטן״ סולטאַן, דעם בלוטיקן אַבדול האַמיד און דער פּאָגראָם פֿון קישענעוו — פּסח, אַפּריל 1903 — אויף וועלכן געאָרג בראַנדעס רופֿט זיך באַלד אָפּ מיט אַן אַרטיקל אין דעם קאָפּענהאַגענער ״פּאָליטיקען״.

דער פּאָגראָם אין קישענעוו איז אין אַ געוויסן זין געווען אַ מין פּאַראַלעל צום פּראָצעס פֿון קאַפּיטאַן דרייפֿוס אין פֿראַנק־רײַך. ביידע פֿאַרברעכנס האָבן אויפֿגעריסן די אויגן פֿון דער וועלט און געצוואונגען אַפֿילו די קורצזיכטיקסטע אָפּטימיסטן צו פֿאַר־שטיין, אַז בלוטיקער אַנטיסעמיטיזם ווערט אויסגענוצט אַלס אַ מיטל אין דעם גרויסן פּאָליטישן שפּיל און אַז אַ רעזשים, וואָס טוט דאָס, שרײַבט דערמיט אונטער זײַן אייגענעם פּסק־דין פֿון אונטערגאַנג. אין פֿראַנקרײַך האָט דער דרייפֿוס־פּראָצעס געגעבן אַ טויטקלאַפּ דער מיליטערישער רעאַקציע, וועלכע האָט גע־פּרוווט צו ראַטעווען איר קאָנספּיראַציע, נאָך דעם ווי גענעראַל בולאַנזשע, דער הויפּט־קאָנספּיראַטאָר, איז אַנטלאָפֿן קיין בריסל און זיך דאָרט דערשאָסן (1891). אין רוסלאַנד האָט עס גענומען ווייניקער ווי אַ יאָר נאָכן קישענעווער פּאָגראָם, ווי דער רע־זשים פֿון די ראָמאַנאָווס איז אַרײַן אינעם מערדערישן קריג מיט יאַפּאַן (פֿעברואַר 1904), און איז אין ווייניקער פֿון פֿופֿצן יאָר אַראָפּגעזונקען אין תּהום אַרײַן — צוזאַמען מיט דער דינאַסטיע.

דער סענסיטיווער, אומאָפּהענגיקער און מוטיקער בראַנדעס איז געווען טיף דערשיטערט פֿון די גרויסע געשעענישן און ער האָט גענומען אין זײ אָנטייל. אויף זײַן שטייגער געפֿירט דעם קאַמף מיט זײַנע אייגענע מיטלען. ער האָלט אין בערלין רעדעס וועגן די אומגליקלעכע אַרמעניער, הגם דײַטשלאַנד שטיצט טער־

קיי; ער רעדט אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג אין פאַריז וועגן דעם קישענעווער פּאָגראָם, ניט קוקנדיק אויף דער רוסיש־פראַנ־צויזישער פריינטשאַפט. ער איז פול מיט ענערגיע און ער גייט אָן מיט זיין אינטערעסאַנטער קאָרעספּאָנדענץ מיט קראָפּאָטקינען.

## צענטער קאַפּיטל

### געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

30 מערץ 1903.
(אָרט ניט אָנגעגעבן).

"טייערער פריינט,

איך האָב דערהאַלטן אייער פיינעם בריוו. איך האָב שוין געענטפערט מיטן שיקן אייך דאָס בוך "פוילן", וואָס איך בעט אייך תיכף איבערצולייענען. איך האָף, אַז דאָרט זיינען פאַראַן אַ סך זאַכן וועגן וועלכע מיר זיינען ביידע איינִיק.

דעם 2־טן פעברואַר האָב איך גערעדט אויף דייטש אין בערלין וועגן די אַרמעניער. דער פאָרטראַג וועט געדרוקט ווערן אין זשענעווע און איך וועל אים אייך צושיקן. דעם 28־טן פעברואַר האָב איך געהאַלטן אַ פאָרטראַג אין ציריך וועגן העגריק איבסען. עדיט איז מיט מיר געווען אין דער שווייץ און פריער אין לונד, אין שוועדן. (סוף 1902 האָט בראַנדעס געהאַלטן אַ פאָרטראַג וועגן קלעמאַנסאָ אינעם אוניווערזיטעט פון לונד).

איך פאָר אַוועק אַליין קיין פאַריז דעם 10־טן אָדער דעם 11־טן (מיין אַדרעס: האָטעל באַלטימאָר, 3 רי לעאָ דעליב), איך דענק, אַז איך וועל האַלטן אַ סעריע פאָרטראַגן אין דער רוסישער הויכשולע.

די אַרמענישע סטודענטן האָבן מיך געבעטן צו ריידן אין בערלין. מיין אויפטרעטן קעגן דער דייטשער רעגירונג פאַר איר

שענדלעכער אונטערשטיצונג פונעם סולטאַן האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפן צאָרן קעגן מיר מצד דער דייטשער פּרעסע.

"סוף פון דער מענטשהייט" מיינט דאָס אייגענע ווי צו זאָגן "דאָס וויכטיקסטע", און לויט מיין מיינונג איז דעריין דאָס שאַפן פון דער מענטשלעכער גרויסקייט. סוף כל סוף מיינען מיר ביידע דאָס אייגענע און אַ סך מער ווי איר שטעלט זיך דאָס פאָר. עס איז ניט מער ווי אַן אונטערשיד אין דעם ווי מיר זאָגן דאָס. דאָס וואָס איך רוף אָן מיטן נאָמען "המון", איז די מאַסע פונעם פּראָג־צויזישן פאָלק וואָס וואַרפט זיך מיט געשרייען אויף דעם אומגליק־לעכן דרייפוס. דאָס איז די לייכטזיניקע, אַבערגלויביקע, די שרעק־לעכע מאַסע, צו וועלכער מען קען ניט ריידן שכלדיק, איך האָב זי געזען עטלעכע מאָל אין דער פּראַקטיק. פון אייער בריוו זע איך, אַז איר זענט ניט קיין קלענערער אינדיווידואַליסט ווי איך און איך בין ניט ווייניקער פון איך פאַר קעגנזייטיקער הילף.

וואָס שייך פּושקינען, קענען מיר גרינג קומען צו אַ הסכם, ווייל איך וועל אייך נאָכגעבן תיכף ומיד — אויב עס ווערט אַרויס־געבראַכט אַן אידעע, איז אויך איר היפך ריכטיק און דער דעפיני־טיווער אמת (ווי העגעל וואָלט געזאָגט) קומט אַרויס פון דעם קעגנזאַץ. אָבער — וואָרים עס איז דאָ אַן אָבער — דאָס פאָלקסליד, דאָס פאָלקסטימלעכע מעשהלע זיינען היפּטזעכלעך און לכתחילה די שאַפונג פון איינעם, אין דעם בין איך טיף איבערצייגט, און די מאַסע שאַפט בלויז די פאַרשיידענע וואַריאַנטן. די וואָס זיינען געווען פאַר פּושקינען זיינען געווען יחידים, וועלכע האָבן געשאַפן ווי ער (נאַטירלעך, ווייניקער געלונגען ווי ער). די מענטשהייט אַרבעט צוזאַמען נאָר אויף אַזוי פיל ווי אַ בוך ווערט געשאַפן פון אַ סך באַטייליקטע: איינער איז דער שרייבער, דער צווייטער איז דער פאַבריקאַנט פון פאַפיר, אַן אַנדערער איז דער מעטראַנפאַזש. אָבער דער שרייבער איז דער וויכטיקסטער פון זיי. ווען איך באַטראַכט די גאָטישע קירכן, בין איך זיכער, אַז נאָר איינער האָט אויסגע־טראַכט די צייכענונג, נאָר איינער איז געווען דער אַרכיטעקט.

אַז אינדיווידואַליזם איז אַ רעלאַטיווער באַגריף, דאָס גיב איך

פולשטענדיק צו, עס איז אָבער אַזאַ אמת, וואָס די אידעע זיינע מוז אַקצעפּטירט ווערן; אויב ניט, ווערט עס איינפאָרמיק.

איך האָב אייך אַזוי ליב, אַז איך וויל ניט דערלאָזן, איך זאָל עפּעס האָבן קעגן אייך. לאָמיר טיילן צווישן זיך דעם פעלער.

איך נעם אייך אַרום און איך פאַרבויג זיך פאַר פרוי פּושקינען. וואָס שייך מאַדמואַזעל סאַשאַ, דאַרף זי ניט פאַרגעסן איר אַלטן אָנקל, וואָס רופט זיך

געאָרג בראַנדעס״.

דער בריוו איז אַן איבעריקער באַווייז, אַז אין די באַציאונגען צווישן די צוויי פריינט האָט ניט קיין קליינע ראָלע געשפּילט דאָס, וואָס מען רופט היינט אַן פּערזאָנען־קולט. ביידע זיינען געווען מענטשן מיט וואַרימע הערצער, און די פריינטשאַפט זייערע באַהויכט מיט אמתע ספּיריטועלע אינטערעסן. ניט שטענדיק האָט געאָרג בראַנדעס געהאַט אַזאַ מזל מיט זיינע אינטימע פריינט. אין זיין בריוו דערמאָנט ער דעם פאָרטראַג אין דעם אוניווערזיטעט פון לונד, געווידמעט זיין לאַנגיאָריקן נאָענטן פריינט קלעמאַנסאָ. די פריינטשאַפט האָט זיך שלעכט געענדיקט בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען בראַנדעס, אַליין אַ פיינט פונעם קייזערלעכן דייטשלאַנד, האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן אַ פראַנצויזישן מיליטאַריסטישן אויפרוף קעגן דייטשלאַנד און קלעמאַנסאָ האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַ ״באַרימטן״ אַרטיקל: ״אַדיע, בראַנדעס!״ און איבערגעריסן אויף שטענדיק יעדע פאַרבינדונג מיט זיין אַלטן פריינט. קראָפּאָטקין איז געווען געקנאָטן פון אַן אַנדער טייג און ער האָט אויף אַן אַנדער אופן געקענט אָפּשאַצן די פריינטשאַפט און איבערגעגעבנקייט פון בראַנדעס.

## פעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

ווילאַ בראַמליי, קענט,
31־טער מערץ 1903.

„זייער טייערסטער פריינט,

איך קען אייך ניט זאָגן, ווי דאַנקבאַר איך בין אייך פאַר דער ווערטפולער מתנה „פוילן", וואָס איך האָב אָקאָרשט דערהאַלטן. איך האָב עס גראָד געוואָלט באַשטעלן פאַר סאַשאַ וועלכע האָט אייך געוואָלט לייענען: זי דאַרף אייך לייענען און ליב האָבן אייערע שריפטן ווי זי האָט אייך שוין ליב פערזענלעך, לייענען און איבער־לייענען עס נאָכאַמאָל. און גראָד אין דעם מאָמענט קומט אָן דער שיינער באַנד מיט אייער וואונדערבאַרער דעדיקאַציע. האָב איך תיכף געכאַפּט די פּען, ווי איך האָב נאָר געעפנט דאָס בוך, כדי צו דאַנקען אייך טויזנט מאָל און טויזנטער מאָל ווינטשן אייך געזונט. איר מוזט נאָך לעבן לאַנגע יאָרן און שרייבן אַ בוך וועגן דער ליטע־ראַטור פונעם באַפרייטן רוסלאַנד: דער קורס פון לעקציעס, וואָס איר וועט אַמאָל האַלטן אין פּעטערבורג פאַר אונדזער יוגנט, וואָס האָט אייך אַזוי ליב.

סאָפיע און סאַשאַ זיינען איצט ביי פרוי סטעפּניאַק, אין קראָקהעם היל, אָבער איך שיק אייך אונדזערע בעסטע וואונטשן פון אַלע דריי.

פון גאַנצן האַרצן אייער

פּעטער קראָפּאָטקין".

צו דער צייט איז בראַנדעס שוין געווען זייער פּאָפּולער אין רוסלאַנד און זיינע ווערק זיינען דאָרט געווען מאַסנהאַפט פאַרשפּרייט אין גוטע איבערזעצונגען. רוסלאַנד האָט ניט געהערט צו דער בערנער קאָנווענץ פאַר דעם שוץ פון אויטאָרן־רעכט, און בראַנדעס האָט ניט באַקומען פון רוסלאַנד קיין גראָשן פאַר זיינע ווערק. פרילינג, 1887, האָט ער ענדלעך געמאַכט זיין לאַנג דערוואַרטע רייזע קיין פּעטער־בורג און איז אויפגענומען געוואָרן דאָרט מיט די גרעסטע כיבודים. אין פּעטערבורג האָט ער געהאַלטן 4 פאָרלעזונגען אויף ליטעראַרישע

טעמעס אין דעם גרעסטן זאַל פון רוסלאַנדס הויפּטשטאָט ביי פּול געפּאַקטע זאַלן. די וויכטיקסטע לייט פון דער פּעטערבורגער אינ־טעליגענץ האָבן אים אַרומגערינגלט. פּאַסאָווער, רוסלאַנדס באַרימט־סטער (יידישער) אַרוואָקאַט, איז געווען זיין טעגלעכער באַגלייטער, קאָני, סטאַסויעוויטש, אַנטאָקאָלסקי, דער גרויסער יידישער סקולפּ־טאָר; באַראָן גינצבורג, דער אָנערקענטער וויכטיקסטער פירער פונעם רוסישן יידנטום; אורוסאָוו, דער דיכטער גאַרשין, אַנטאָן רובינשטיין, פירשט טענישעוו און אַנדערע.

זיי האָבן אַלץ געטאָן כדי צו לאָזן אים פילן, אַז ער איז צווישן אייגענע. דער ערשטער אָוונט איז געווען אַן אמתער טריאומף. די אלמנה פון דאָסטאָיעווסקי איז געווען צווישן די צוהערער. די אייגענע פייערלעכקייט און פריינטלעכקייט האָט זיך איבערגעחזרט אין מאָסקווע. די גאַנצע רייזע קיין רוסלאַנד איז געווען אַ טריאומף. אַ יאָר שפּעטער האָט בראַנדעס אַרויסגעגעבן אַ גרויס בוך "איינדרוקן פון רוסלאַנד". איינס פון די אינטערעסאַנטסטע קאַפּיטלען אין זיין אויטאָביאָגראַפיע ("לעוונעד") איז (אין דריטן באַנד) דאָס קאַפּיטל "די רייזע קיין רוסלאַנד".

די דאָזיקע נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט דעם אינטעליגענטן רוסישן עולם, מיט דעם כאַראַקטער פון די פירנדיקע רוסישע פּער־זענלעכקייטן, האָט געמאַכט מעגלעך די אינטימע פריינטשאַפט צווישן בראַנדעס און קראָפּאָטקין.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען

27־טער דעצעמבער 1903.

"זייער טייערער פריינט,

איך דערלויב זיך צו שיקן אייך היינט די דייטשע איבערזעצונג פון אַ בוך וואָס איז ניט מער ווי אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען פאַר די לעצטע יאָרן, טאַקע נאָר קליינעקייטן, אָבער איך גלויב, אַז צווישן די קליינעקייטן זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס וועלן אייך אינטערעסירן.

איך ווייס גאָר ניט וואָס ער טוט זיך מיט אייך זינט דעם חודש מערץ. איך האָב פאַרבראַכט זעקס וואָכן אין פּאַריז. איך האָב דאָרט געהאַלטן עטלעכע פאָרטראַגן — איין פאָרטראַג פאַר די אומגליקלעכע פון קישענעוו. נאָך דעם בין איך אַוועק קיין קאָפּענהאַגען און דאָ אַרבעט איך. צום באַדויערן, דאָס וואָס איר שאַפט, אַרבעטנדיק פיר שעה אַ טאָג און פּראָדוצירנדיק זאַכן פון גאָר אַן אַנדער ווערט, נעמט צו ביי מיר ניין ביז צען שעה אַרבעט. איך האָב כמעט פאַר־ענדיקט דאָס זאַמלען פון מיינע ווערק אויף דעניש. איך האָב אויס־געבעסערט פאַר דער צוקונפט אַלץ וואָס איך האָב געשריבן. דאָס מאַכט אויס אַ 14 בענדער געדיכט געדרוקט — אין אַ נאָרמאַלן דרוק וואָלט עס פאַרנומען אַ פערציק בענדער. די קליינע אַרטיקלען, וואָס איך שיק אייך, גייען נישט אַריין אין דער זאַמלונג. איך שרייב איצט מיינע זכרונות פון דער יוגנט.

איך פאָלג נאָך מיט זייער גרויסן אינטערעס די געשעענישן אין רוסלאַנד. אויב עס וועט קומען צו אַ מלחמה מיט יאַפּאַן, און עס זעט אויס, אַז עס וועט קומען דערצו, דאַרף מען דערוואַרטן, אַז פון דעם זאָל קומען עטוואָס גוטס פאַר דעם רוסישן פאָלק, נישט אַזוי? אויף יעדן פאַל, וועט די רעגירונג אַרויס פון אַזאַ מלחמה אָפּגעשוואַכט. דענקט איר אויך ניט אַזוי? איז עס ניט טרויעריק, אַז מען דאַרף האָבן האָפענונגען וואָס זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן דורך אַזאַ באַרבאַרישער זאַך, ווי ס׳איז אַ מאָדערנע מלחמה.

מיט ניין חדשים צוריק האָט איר מיר געשריבן, אַז פרוי קראָפּאָטקין איז געווען קראַנק; האָפנטלעך איז זי שוין לאַנג געזונט געוואָרן. ווי איז אייער געזונט, ס׳איז דאָך וויכטיק פאַר אַלע פּראָ־בלעמען פון דער צוקונפט און פון דער אַרבעט.

האָט איר עפּעס געהערט פון נאַזאַרבעק? אויף אים איז געמאַכט געוואָרן אַ געפערלעכער איבערפאַל פון אַן אַנדערן אַרמעניער, — די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך מער פיינט איינער דעם אַנדערן ווי זיי האָבן פיינט די טערקן — ער איז געבליבן לעבן, אָבער אָפּגע־שוואַכט. ער בעט מיין הילף (וואָס האָט קיין ווערט ניט), כדי צו קענען לאָזן שפּילן אין פּאַריז זיין דראַמע.

מיין טאָכטער פילט זיך גוט; זי איז שטאָלץ פון דעם וואָס איר

געדענקט זי. אויב מאַדמואַזעל סאַשאַ געדענקט מיך נאָך, וועל איך זיך פון איצט אָן ווענדן צו איר ווי צו אַ מאַדאַם.

אויב עס וועט קומען אַ טאָג און איר וועט גאָרניט האָבן צו טאָן — וואָס ס'איז אַן אוממעגלעכע זאַך — בעט איך אייך: שרייבט אַ פּאָר שורות.

**אייער פריינט**

געאָרג בראַנדעס״

# עלפטער קאַפּיטל

קנאַפּע זעקס וואָכן נאָך דעם, ווי דער בריוו איז געשריבן געוואָרן, דעם 8־טן פעברואַר 1904, זיינען די יאַפּאַנער באַפאַלן פּאָרט־אַרטור און די מלחמה אין ווייטן מזרח איז אויסגעבראָכן. די רוסישע אַרמיי האָט געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. די יאַפּאַנער האָבן אויפגעריסן אין פּאָרט־אַרטור די גרעסטע און מאָדערנסטע שיף „פּעטראָפּאַוולאָווסק", און אַ חוץ טויזנט מענטשן וואָס זיינען דערביי אומגעקומען, האָט רוסלאַנד דאָ פאַרלוירן אַדמיראַל מאַקאַראָוו, וועמען מען האָט באַטראַכט פאַר דעם גרעסטן קאָפּ אינעם רוסישן פלאָט, און דעם באַרימטן מאָלער ווערעשטשאַגין, וועלכער איז געווען צו גאַסט ביים אַדמיראַל.

די געשעענישן אין ווייטן מזרח האָבן געהאַט אַ ספּעציעלע באַדייטונג פאַר דעם קליינעם דענעמאַרק. אין קאָפּענהאַגען האָט מען געוואוסט — און געאָרג בראַנדעס האָט עס אוודאי אויך געוואוסט — אַז אין צענטער פון דער קליקע ביים הויף אין פּעטערבורג, וואָס האָט אַריינגעפּלאָנטערט די רוסישע רעגירונג אין די שווינדלערייען פון די וואַלד־קאָנצעסיעס ביים טייך יאַלו אין קאָרעאַ, איז געשטאַנען, צוזאַמען מיט דעם אַוואַנטוריסט גענעראַל בעזאָבראַזאָוו, אויך די מוטער פון ניקאָלאַי דעם צווייטן, מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ, די אלמנה פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן. די דאָזיקע קליינע, אָבער אַמביציעזע, ענערגישע פרוי איז געווען אַ דענישע פּרינצעסין (איר דענישער ערשטער נאָמען איז געווען דאַגמאַר) און זי האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער רוסישער פּאָליטיק. זי האָט, דרך אגב, אויך געהערט צו די פירנדיקע אַנטיסעמי־

טישע קרייזן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטנס און ניקאָלאַי דעם צווייטנס — און דעם לעצטן — צייטן.

זיכער איז, אַז פּ. קראָפּאָטקין האָט גוט געקענט די גאַנצע סי־טואַציע ביים פּעטערבורגער הויף. אין אַ פריערדיקן בריוו — אונזערע לייענער וועלן זיך דערמאָנען — האָט קראָפּאָטקין דער־ציילט בראַנדעסן, וואָס פאַר אַ ראָלע די דענישע קאָאָפּעראַטיוון פון פּוטער־פּראָדוצענטן אין סיביר האָבן געשפּילט אין דעם פאָר־נאַנדערבליען די מילכערייען פון די רוסישע פּויערים. די פּוטער פון סיביר איז דורך די דענער פאַרשפּרייט געוואָרן איבער גאַנץ אייראָפּע. די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה האָט געגעבן דעם ערשטן סיגנאַל צום אונטערגאַנג פון דעם צווייג פון דער רוסישער לאַנד־ווירטשאַפטלעכער עקאָנאָמיע. די צוויי וועלט־מלחמות האָבן אינ־גאַנצן חרוב געמאַכט און ליקווידירט די אינוועסטירונגען פון די דענישע אונטערנעמער.

עס איז קלאָר, אַז די מלחמה אין וויַיטן מזרח האָט געמאַכט אַ שוידערלעכן איינדרוק אויף קראָפּאָטקינען.

עס איז פרילינג 1904, עס ברענט אין אַלע עקן פון דער רוסי־שער אימפּעריע, בעת די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה אויפן וויַיטן מזרח פאַרוואַנדלט זיך אין איין גרויסער קאַטאַסטראָפע פאַר דער רוסישער אַרמיי אונטער דער פירערשאַפט פון גענעראַל קוראָ־פּאַטקין.

אין מערערע גובערניעס ברעכן אויס בלוטיקע רעוואָלטן פון די פּויערים און די רעגירונג באַנוצט די ברוטאַלסטע מיטלען זיי צו אונטערדריקן. שטראָף־עקספּעדיציעס ווערן געשיקט קעגן די פּויערים. פאַר די נעמען פון די גענעראַלן מעלער־זאַקאָמעלסקי און רענענקאַמף ציטערט־אויף גאַנץ רוסלאַנד. און פּלעווע, דער גרויזאַמער אינערן־מיניסטער, ווערט דאָס יאָר 1904 דערשאָסן. ערשט מיט צוויי יאָר צוריק — אין 1902 — איז דערשאָסן גע־וואָרן דער אינערן־מיניסטער סיפּיאַגין, אָבער די רעגירונג מיינט, אַז זי וועט פאַרט דערשטיקן און אָפּשטעלן דעם מאַרש פון דער רעוואָלוציע. פאַר פּלעווען זיינען אַלע מיטלען גוט און זיין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט ווערט אַ צענטראַלע צו אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף

יידן. דער הויף פונעם צאַר ניקאָלאַי ווערט ביסלעכווייז אַ צענ־
טער, וואו עס באַוועגן זיך פראַנק און פריי די אָנפירערס פון דער
פּאָגראָם־קאָמפּאַניע. דאָס גאַנצע לאַנד ווייסט איצט, אַז דער צאַר
אַליין סימפּאַטיזירט מיט די פּאָגראָמשטשיקעס און ניקאָלאַי מאַני־
פעסטירט די דאָזיקע סימפּאַטיעס.

די רעוואָלוציע איז שוין דאָ. ווי אין אַ שרעקלעכן פילם לויפן
פאַרביי די געשעענישן אין די צען יאָר צווישן 1904 און 1914,
ווען עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה.

פון דעם ווייטערדיקן בריוו פון פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג
בראַנדעס זעען מיר, ווי אַזוי די אַלע היסטאָרישע געשעענישן
האָבן געווירקט אויף אים, ווי שווערע קאָשמאַרן האָבן אים פאַר־
פאָלגט אין די שלאָפלאָזע נעכט. סך־הכל אין 13 יאָר אַרום, נאָך
דעם בריוו, אין 1917, וועט ער אַריבער די רוסיש־פינישע גרע־
נעץ פון שוועדן, אויפן וועג צוריק קיין רוסלאַנד, וואו ער וועט
זיין אַן עדות פון די אמתע קאָשמאַרן פון דעם רוסישן בירגער־קריג.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

ווילאַ בראָמליי קענט,
31 מערץ 1904.

"זייער טייערער פריינט,

ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשען, אַז זייט דריי חדשים צייט
האָב איך אייך ניט געשריבן, כאָטש איך האָב געטראַכט צו טאָן
דאָס די גאַנצע צייט — קאָן איך עס אייך אַליין ניט דערקלערן.
אָבער אַזוי איז עס. איך האָב די גאַנצע צייט געטראַכט וועגן אייך
מיט אַ סך ליבע — ספּעציעל, ווען איך האָב געלייענט (און איבער־
געלייענט עטלעכע מאָל) אַ קליין קאַפּיטעלע אין (אייער בוך) "גע־
שטאַלטן און געדאַנקען", אָדער אַן אַנדערש מאָל, ווען איך האָב
זיך אָפּגעשטעלט אויף אייער דעדיקאַציע אָדער אויף דער טיפער
סימפּאַטיע אייערער צו דער פּערזאָן פון לאַוורעצקי! (איינער פון
די הויפּט־פּערזאָנען אין טורגעניעווס ראָמאַן "דוואָריאַנסקאָיע

גניעזדאָ" ("די אַדעליקע נעסט"), אָדער אויף די "איינדרוקן פון פּאַריז", "באַטראַכטונגען", "נאַדעזשדאַ", "היינטיקע צייטן אין די אויגן פון יונגן דור" א. א. וו. — וואו די פיינקייט פון אייער פער־זענלעכקייט, אויף יעדן פאַל, ווי איך זע זי, ליגט אויסגעגאָסן אויף די זייטן פון די ווערק.

עס זיינען דאָרט פאַראַן אַנדערע זאַכן: צוערשט די אינפלוענ־ציע — עפּעס אַ מער בייזוויליקע ווי די געוויינלעכע, און איך מוז דאָ איבערחזרן די ווערטער פון אַן אירלענדער: "איך האָב זיך קיין מאָל ניט געפילט אַזוי שלעכט ווי נאָך דעם, ווי איך בין גע־וואָרן געזונט", — און טויזנט אַנדערע זאַכן. — די מלחמה, למשל, אין דעם ערשטן חודש פון דער מלחמה האָב איך זיך אויפגעכאַפּט יעדע נאַכט און איך האָב געפילט אַ ווייטיק, ווי דאָס וואָלט מיך פערזענלעך אָנגעגריפן. פאַר וואָס? צוליב וואָס? — מען דאַרף זאָגן, אַז די באַוועגונג אין רוסלאַנד גייט־אָן אויסגעצייכנט. צוויי עלעמענטן דאַרף האָבן יעדע רעוואָלוציע: אַן ערנסטע באַוועגונג פון אומצופרידנקייט און איזאָלירטע אַקטן צווישן דעם פּויערטום און די אַרבעטער אין די שטעט — און אַ גייסט פון רעוואָלט צווישן די בעסער סיטואירטע קלאַסן, ווי מען האָט עס ניט געזען זינט 1859 (נאָך דער קרימער מלחמה פון 1854—1856 זיינען אין אַ גרויסן טייל פון רוסלאַנד פאָרגעקומען גרויסע רעוואָלטן צווישן די פּויערים — ס'איז געווען נאָכן טויט פון ניקאָלאַי דעם ערשטן — וול. גר.). מיניסטאָרן (אַריינגערעכנט אַפילו פּלעווען, וועלכער האָט ניט געגעבן מער פון צען יאָר לעבן דעם עקזיסטירנדיקן רעזשים; אַנדערע האָבן געגעבן ווייניקער, ווער דריי יאָר, ווער פינף יאָר). פירשטן פון דער קייזערלעכער פאַמיליע, די גרויסע הערן פון דעם מלוכה־ראַט, גרויסע גרונטבאַזיצער, פאַר וועלכע די קולעביאַקאַ (אַ פּיראָג מיט פלייש־געפילעכטס) איז דאָס העכס־טע פאַרגעניגן — אַלע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער אָפּאָזיציע און זיינען געווען אייניק אין דעם, אַז עס דאַרפן געשען פּאָליטישע ענדערונגען — און דאָ האָט איר די מלחמה! אַ מלחמה צוגעגרייט אויף דער לאַנדאָנער בערזע דורך ענגלישע אימפּעריאַליסטן (דאָס איז אַלץ די אייגענע חברה, אַזוי אין יאָהאַנעסבורג און אין שאַנ־

כיי), וועלכע ריידן איבער די אָרימע יאַפּאַנער, אַז זיי דאַרפן נאָר אַטאַקירן, כדי צו געווינען; אַז דעם טאָג, ווען זיי וועלן אָנהייבן די מלחמה, וועט אין רוסלאַנד אויסברעכן די רעוואָלוציע... ערנ־סטע רעדאַקטאָרן, די שעפן פון דער קיך, וואו עס ווערט צוגע־גרייט די עפנטלעכע מיינונג אין דער ענגלישער אימפעריע, האַלטן דאָס פאַר גאַנץ זיכער".

פאַר פעטער קראָפּאָטקינען, ווי שפּעטער פאַר פּלעכאַנאָוון און אַנדערע גייסטיקע פירער פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זיינען די געשעענישן אין רוסלאַנד געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער פּערזענלעכער דראַמע. ווי שטאַרק זיי זאָלן ניט האָבן געוואָלט דעם אונטערגאַנג פון דעם צאַריסטישן רעזשים, האָבן זיי פאָרט געליטן פון דער רוסישער קאַטאַסטראָפע אין ווייטן מזרח און פון דעם שטורעם, וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן לאַנד. ווי עס האָט זיך שפּעטער, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויפגעפירט לענין, וועלכער האָט געשלאָסן יד־אחת מיט דעם דייטשישן גענעראַל־שטאַב — אַזוי האָבן אין אויסלאַנד רו־סישע עמיגראַנטן געפייערט די רוסישע מפּלות, ווי אַ געוואַלדיקן גרויסן דערפאָלג. דער שרייבער פון די שורות איז געווען ביי יענער זיצונג אין דייטשישן רייכסטאַג אין 1904, ווען אויגוסט בעבעל, דער גרויסער פירער פון דער דייטשישער סאָציאַל־דע־מאָקראַטישער פּאַרטיי, האָט שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דעם אויס־דרוק פון סימפּאַטיע צו רוסלאַנד מצד קייזער ווילהעלם נאָך דעם אויפרייס פון פּעטראָ־פּאַוולאָווסק. קלאַפּנדיק מיטן בליישטיפט אין דעם טיש האָט בעבעל פייערלעך דערקלערט דעם רייכסטאַג און דעם קאַנצלער ביולאָוו:

— ניין, דאָס איז ניט אמת, רוסישער טרויער איז ניט דייי־טשישער טרויער!... די ווערטער, וואָס ווילהעלם האָט טעלעגראַ־פירט צו צאַר ניקאָלאַי.

נאַטירלעך, האָט בעבעל געהאַט אין זינען נאָר דעם רוסישן רעזשים און ניט דאָס רוסישע פאָלק. בעבעל האָט אויך פריער סיסטעמאַטיש אַטאַקירט אין רייכסטאַג דעם רוסישן רעזשים און זיין נאָענטסטן פריינט, דעם קייזערלעכן און פּרייסישן פּאָליציי־

רעזשים. אָבער די רוסישע עמיגראַציע אין דייטשלאַנד האָט אויס־געקוקט אויף אַ פּולשטענדיקער מפּלה פון דער רוסישער אַרמיי. שרייבט וועגן דעם קראָפּאָטקין ווייטער אין זיין בריוו צו בראַנדעס:

"און וואָס איז נאָך ערגער, איז דאָס, וואָס אונדזער רעוואָ־לוציאָנערע יוגנט רופט זיך אָפּ אויף דעם האַס צום רוסישן פאָלק (אונטערגעשטראָכן פון קראָפּאָטקינען — וול. גר.), וואָס ענגעלס און דער "פאָרווערטס" (דער הויפּט־אָרגאַן פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי) פּראָקלאַמירן. די יוגנט גלייבט ערלעך, אַז די מלחמה, וויפיל קרבנות זי זאָל ניט קאָסטן, איז גוט פאַר רוסלאַנד. אַזוי וויניק גלייבן זיי אינעם דערפאָלג פון זייער אייגענער פּראָפּאַגאַנדע.

דערווייל הייבן זיך שוין אָן צו עפענען זייערע אויגן, זיי הייבן־אָן צו זען די רעזולטאַטן פון דער מלחמה; עס וואַקסט דער שאָוו־ניזם אין די אוניווערסיטעטן, וואו דריי־פערטל זיינען שטענדיק געווען רעאַקציאָנערן, וואָס האָבן אָבער ניט געוואַגט צו ריידן. איצט האַלטן זיי, אַז זייער צייט איז געקומען און זיי נעמען זיך מאַכן מאַניפעסטאַציעס פאַר די פענצטער פון די פּאַלאַצן. איצט זעט די יוגנט, אַז די מלחמה ברענגט ליידן דעם פאָלק. — מען האָט געדאַרפט קעמפן פון אָנהייב אָן.

און ווי ס'איז שטענדיק, באַווייזן זיך די קליינע שונאים ביי דער זייט פון די גרויסע! איך האָב ביז איצט ניט געקאָנט געפי־נען קיין ענגלישן פאַרלאַג פאַר מיין רוסישער ליטעראַטור. מעק־קלוד האָט עס גענומען פאַר אַמעריקע, אָבער וואָס איז נוגע ענג־לאַנד, קאָן איך ביי זיך ניט אַנטשליסן איבערצוגעבן אַ פאַרלאַג, ווייל דאָס בוך וועט קאָסטן צו טייער און דאָס וואָלט געהייסן פאַר־לירן דאָס בוך — מיינע לייענער קויפן ניט קיין טייערע ביכער.

סוף־סוף האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבעט מיטן בוך ""דזשאַסטיס ענד מאָראַליטי" (אין 1890 איז אין לאָנדאָן אַרויס קראָפּאָטקינס "אַנאַרכיסט מאָראַליטי" און אין 1903 איז אויך אין לאָנדאָן אַרויס זיין ווערק "מאָדערן ס'יענט ענד אַנאַרכיזם", שפּע־טער איבערגעזעצט אויף פראַנצויזיש, דייטש און אַנדערע שפּראַכן). איך גלייב, אַז איך האָב שוין דערציילט, אַז איך וויל אָנווענדן

דעם פּרינציפּ פון קעגנזייטיקער הילף צום בוך וועגן "עטיק" און דאָס נייע בוך וועט מסתמא זיין אַ המשך פונעם בוך "קעגנזייטיקע הילף". דערצו מוז מען איבערלייענען אַ מאַסע מאַטעריאַל. דאָס מוז איך טאָן, ניט ווייל דאָס לייענען קאָן ענדערן אָדער העלפן מיר פאָרמולירן די פונדאַמענטאַלע אידעען. איך קאָן אָבער קיין מאָל ניט שרייבן, אויב איך ווייס ניט, אַז קיין שום סובסטאַנציעלע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות צום פּראָבלעם, בלייבן מיר ניט אומבאַקאַנט.

דערווייל — מען קערט זיך אום שטענדיק צו זיינע ערשטע ליבעס — שיק איך אייך מיינע אַ קליינע אַרבעט וועגן דער אָראָ־גראַפיע פון אַזיע, וואָס איז דערשינען אין דעם געאָגראַפישן זשורנאַל פון דער לאָנדאָנער געאָגראַפישער געזעלשאַפט (האָט ניט קיין פּאַראיבל, וואָס די מאַפּעס זיינען ניט זייער עסטעטיש! סאַשאַ קען זאָגן עדות, אַז די אָריגינאַל־קאַרטן זיינען געווען אָן אַ פּאַר־גלייך שענער. דאָ איז דער געשמאַק ריין ענגליש. שטעלט אייך פאָר, אַז די געאָגראַפישע געזעלשאַפט האָט פון איר זייט געטאָן דאָס בעסטע און האָט אויסגעגעבן אויף די קאַרטן מער פון 2.500 פראַנק).

דאָס איז אַן אַרבעט, וואָס איר קאָנט פון דער אָראָגראַפיע פון סיביר, פאַרכאַפּט אַזיע און פירט צו עטלעכע פּאַרגלייכן צווישן די צוויי גרויסע קאָנטינענטן, אַמעריקע און אַזיע, און די צוויי קייטן פון בערג אין דער לענג פון די אָקעאַן־פלוסן.

איך האָב אויך אַרויסגעשיקט מיינע אַן אַנדערע קליינע אַר־בעט "מאָדערנע וויסנשאַפט און אַנאַרכיזם", וואָס איך האָב צו־ערשט געשריבן פאַר דער רוסישער יוגנט און וואָס איז פאַרעפנט־לעכט געוואָרן אויף רוסיש אין אַן אַנדערער קליינער בראָשור. די דאָזיקע בראָשור האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון די ענגלישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן — אויף יעדן פאַל, ביי דעם טייל פון זיי, וועלכע האָבן ווידער געוואָלט נקמה נעמען אין די ליבעראַלן און שטיצן ביי די קומענדיקע וואַלן פאַר די קאָנסערוואַטאָרן.

אָט האָט איר דאָ, מיין טייערער גוטער פריינט, אַ פולשטענ־דיקן באַריכט וועגן (מיין) אינטעלעקטועלן לעבן, דאָס דאַרף פאַר

איך באַדייטן, אַז איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט אַ סך פאַרגעניגן. אמת, ס'איז אַ באַגרענעצטע אַרבעט — 4־5 שעה אַ טאָג — מיט איבעררייסן — עס איז אָבער פאָרט בעסער ווי דאָס לעצטע יאָר.

טראַכט איר ניט וועגן קומען קיין לאָנדאָן דעם סעזאָן? איר קאָנט זיך ניט פאָרשטעלן, ווי מיר אַלע דריי וועלן זיין גליקלעך אייך צו זען. ווען איר זענט געווען אין פּאַריז, האָבן מיר שטענדיק געהערט פון אייך, טייערער פריינט, איך קאָן אייך ניט זאָגן, וויפיל פאַרגעניגן עס פלעגט מיר פאַרשאַפן צו קאָנען זאָגן: "ער פילט זיך גוט איצטער"; דער פלעביט (די קראַנקהייט אין די פיס) האָט ניט איבערגעלאָזן קיין שפורן, און פלוצלינג הער איך פון רוסישע פריינט וועגן אייערע לעקציעס — פונוואַנען קומט עס צו אייך דער אויסדרוק פון סימפּאַטיע יעדעס מאָל, ווען איר רעדט וועגן דער רוסישער יוגנט? וואָס פאַר אַ פיין געפיל פאַרבינדט אייך מיט איר?

סאָפיע אַרבעט איצט; איר געזונט איז בעסער און זי שרייבט אַ ביסל. סאַשאַ איז אַ גרויס מיידל; הויך ווי איך — אַ לעבעדיק בילד פון מיין מוטער, אַזוי ווי זי זעט אויס אויף דעם פּאָרטרעט אין מיינע מעמואַרן. אַ פיין מיידל. אין אַ פּאָר חדשים אַרום פאַרענדיקט זי די שולע און מיר פרעגן זיך מיט אַ געוויסער שפּאַנונג: "און וואָס נאָך דעם?", קעמברידזש, לאָנדאָן, ווי אַזוי?

קורץ די צוקונפט איז אַן אומזיכערע.

מירביידע שיקן אייך אַ סך, אַ סך גרוסן. סאַשאַ טוט עס צוזאַמען מיט אונדז (זי לייענט אייער "פוילן").

זייט געזונט, און מיר ווינטשן אייך אַלדאָס גוטס.

פעטער קראָפּאָטקין".

ווי מען זעט, האָט קראָפּאָטקין ניט גערוט. ניט די דערשיטערנדיקע נייעס וועגן דעם גאַנג פון די געשעענישן אין רוסלאַנד, ניט די אָפטע קראַנקהייטן האָבן אָפּגעשטעלט זיינע אַקטיוויטעטן. די ביכער זיינען ביסלעכווייז ווייטער איבערגעזעצט און פאַרשפּרייט געוואָרן. סעפּטעמבער 1904 דערשיינט אין קאָפּענהאַגען

זיין בוך "פעלדער, פאַבריקן און ווערקשטאַטן" אין אַ דענישער איבערזעצונג אונטער דעם נאָמען "האַנט־אַרבעט און מוח־אַרבעט", און אין אָקטאָבער שרייבט בראַנדעס וועגן דעם בוך אין "פּאָליטיקען".

קראָפּאָטקין וואָלט אויך וועלן קומען קיין קאָפּענהאַגען צו זען זיך מיט זיין פריינט, אָבער די רעאַקציע הערשט אינעם קליי־נעם דעמאָקראַטישן לאַנד און בראַנדעס האָט מורא, אַז די דענישע פּאָליציי קאָן אים אַרעסטירן און אַרויסגעבן צו דייטשלאַנד, וואָס וועט זיין זייער צופרידן אויסצוליפערן קראָפּאָטקינען צו רוסלאַנד. איז פון קראָפּאָטקינס פּלענער צו קומען קיין דענעמאַרק גאָרניט געוואָרן.

אין הויז פון קראָפּאָטקינען ווערן געבוירן די ערשטע גע־דאַנקען וועגן אומקערן זיך "אַהיים". פון רוסלאַנד בלאָזן כלומרשט פרילינגס־ווינטן. עס קומען אָן די ערשטע ידיעות וועגן אַ קאָנ־סטיטוציע, וועגן וואַלן צו דער ערשטער דומע. אָבער ווי מאָדנע — מיט די זעלבע ווינטן דערגרייכן אַהער אויך ידיעות וועגן בלוטיקע אומרועז און שרעקלעכע פּאָגראָמען אויף יידן. דאָס גייט צוזאַמען. באַלד וועט זיך פאַרזאַמלען די ערשטע דומע און באַלד וועט זי סטאָליפּין צעטרייבן. באַלד וועט אַ טייל פון די סאָ־ציאַליסטישע דעפּוטאַטן געשיקט ווערן ווי אַרעסטאַנטן קיין סיביר.

דעם 22־טן יאַנואַר 1905 שפּילט זיך אָפּ אין פּעטערבורג "דער בלוטיקער זונטיק" — דער גלח גאַפּאָן, אַן אַגענט פונעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, פירט צום ווינטער־פּאַלאַץ אַ ריזיקע מאַסע פון אַרבעטער, וואָס זאָל שיקן אַ דעלעגאַציע צו ניקאָלאַי און בעטן אים — וואָס בעטן? איידער די דעלעגאַציע דערלעבט צוצוקומען צום צאַר, צעשיסן סאָלדאַטן די מאַניפעסטאַנטן און דער הערלעכער האַלב־קײַלעכדיקער פּלאַץ צווישן דעם ווינטער־פּאַלאַץ און דעם גענעראַל־שטאַב ווערט פאַרגאָסן מיט בלוט. הונ־דערטער אַרבעטער זיינען געבליבן ליגן טויט אויפן פּלאַץ, וואָס טראָגט היינט דעם נאָמען פון אוריצקי, דעם גרינדער פון טשעקאָ, אַ קיעווער ייד, וועלכער ווערט שפּעטער דערשאָסן דורך אַ יידיש מיידל...

עס איז באמת צו באַוואונדערן די פילאָזאָפישע ברייטקייט — דערביי אַזאַ נאַטירלעך־מענטשלעכע — פון פעטער קראָפּאָטקינס גייסט, וואָס איז בכוח זיך צו פאַרטיפן אין לאַנגע און שווערע שטודיעס איבער עטיק, בשעת אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין צאַפּלט אַלץ צוליב די נייעס פון רוסלאַנד. פון דאָרט, פונעם לאַנד, וואָס איז פאַר אים נאָך אַלעמען זיין היים, זיין גייסטיקע היים, קומען אַן יעדן טאָג ידיעות, וואָס זאָגן אָן די רעוואָלוציע, די לאַנג־דער־וואַרטע איבערקערעניש, אָבער דער דענקער פאַרלירט ניט דאָס גלייכגעוויכט און ער ווערט ניט מיטגעריסן. זיין מוח איז גראָד אין דער צייט פאַרטיפט אין דעם אייביקן און אוניווערסאַלן פּראָב־לעם פון אַלע צייטן — עטיק. קיין אַנדערער פריינט, חוץ געאָרג בראַנדעס, וועט ניט קאָנען פאַרשטיין אַזוי גוט קראָפּאָטקינס זוכן און טראַכטן, ווי אַזוי צו זאָגן בעסער און קלאָרער דאָס, וואָס ער האָט צו זאָגן, נאָך דעם זוכן און נישטערן.

## פעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

ווילאַ בראָמליי, קענט,
17 נאָוועמבער 1904.

„זייער טייערער פריינט,

ווען עמעצער וואָלט מיר געהאַט געזאָגט, אַז אין איין שיי־נעם טאָג וועט איר אָנשרייבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער גערעטעניש פון קאָרטאָפּל, וואָס האָט געגעבן אַזוי פיל און אַזוי פיל פער העקטאַר — וואָלט איך שטאַרק געצווייפלט אין דעם. איר האָט עס אָבער יאָ געטאָן, טייערער פריינט. ווען איך האָב געלייענט, ווי אַזוי איר האָט איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון מיין בראָשור („פעלדער, פאַבריקן און ווערקשטאַטן“), האָב איך זיך געזאָגט, אַז קיין פּראָפעסיאָנעלער עקאָנאָמיסט וואָלט עס ניט געטאָן אַזוי גע־נוי און אַזוי קלאָר. איך קאָן אייך גאָר ניט זאָגן, וואָס פאַר אַ גרויסן פאַרגעניגן עס האָט מיר פאַרשאַפט דער נייער באַווייז פון אייער גוט־פריינטשאַפט צו מיר.

איך פיל זיך שולדיק דערמיט, וואָס איך האָב אייך ניט גע־שריבן אַזאַ לאַנגע צייט. איך האָב די גאַנצע צייט געאַרבעט זייער פיל אויף (מיין בוך) עטיק. שטעלט אייך פאָר, אַז מען דאַרף זיך געבן די מי איבערצולייענען אַלע פילאָזאָפן, וואָס האָבן געשריבן וועגן עטיק — און דאָס אַלץ, כדי ערשט צו קומען צום אויספיר, אַז דאָס אַלץ האָט גאָר אַ קליינעם ווערט. אַזוי ווי אויף אַלע אַנ־דערע געביטן מוז מען אויך דאָ בויען פונדאַסניי, באַנוצן נייעם מאַטעריאַל. עס וואָלט געווען נוצלעכער צו באַטראַכטן די נייע מאַטעריאַלן, איידער אַריינצודרינגען אין די אַלטע סיסטעמען.

ס'איז ניט אַזוי פיל דאָס, וואָס איך האָב צו זאָגן אַ סך נייעס וועגן דעם פּראָבלעם. דער פּרינציפּ פון גלייכהייט ("עגאַליטע"), וואָס איז דער יסוד פון אַלע עטיקס זינט די ווילדע צייטן ביז בודאַ, מאָהאַמעד און קריסטוס, קאָן ניט געענדערט ווערן. נאָר דאָס פאַרשטיין און דער אופן פון דעם, ווי מען ברענגט אַרויס, ענדערט זיך. אמת, איבערלייענען נאָך אַ מאָל די מעטאַפיזיקערס איז געווען זייער אינטערעסאַנט, אָבער אָן שום נוצן. סוף־סוף האָב איך אָנגעהויבן די סעריע אין דעם "ניינצנטן יאָרהונדערט". (קראָפּאָטקינס "עטיקס: אָרידזשין ענד דעוועלאָפּמענט" איז דער־שינען אין לאָנדאָן, אין 1925).

מיר באַקומען פון צייט צו צייט ידיעות וועגן אייך און מיר הערן, אַז איר זענט געזונט און אַז איר אַרבעט אַ סך. און מיר פרעגן זיך שטענדיק, צי איר קומט ניט אַ מאָל אין איין שיינעם טאָג קיין לאָנדאָן, אָדער צי מיר קומען ניט אַ מאָל קיין קאָפּענ־האַגען. איר וועט זען סאַשאַן, אַ גרויס מיידל פון 17 יאָר, גרעסער פון מיר און אַן אמתער פּאָרטרעט פון מיין מוטער, אַזוי ווי איר זעט זי אין מיינע "זכרונות". אַלע ווערן דערשטוינט פון דער ענ־לעכקייט. זי גרייט זיך אַריינצוטרעטן אין לאָנדאָנער אוניווערסי־טעט. סאָפיע פילט זיך גוט, זי שרייבט אַ ביסל וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען (וועגן רוסישע פרויען א. א. וו.) און מיר ווערן אַלץ מער און מער פאַרליבט אין אונדזער טאָכטער.

ווי גייט עס מיט עדיט? זי האָט שוין אַוודאי חתונה געהאַט? לאָזט אונדז דאָס אַלץ וויסן, און גיט איבער אַ סך גרוסן פון

אונדז צו דער, וואָס איז אין אונדזערע געדאַנקען פאַרבונדן שטענ־
דיק מיט סאַשאַ.

איר ווייסט מן הסתם, אַז די גאַנצע רוסישע פרעסע שרייבט
וועגן דעם "פרילינג", וואָס זאָגט אָן דאָס גיכע אָנקומען פון דעם
"זומער". ס'זיינען דאָ שטענדיק אין דעם לאַגער פון די דערשראָ־
קענע ליבעראַלע מענטשן אַזעלכע, וואָס וואַגן צו זאָגן דעם אמת
די ביוראָקראַטן און די געגנסטערס פון דער פרעסע "לע ברי־
גאַנד". אייניקע פון די לעצטע, ווי למשל, פירשט מעשטשערסקי,
סואוואָרין ("גראַזשדאַנין" און "נאָוואָיע ווערעמיאַ"), דרייען אויס די
האַלאַבליעס און זידלען איצט די רעאַקציאָנערן, צו וועלכע זיי
אַליין האָבן ערשטע נעכטן געהערט, מיט אַזאַ אימפעט, ווי זיי
וואָלטן אָנגעטאָן כבוד די "רעוואָלוציאָנערן" אָדער "די נייע ציטן".

די לעצטע קאָרט פון דער אויטאָקראַטיע — הער פאָן פלעווע
— איז דעפיניטיוו געשלאָגן (דערשאָסן דעם 28־טן יולי 1904).
אַלץ האָט זיך געענדערט. ווייסט איר, אַז דעם דאָזיקן פלעווע האָט
מען בעסער אָפּגעהיט, דריי, פיר מאָל בעסער, ווי דעם צאַר און
אַז דאָס האָט אויך געקאָסט פּראָפּאָרציאָנעל אַזוי פיל מער, און
איין אַנטשלאָסענער מענטש האָט דאָס צעשטערט! גאַנץ רוסלאַנד
פרייט זיך.

די, וואָס קומען אָן פון רוסלאַנד, זאָגן, אַז עס איז איצט אַב־
סאָלוט אוממעגלעך די רעאַקציע זאָל זיך ווידער אומקערן. אפשר
איז עס אַזוי! ביים פאָלק שאַפן זיך גאַנץ מערקווירדיקע באַוועגונ־
גען, ווען אַ רעוואָלוציע דערנענטערט זיך. עס בלאָזן טאַקע פרי־
לינגס־ווינטן. בכלל, וואָס מיך האָט דערשטוינט, איז דאָס, וואָס
פון אָנהויב פון דער מלחמה איז געבוירן געוואָרן אַ ניי רוסלאַנד,
אַ לאָקאַלע און אַן אינדיווידועלע איניציאַטיוו, וואָס לאָזט זיך
מערקן אין אַלע איינצלהייטן. ס'איז ניט מער דאָס רוסלאַנד פון
די זיבעציקער יאָרן.

אָבער גענוג צו פאַרדרייען אייך דעם קאָפּ דערמיט. איר
וועט אפשר זאָגן: "וואָס איז געבליבן פון פערציק יאָר האָפענונ־
גען!" — ווידער האָפענונגען — נייע האָפענונגען.

פון טיפן האַרצן נעם איך אייך אַרום ברידערלעך. סאָפיע און

**סאַשאַ האָבן איך שטאַרק ליב און זיי שיקן איך די בעסטע גרוסן און די בעסטע וואונטשן.**

פעטער קראָפּאָטקין.

**דער אַמעריקאַנער פאַרלעגער שרייבט מיר, אַז ער האָפט אַרויסצוגעבן מיין בוך וועגן דער רוסישער ליטעראַטור אין פעב־רואַר, איר וועט זען, אַז דאָס בוך איז פול מיט די בעסטע כוונות, אָבער געשריבן פון אַן אָנפאַנגער".**

# צוועלפטער קאַפּיטל

געאָרג בראַנדעס האַלט, אַז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס קראָפּאָטקין איז געווען אָפּגעהיט אין אָפּשאַצן דעם רוסישן "פרי־לינג" און מאַכט זיך ניט קיין צו גרויסע אילוזיעס וועגן דער רוסי־שער רעוואָלוציע, איז ער פאָרט צו אָפּטימיסטיש. אָבער ער שאַ־נעוועט די געפילן פון קראָפּאָטקינען און ער וויל זיך ניט פונאַנ־דערשרייבן אויספירלעך, ער וויל ניט זאָגן אַלץ, וואָס ער דענקט וועגן דער צוקונפט פון רוסלאַנד. צוליב דער נאָענטקייט פון דענע־מאַרק צו רוסלאַנד און צוליב די ספּעציעלע רעאַקציאָנערע הויף־פאַרבינדונגען — וועגן וועלכע מיר האָבן פריער גערעדט — איז בראַנדעס געווען גאַנץ גוט באַקאַנט מיט דעם גאַנג פון די געשעע־נישן אין יענע פרילינג־טעג אין רוסלאַנד.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 20 נאָוועמבער 1904.

"טייערער פריינט,

איצט דערהאַלטן אייערע ליבע שורות — און איך בין פאַר־נומען מיט פּאַקן מיינע זאַכן. די פאַרלאַמענטאַרישע גרופּע פון אינ־טערנאַציאָנאַלן אַרביטראַזש האָט מיך איינגעלאַדן צו באַטייליקן זיך אין דער פאַרלאַמענטאַרישער דעלעגאַציע פון די דריי סקאַנ־דינאַווישע לענדער. מיר וועלן בלייבן עטלעכע טעג אין פּאַריז און נאָך דעם מאַכן מיר אַ קורצע נסיעה איבער די פּראָווינצן. איך נעם־מיט מיט מיר עדיט. די האָט נאָך ניט חתונה געהאַט. זי איז ניט גענייגט צו פאַרליבן זיך. דאָס מאָל וועל איך ניט קאָנען קו־

מען קיין לאָנדאָן. די צייט איז שטאַרק באַגרענעצט און די בילעטן אַהין און צוריק זיינען שוין גענומען פאַרן גאַנצן קאַראַוואַן.

איך דאַנק אייך זייער פאַר אייערע גוטע ווערטער און אייער באַציאונג צו מיין אַרטיקל (אויף דעם געביט, וואו איך בין בלויז אַ ליבהאָבער און דילעטאַנט אַזוי ווי איר זענט עס אויף דעם רייך־ליטעראַרישן געביט), אָבער איך האָב אייך ליב און איך האָב געוואָלט בייטראָגן מיט מיינע שוואַכע כוחות צו פאַרשפרייטן אייערע אידעען.

טייערער, טייערער פריינט! וואָס פאַר אַן אָפּטימיסט איר זייט, ווי גרייט איר זייט צו גלייבן אין דעם, וואָס איר האָפט, אַז ס'וועט קומען! ווי פאַרשידן עס זיינען אונדזערע טעמפּעראַמענטן און ווי פאַרשידן מיר לערנען פון אונדזערע דערפאַרונגען! איך גלייב, אַז איך קום פון טאָמאַס דעם אומגלויביקן און איר פון דעם אַפּאָס־טאָל, דעם ליבלינג פונעם גאָט. אויב ס'איז דאָ עפּעס, אין וואָס איך גלייב ניט, איז עס אין דער מעגלעכקייט פון אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד; אָבער מען וועט זען. פון דעם ליבעראַליזם פון סו־וואָרין עקלט מיך נאָך מער ווי עס קאָן אייך עקלען. אָבער דאָס איז, גלייב איך, אַ פענאָמען, וואָס קומט און פאַרשווינדט. נאָך דער מלחמה וועלן די דאָזיקע הערן זיין דאָס זעלביקע, וואָס זיי זיינען פריער געווען. אויף יעדן פאַל, איז דאָ אַ קליינע האָפענונג, אַז דער היינטיקער רעזשים וועט באַנקראָטירן. אָבער איך וויל עס צוערשט זען, איידער איך קאָן עס גלייבן. דערווייל איז אַזוי גוט ווי גאָרניט רעאַליזירט געוואָרן פון דעם, וועגן וואָס איך האָב געחלומט יונגערהייט.

ס'איז מיר פיינלעך צו שרייבן אייך אַזעלכע זאַכן, אייך, אַ מאַן פון אַזוי פיל מוט. ס'איז ביי מיר אַן אומגליקלעכע נויטווענ־דיקייט, וואָס צווינגט מיך צו זאָגן דעם אמת.

זאָגט פרוי קראָפּאָטקין, אַז איך געדענק שטענדיק, ווי האַר־ציק זי האָט מיך אויפגענומען און קושט פאַר מיר פריילין סאַשאַ, וועמען איך האָב ליב ווי מיין אייגענע טאָכטער.

אייער געטרייער

געאָרג בראַנדעס."

שרעקלעכע געשעעענישן האָבן זיך דערווייל אָפּגעשפּילט אין פּעטערבורג. דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, וואָס האָט שטענדיק פּראַקטיצירט פּראָוואָקאַציע און דערצויגן זינט יאָרן אַן אַרמיי פון פּראָוואָקאַטאָרן, האָט אינסצעניזירט איינע פון זיינע בלוטיקסטע דראַמעס — דעם מאַרש פון די אַרבעטער אָנגעפירט פונעם גלח גאַפּאָן, צום ווינטער־פּאַלאַץ, דעם 22־טן יאַנואַר 1905 (אָדער לויט דעם אַלטן רוסישן קאַלענדאַר דעם 9־טן יאַנואַר). דריי טעג נאָך דעם בלוטבאָד, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע וועלט, שרייבט געאָרג בראַנדעס צו זיין פריינט קיין לאָנדאָן:

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 25 יאַנואַר 1905.

„טייערער פריינט, טייערער, גרויסער
און געליבטער פריינט,

במשך פון די אַלע טעג הער איך ניט אויף צו טראַכטן וועגן אייך, און אַזוי ווי איר זענט שטענדיק אין מיין האַרצן, מוז איך אייך שרייבן.

סוף־סוף — ניט אמת, האַ? — סוף־סוף איז דער פרילינג אָנגעקומען קיין רוסלאַנד. סוף־סוף האָט דאָס פאָלק אויפגעוואַכט, סוף־סוף הייבן אָן צו ציטערן די הערשער.

מיר ווייסן נאָך ניט דערווייל די רעזולטאַטן. מען דאַרף מורא האָבן, אַז די אַרמיי זאָל ניט שטיצן די געמיינע חברה, אָבער דער קאַמף איז אויסגעבראָכן, די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן. מען האָט דאָס רעכט צו האָפן. דאָ איז דער ענטוזיאַזם פאַר די רעוואָלוציאָנערן אַלגעמיין, אַפילו דאָ אין קליינעם לאַנד, וואָס איז געצוימט און איז ווייניק געניגט צו ראַדיקאַליזם.

צוליב די געשעענישן אין רוסלאַנד פאַרגעסט מען אַלע אַנדערע זאַכן: פראַנקרייך ווערט ווידער רעאַקציאָנער; די געמיינע שוועדן באַליידיקן ווידער די נאָרוועגער; דאָ איז די רעאַקציע. דאָס איז אָבער אַלץ גאָרניט, אויב די פרייהייט זיגט אין רוסלאַנד, אין דער אַלטער פעסטונג פון אונטערדריקונג.

איך פריי זיך בעיקר צוליב אייך. איר האָט פאַרדינט צו דער־
לעבן דעם טאָג. איצט איז עס ניט אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן,
אַז אין גיכן וועט איר זיך קענען פריי באַוועגן אומעטום אין איי־
ראָפּע און טריאומפירנדיק אַריינקומען אין אייער אייגן לאַנד.
וואָס פאַר אַ הערלעכער טאָג דאָס וועט זיין! וואָס פאַר אַ טאָג!

איך דריק אייךביידע הענט. איך דריק די האַנט פון פרוי
קראַפּאָטקין און פון מיין יונגער אומפאַרגעסלעכער פריינדין סאַשאַ.

אייער

געאָרג בראַנדעס.

איך בעט אייך, שרייבט מיר אַ פּאָר ווערטער.

דאָס צאַפּלען פונעם 63־יאָריקן צווייפלער איז זיכער איינער
פון די אינטערעסאַנטסטע דאָקומענטן, וואָס כאַראַקטעריזירן די
שטימונגען אין איראָפּע בשייכות מיט די געשעענישן אין רוס־
לאַנד. דער רוסישער רעזשים, ווי „אַן אַלטע פעסטונג פון אונ־
טערדריקונג", איז געווען אַן אומגליק ניט נאָר פאַר דעם רוסישן
פאָלק, נאָר אויך פאַר גאַנץ איראָפּע. בראַנדעס, וועלכער האָט גע־
מיינט, אַז ער איז אַ סך רואיקער און סקעפּטישער ווי קראָפּאָטקין,
מיט זיין איינגעצוימטן טעמפּעראַמענט, האָט זיך אַרויסגעוויזן אין
דעם פאַל אַ סך אַ גרעסערער אָפּטימיסט ווי זיין פריינט. „דער
וואונטש", ווי דער דייטש זאָגט, „איז געווען דער פאָטער פונעם
געדאַנק". אָבער זיין בריוו האָט, ווייזט אויס, ניט אַרויסגערופן ביי
קראָפּאָטקינען קיין גרויסע באַגייסטערונג. בראַנדעס האָט גע־
דרוקט אַרטיקלען וועגן די רוסישע געשעענישן אין דעם קאָפּענ־
האַגענער „פּאָליטיקען", אָבער דערווייל זיינען אָנגעקומען די אומ־
היימלעכע איינצלהייטן וועגן דעם בלוטבאָד פון „9־טן יאַנואַר"
און דאָס וואַקלען פון דעם רוסישן טראָן און זיין פאַרברעכערישן
באַזיצער מיט דער האַלב־אַראָפּגעגליטשטער קרוין אויפן קאָפּ.

## פעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ בראָמליי, קענט,
30 יאַנואַר 1905.

„זייער טייערער פריינט,

דעם בריוו שרייבט פאַר מיר סאַשאַ. איך בין נאָך אַלץ אין בעט און דער פיבער האַלט נאָך אַלץ אָן.

אייער ליבער, גוטער בריוו, פאַר וועלכן איך דאַנק אייך פון מיין טיפן האַרצן, האָט זיך אויסגעמיטן מיט אַ בריוו, וואָס סאָפיע האָט אייך געשריבן.

יאָ, מיין טייערער פריינט, ס'איז דער אָנהויב פון דער רעוואָלוציע, אָבער נאָר דער אָנהויב, זי וועט האָבן אירע אַראָפּס און אַרויפס און זי וועט האָבן אירע צייטן פון ווילדער רעאַקציע ווי די, וואָס זיינען געווען אין יולי 1790, אָבער עס איז אַ גליק, וואָס דאָס פאָלק האָט גענומען אַן אָנטייל און האָט געהאַט זיינע „קאָרדיעלערן", דאָס פאָלק האָט זיין שאַבאַ; עס וועט נאָך האָבן זיין דאַנטאָן און זיין מאַראַט. אָ! אויב מערב־אייראָפּע וואָלט אויך אָנגעהויבן דעם טאַנץ פון די שטאַטן. אָן דעם, האָב איך מורא, וועט רוסלאַנד דאַרפן אַליין זאָרגן פאַר זיך.

איך נעם אייך אַרום זייער וואַרעם, מיר אַלע דריי האָבן אייך שטאַרק ליב. אונדזערע גרוסן צו פריילין עדיט.

(ניט אונטערגעשריבן)

(„סאַלוט"! סאַשאַ)"

געאָרג בראַנדעס האָט זיכער דערוואַרט אַן אַנדערן בריוו, אַ מער אויספירלעכן, מיט אַ טיפערן אַנאַליז. עס האָט געדויערט לאַנג, כמעט פיר חדשים, ביז קראָפּאָטקין האָט געקענט שרייבן אַ לאַנגן אויספירלעכן בריוו קיין קאָפּענהאַגען. ער איז נאָך אַלץ ניט זיכער אין דעם כאַראַקטער פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן און אין דער פירערשאַפט פון דער רעוואָלוציע, וואָס איז אייגנטלעך אַ רעוואָלוציע אָן אַ פירערשאַפט. עס איז פאַר אים

אויך ניט קלאָר די פּערזענלעכקייט פונעם גלח גאַפּאָן, הגם מען פילט, אַז ערגעץ טיף אין האַרצן האָט ער זיין חשד וועגן דעם מיס־טעריעזן און באַריידעוודיקן גלח.

קראָפּאָטקין איז ניט געווען דער איינציקער, וועלכער איז מיס־טיפיצירט געווען פון דעם גלח, וואָס האָט אַזוי קונציק געשפּילט זיין ראָלע פון אַ פּראָוואָקאַטאָר. פון די פּריוואַטע מעמואַרן פון אַ באַקאַנטן רוסישן זשורנאַליסט, לעוו מאַיסעיעוויטש נעמאַנאָוו, וועלכער האָט בייגעוואוינט די שיסעריי פון 9־טן יאַנואַר צוזאַמען מיט מאַקסים גאָרקי, זע איך, אַז דעם זעלביקן טאָג נאָך דעם בלוטבאָד האָט גאָרקי פאַרבראַכט שעהן און שעהן אין אַ שמועס מיט גאַפּאָן. עס האָט אים אָבער ניט געקאָנט איינפאַלן, אַז דער גלח איז אַ שפּילצייג אין די הענט פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט.

די קאַריערע פון גלח גאַפּאָן האָט זיך געענדיקט גענוג טראַ־גיש מיט אַן ערך צוויי יאָר שפּעטער. דער מחבר פון די שורות האָט געלעבט יענעם זומער אין אַ פּאָפּולערער, אָבער ניט זייער עלעגאַנטער פאָרשטאָט פון פּעטערבורג, וואָס האָט געהייסן אָזער־קי (מיטן טראָפּ אויפן לעצטן טראָפּ). יעדן טאָג פלעג איך פאַר־בייגיין אַ גאַנץ גרויסע און פּוסטע ווילע מיט פאַרמאַכטע לאָדנס. איך האָב געוואוינט אינעם צווייטן אָדער דריטן הויז פון דער ווילע.

פלוצלינג איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די פּאָליציי, וועלכע האָט אומעטום אַרומגעזוכט די שפּורן פון דעם ווי אין וואַסער פאַר־שוואונדענעם גאַפּאָן, האָט סוף־כל־סוף אים געפונען... אין אָזערקי, אין דער פאַרשלאָסענער און פּוסטער ווילע. אין דער ווילע האָט, מיט אַ חודש פריער, אין מיטן נאַכט, אַ טריבונאַל פון די סאָציאַ־ליסטן־רעוואָלוציאָנערן פאַרנאַרט דעם גלח, וועלכער האָט געמיינט, אַז ער נאַרט זיי, אים געמשפּט און פאַראורטיילט צום טויט און אים אויפן אָרט געהאָנגען. מען האָט דערציילט — און דאָס איז, דוכט זיך, קיין מאָל ניט געלייקנט געוואָרן — אַז דער באַקאַנטער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער רוטענבערג, שפּעטער דער בויער פון דער גרויסער עלעקטרישער סטאַציע אין ארץ־ישראל, האָט אָנגע־פירט מיט דעם פּראָצעס פונעם טריבונאַל.

מען קאָן זיך קוים פאָרשטעלן די סענסאַציע פון דער דאָזי־קער אַנטדעקונג. עס איז ניט געווען קיין קלענערע סענסאַציע, ווי די אַנטדעקונגען פון די ״גרויסע״ פּראָוואָקאַטאָרן אַזעף אָדער לע־נינס פריינט מאַלינאָווסקי, מיטגליד פון דער פערטער דומע.

אין איינעם פון זיינע גיפטיקע ״טאָג־ביכער״ צעשרייבט זיך דאָסטאָיעווסקי וועגן טשערנישעווסקי, הערצען און בעלינסקי — ער האָט זיי גוט געקענט פּערזענלעך און זיי באַוואונדערט, אָבער וועגן יעדן פון זיי האָט ער צו זאָגן אַ פּאָר בייסיקע שטעכווערט־לעך. אַלעקסאַנדער הערצען, זאָגט ער, האָט זיך אַליין געמאַכט פאַר אַן עמיגראַנט. ער מיינט, אַן עמיגראַנט אין ציטיר־צייכנס, דאָס איז אַ ספּעציעלער רוסישער טיפּ פון מענטשן, וואָס ווערן אין רוסלאַנד געבוירן שוין פאַרטיקע עמיגראַנטן. עס זיינען דאָ ביי אונדז אַזעלכע, וויצלט ער זיך, וואָס האָבן אַפילו קיין מאָל ניט עמיגרירט, אָבער זיי זיינען ״עמיגראַנטן״, ווייל זיי פאַראַכטן דאָס רוסישע פאָלק.

דאָסטאָיעווסקי איז נאָך די פיר יאָר, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אויף קאַטאָרגע, געוואָרן, ווי באַקאַנט, אַ גרויסער מוסר־זאָגער און האָט פיינט געהאַט אַלץ, וואָס איז ניט עכט רוסיש. לויט אים וואָלט פּעטער קראָפּאָטקין אויך געווען אַזאַ ״עמיגראַנט״, וואָס פאַראַכט דאָס רוסישע פאָלק. דאָס וואָלט אָבער געווען פּונקט אַזאַ בייזוויליקער ליגן, ווי די ווערטער וועגן הערצען. זיי האָבן ניט געהאַסט זייער פאָטערלאַנד, זיי האָבן זיך געשעמט און געווייטיקט פאַר זייער פאָטערלאַנד.

ווען עס ברעכן אויס די גרויסע געשעענישן פון 1904 און 1905, ווערט קראָפּאָטקין אינגאַנצן פאַרכאַפּט פון זיי. ער קומט ניט מיט אַ מאָל צו האַסטיקע אויספירן, ער קען דאָס רוסישע פאָלק און האָט גוט באַנומען דעם פּראָצעס פון דער אַנטוויקלונג אין זיין פולן צוזאַמענהאַנג. דאָס זעען מיר אינעם אויספירלעכן בריוו צו געאָרג בראַנדעס, וועלכער באַטראַכט רוסלאַנד און די רוסישע רעוואָלוציע ווי אַ זייטיקער אָבסערווירער, ניט ווי אַ צד, ניט ווי קראָפּאָטקין, דער רוסישער מענטש.

## פעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

חיאַלאַ בראָמליי, קענט,
17 מאַי 1905.

״זייער טייערער פריינט,

אָט איז שוין אַ חודש צייט, וואָס איך וויל אייך שרייבן יעדן טאָג — און איך קום ניט דערצו! די גאַנצע צייט פאַרנומען מיט טויזנטער קלייניקייטן — חוץ דעם, מוז איך זאָגן דעם אמת, אַז אַ גרויסער טייל פון מיין צייט איז פאַרנומען מיט רוסישע ענינים. דאָס איז גוטע נייעס, ניט אמת? נאָך די יאָרן פון שטילקייט, רע־זיגנאַציע, מאַרקסיסטישער מעטאַפיזיק, נאָכן פלוצימדיקן פאַרליי־קענען פון אַלץ, וואָס איז געווען אונדזער אידעאַל — נאָך דער הערשאַפט פון אַ מין קראַנקהייט, אַ יאָמערן אָן אַ סוף, און פאַר־לירן יעדע האָפענונג אין דער רעוואָלוציע!...

דאָס האָט זיך איצט פולשטענדיק געענדיקט. צו גיך אפשר, כדי צו זיין טיף, אָבער די געשיכטע מאַרשירט, די געשעענישן איילן זיך און צווינגען אַפילו די פאַרשלאָפענע, וואָס זיינען פאַר־פירט פון דער פרעסע, נאָכצופאָלגן די געשעענישן און די מאַסן.

מיט אַן ערך צוויי יאָר צוריק האָט אַ קינסטלער, וועלכער איז געקומען פון פעטערבורג, מיר דערציילט, אַז זייערע האָפענונגען דאָרט זיינען פאַרבונדן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג. מען לייענט געהיימע צייטונגען פון דער ליבעראַלער אָפּאָזיציע, פון די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, מען לייענט זיי, יאָ, כדי צו באַרואיקן דאָס געוויסן. אָבער ס׳רוב מאַכן אַן איינ־דרוק די פּראָקלאַמאַציעס פון די אַרבעטער, וואָס מען ווייסט ניט, פונוואַנען זיי קומען...

און ער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די לאַגע. עס וואַקסט דאָרט אַ טיפע באַוועגונג, אַן אינטעליגענטע, וואָס האָט ניט קיין צוטרוי צו די ״הערשאַפטן״; זי פאַרכאַפּט די געזעלשאַפט, וואָס זיינען דערלויבט פון דער פּאָליציי, עס וואַקסן אויס פלוצלינג קאָאָפּע־ראַטיוון, בילדונגס־געזעלשאַפטן פאַר מענער־ און פרויען־אַרבע־

טער — קורץ געדערט, אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס נעמט אַרום אַ זעקס־זיבן טויזנט מענטשן, וואָס האָבן אַן איינפלוס אויף אַן אַכציק טויזנט פּערזאָן, אַלץ אַרבעטער. דאָס איז געווען די באַוועגונג, וועלכע האָט געפירט צו גאַפּאָנס דעמאָנסטראַציע, די באַוועגונג האָט אַרויסגעבראַכט אַ מאַסע גאַנץ מערקווירדיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום גאַפּאָנען — אַ סך פון זיי זיינען דער־הרגעט געוואָרן! ער, גאַפּאָן, וועט אַ מאָל דערציילן וועגן דער ראָלע, וואָס ער האָט דערביי געשפּילט. ער אַליין איז אַ מערקוויר־דיקער מאַן, וואָס פאַר אַ שיינע זאַכן איר וואָלט געקאָנט שרייבן וועגן אים, אויב איר וואָלט אים באַגעגנט — וועגן אים און וועגן דער באַוועגונג, וואָס ער האָט אַרויסגערופן, און וועגן דער גאַנצער עפּאָכע...

איך וואָלט אייך געקענט אַזוי אָנשרייבן צען זייטן, ריידנדיק וועגן רוסלאַנד, אָבער גענוג!

איך האָב אייך געשיקט מיט אַ פּאָר טעג צוריק מיינס אַ בי־כעלע, זייט ברייטהאַרציק, איר ווייסט, ווי אַזוי דאָס קינד איז גע־קומען אויף דער וועלט ("אידעאַלן און רעאַליטעט אין דער רוסי־שער ליטעראַטור" — פּ. קראָפּאָטקין, לאָנדאָן, 1905; אַ נייע אויס־גאַבע פון דעם בוך אונטער דעם נאָמען: "רוסישע ליטעראַטור: אידעאַלן און רעאַליטעט" איז דערשינען אין לאָנדאָן, 1916. אין דעם עקזעמפּלאַר, וואָס קראָפּאָטקין האָט געשיקט צו געאָרג בראַנ־דעס, איז געווען אָנגעשריבן: "מיין טייערן פריינט געאָרג בראַנדעס. פּעטער קראָפּאָטקין. ער וועט דאָ ניט געפינען גאָרניט, וואָס זאָל זיין ניי פאַר אים, אָבער ער וועט דאָ געפינען זיינע אידעען וועגן דער רוסישער ליטעראַטור, אונטערגעשטראָכן פון זיין תלמיד און פריינט". אין קראָפּאָטקינס בוך ווערן ציטירט טיילן פון בראַנ־דעסעס סקיצע וועגן טורגעניעוו. בראַנדעסעס סקיצע וועגן טור־געניעוו ווערט דערמאָנט מערער מאָל אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן די צוויי פריינט — וול. גר.). איך וועל קיין מאָל ניט וואַגן אָפּצוגעבן זיך מיט ליטעראַרישער קריטיק. דעם אמת געזאָגט, איך ווייס גאָר ניט, ווי מען מאַכט עס. איך האָב אָבער זייער ליב אונדזער רוסישע ליטעראַטור, בפרט עטלעכע פון אונדזערע שריי־

בער, און איך האָב פּשוט געפילט אַ באַדאַרף צו דערציילן, ווי גוט זיי זיינען. דאָס בוך וועט אָפּט אַרויסרופן אַ שמייכל אויף אייערע ליפּן צוליב דער נאַאיווקייט פון דער באַגייסטערונג. אַנ־דערע וועלן דאָס אפשר ניט באַמערקן, אָבער איר וועט עס דערזען. נעמט עס דעריבער אָן, טייערער פריינט, ווי אַ טייל פון אַ קאָ־לעקטיווער אויטאָביאָגראַפיע, אַ באַווייז פון דעם, ווי די רוסישע ליטעראַטור האָט געווירקט אויף מיר און אויף טויזנטער מענטשן פון מיין דור.

די פּרעסע איז ביז איצט געווען זייער גינסטיק, אָבער דאָס זאָגט גאָרניט. מען נעמט איצט אין ענגלאַנד גאָרניט, וואָס האָט ניט קיין שייכות צו שאָוויניזם און רעליגיע. מודי, די בוכהאַנד־לונג, האָט גענומען, למשל, צוויי הונדערט קאָפּיעס פון ספּענסערס אויטאָביאָגראַפיע, ווייל מען האָט געמיינט, אַז דאָס איז "דאָס בוך פונעם סעזאָן". זעקס וואָכן נאָך דעם, ווי דאָס בוך איז דער־שינען, האָט דער פאַרוואַלטער פון דער בוכהאַנדלונג געזאָגט צו אַ רוסישן פריינט: "קיין מענטש לייענט עס ניט. ביז איצט האָט מען פאַרלאַנגט בלויז זיבן קאָפּיעס".

ס'איז דאָ אַן עולם, וואָס לייענט: דאָס איז דער אַרבעטער, דער קליינער אַנגעשטעלטער, די לערערין — אָבער זיי קויפן נאָר ביכער, וואָס קאָסטן פון 6 ביז 9 פּענס. די פאַרלעגערס ווילן אָבער האָבן טייערע ביכער און דאָס פּובליקום, וואָס קען באַ־צאָלן פאַר די טייערע ביכער, וויל לייענען נאָר אימפּעריאַליסטי־שע, נאַציאָנאַליסטישע און רעליגיעזע זאַכן. ביי דער בורזשואַזיע הערשט אַ שרעקלעכע רעאַקציע. דאָס פאָלק מעדיטירט, עס לייענט און עס פאַרטראַכט זיך.

מיין טייערער פריינט, ווי גייט עס אייך מיטן געזונט? זענט איר אין אַ גוטן צושטאַנד? זענט איר שטענדיק פריש און אַקטיוו? מיר האָבן זייער באַדויערט, וואָס איר זענט ניט געקומען. מען וואָלט דאָ געקאָנט אָרגאַניזירן עטלעכע פיינע לעקציעס... איך ווייס ניט, וואָס קומט דאָ פאַר מיט דעם ענגלישן פאָלק... עס קומט ביי זיי גאָרניט אַרויס — סיידן דאָס ווערט אונטערגענומען פון די גלחים אָדער פון די פרויען פון דער "פּרימראָז ליג"... (די

"פרימראָז ליג" איז די קאָנסערוואַטיווע אָרגאַניזאַציע, געווידמעט דעם אָנדענקען פון לאָרד ביקאָנספילד־דיזראַעלי, דעם בויער פון דער בריטישער אימפּעריע. — וול. גר.).

איך בין געזונט, אָבער אין דעצעמבער און אין יאַנואַר האָב איך פאַרבראַכט 7 וואָכן אין בעט — בראָנכאָ־פּנוימאָניאַ. עס זיי־נען נאָך פאַרבליבן אייניקע שפּורן, אָבער אין גרונט גענומען, איז עס אין אָרדענונג. סאָפיע און סאַשאַ (שוין אַ גרויס מיידל) שיקן אייך אַ סך, אַ סך גרוסן. מען האָט אייך שטאַרק ליב אין דער "וויאָלאַ".

אייער איבערגעגעבענער,

פּעטער קראָפּאָטקין".

דער ענטפער אויף דעם דאָזיקן האַרציקן און וואַרעמען בריוו איז אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט און טיפּיש פאַר דעם אייביק־ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט פון פּעטער קראָפּאָטקין. ער באַרירט אַ גאַנצע ריי פּראָבלעמען, ער רעדט קורץ, אָבער זיינע ווערטער שניידן ווי מיט אַ שאַרף מעסער. די געשיכטע גאַפּאָן געפעלט אים ניט. אים געפעלט אַ סך מער דער פינישער רעוואָלוציאָנער שאַו־מאַן, וועלכער האָט מיט אַ יאָר צוריק (16־טן יוני 1904) דערשאָסן דעם רוסישן גענעראַל־גובערנאַטאָר באָבריקאָוו (און באַלד דער־שאָסן זיך אַליין). דער מאָרד פון באָבריקאָוו האָט געמאַכט דענסט־מאָל אַ געוואַלדיקן איינדרוק אין דער גאַנצער וועלט. געאָרג בראַנדעס האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם קאַמף פון פינלאַנד פאַר דער באַפרייאונג פון די אייזערנע קייטן, וואָס דער צאַריזם האָט אויף איר אַרויפגעלייגט.

פון אַלע עקן פון דער רוסישער אימפּעריע קומען אָן האַרצ־רייסנדיקע געשרייען וועגן אייַן בלוטבאָר נאָכן אַנדערן. און בראַנ־דעס האַלט ניט פאַר נייטיק צו פאַרשווייגן זיין צאָרן, ווען ער שרייבט צו זיין פריינט.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 18 יוני 1905.

„זייער טייערער און זייער גרויסער פריינט,

זיכער דאַרפט איר ניטריידן אַזוי באַשיידן וועגן אייער בוך מיט ליטעראַרישער קריטיק, איר, וועלכער דריקט זיך אויס איינ־פאַך און אַזוי טיפזיניק וועגן זאַכן, וועלכע איר קענט גרינטלעך און מיט וועלכע איר זענט פאַרבונדן אייער גאַנץ לעבן. איר האָט דאָך ניט די אַמביציע צו געפינען אַ נייע ליטעראַריש־קריטישע מעטאָדע; איר זענט אומרואיק און איר רופט אַרויס עמאָציעס. איך וואָלט ניט געקאָנט אָנשרייבן אַזאַ בוך, סיידן איך וואָלט גע־דאַרפט ריידן וועגן אונדזערע ליטעראַטורן אין צפון, אָבער זיי פאַרכאַפּן מיר ניט אַזוי, ווי איר זענט פאַרכאַפּט פון אייער ליטע־ראַטור.

איך גלייב, אַז איר וועט האָבן די אמתע הצלחה ביים ענג־לישן פּובליקום. עס מוז דאָרט זיין אַן עליטע פון מענטשן מיט האַרץ און מיט גייסט, וואָס לייענט אַזעלכע ביכער.

ביי אונדזביידן בלוטיקט דאָס האַרץ. איר זענט די גאַנצע צייט געווען אַ גרעסערער אָפּטימיסט ווי איך. איר לעבט מיט האָפענונגען. איך בין אָבער ביז צום טויט געפּלאָגט צוליב דער לאַנגזאַמקייט פונעם פּראָגרעס. איך האָב דאָ ביי מיר אַ קליין ביכעלע, וואָס איז געשריבן מיטן צוועק צו פאַרהערלעכן גאַפּאָנען. איר זענט אויך פול מיט ליבגעזאַנגען פאַר אים. אָבער, גאָט מײַ־נער, אַרויספירן אַ מאַסע אומבאַוואָפנטע מענטשן אויף דער גאַס און לאָזן זיי צעשיסן — וואָס איז דאָ צו באַוואונדערן?

יעדע מינוט לייען איך אַרטיקלען, געשריבן פון רוסן, וואו מען זאָגט אַן, וואָס וועט געשען, ווען די רעוואָלוציע וועט זיגן, אָבער דערווייל קומען־פאַר שחיטות אָן אַ סוף, מען הרגעט אַרמע־ניער, יידן, אינטעלעקטואַלן, פּאָליאַקן; אַ העלפט פונעם רוסישן פאָלק באַשטייט דאָך פון מערדערס. און די קרבנות זיינען, מיט אַ קליינעם אויסנאַם, מענטשן אָן איניציאַטיוו. אַפילו אין אונדזערע

סקאַנדינאַווישע צייטונגען מעלדעט מען, ווי אַ נצחון פאַר דער רעוואָלוציע, ווען קאָזאַקן האָבן בשעת אַ רעוואָלט געשמיסן אָדער אויסגעהרגעט עטלעכע הונדערט מענער, פרויען און קינדער.

אויב גאַפּאָן איז דער גרויסער מאַן — און אויב איר זאָגט עס, איז ער דאָס — מיין איך, אַז ער האָט עס נאָך ניט באַוויזן. עס דאַכט זיך מיר, אַז ער האָט אויפגעטאָן ווייניקער ווי אַ שאַר־לאַטאַן, וועלכער האָט דערהרגעט אַ מאַנסטער.

אַ קליינע ענגלישע פרוי, וועלכע איז געקומען פון דאַנען, האָט געהאַט אַ לאַנגע דיסקוסיע מיט אייער סאַשאַ אָנשטאָט איבער־צוגעבן אייך מיין גרוס. דאָס האָט מיך אַמוזירט און איריטירט, ווייל איך באַוואונדער סאַשאַן און איך וואָלט וועלן, אַז יעדע פער־זאָן, וואָס קומט פון קאָפּענהאַגען, זאָל אויף איר מאַכן דעם בעסטן איינדרוק.

אייער איבערזעצערין, פרוי דראַכמאַן, האָט מיר דערציילט וועגן אייך, ווען זי האָט מיך דאָ באַזוכט מיט אַ קורצער צייט צוריק.

איך בין פאַרנומען איצט מיט פראַנקרייך פון 18־טן יאָרהונ־דערט און האָב אויך געדרוקט אַ בוך מיט דענישע סקיצן.

מיר האָבן דאָ געהאַט אונדזער קליינע אומבאַדייטיקע רעוואָ־לוציע אין נאָרוועגיע. די נאָרוועגיער געפינען שטענדיק אַ גרונט צו באַוואונדערן נאָך אַ מאָל זיך אַליין. ס׳איז אַ פאָלק "אַ נאַרציז" (שפיגלט זיך שטענדיק אינעם טראָפּן). איך פרעג זיך נאָר, ווען זיי אַ מאָל אויפהערן צו באַוואונדערן נאָר זיך אַליין? איך בין אַן אַלטער סקאַנדינאַווער און איך וואָלט וועלן, אַז די דריי לענ־דער זאָלן ווערן איינס.

איך האָב אייך ליב פון גאַנצן האַרצן און איך בעט אייך צו גריסן דאָס הויז ק.

אייער פריינט,

געאָרג בראַנדעס".

אַ פּאָר קורצע באַמערקונגען אינעם בריוו פון געאָרג בראַנ־דעס נייטיקן זיך אין אַן אויפקלערונג, ווייל זיי האָבן צו טאָן מיט

זייער וויכטיקע ענינים. ערשטנס, די לעצטע באַמערקונג וועגן נאָר־וועגיע. אין יאָר 1905 האָט נאָרוועגיע, וואָס האָט געהערט צו אַ מלוכה־בונד מיט שוועדן, דאָס הייסט, געהערט צו דער שוועדישער קרוין, זיך דערקלערט אומאָפּהענגיק און גענומען זיך דעם דענישן פּרינץ קאַרל פאַר אַ קעניג אונטער דעם נאָמען: האַקאָן דער זיבעטער. דער קאָנפליקט צווישן שוועדן און נאָרוועגיע האָט צייטנווייז אָנגענומען זייער שאַרפע פאָרמען. אַ קרבן פון דעם קאָנפליקט איז צווישן אַנדערע געווען אויך דער איינציקער זון פון הענריק איבסען, זיגפריד, וועלכער איז אַ געוויסע צייט געווען דער נאָרוועגישער אַמבאַסאַדאָר אין שטאָקהאָלם און שפּעטער אַ גאַנץ קורצע צייט נאָרוועגישער פּרעמיער־מיניסטער. ער איז אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן געוואָרן, ווערנדיק באַשולדיקט אין ניט זיין גענוג נאָרוועגיש־נאַציאָנאַל. געאָרג בראַנדעס האָט ניט געוואָלט נעמען וועלכן עס איז אָנטייל אין דעם קאָנפליקט צווישן נאָרוועגיע און שוועדן און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שרייבן וועגן דעם ענין.

די פּאָר ווערטער פון געאָרג בראַנדעס: "איך בין פאַרנומען איצט מיט פראַנקרייך פון 18־טן יאָרהונדערט" באַדייטן זייער פיל. בראַנדעס האָט געהאַלטן יענער צייט אַ סעריע לעקציעס אין דענעמאַרק און דייטשלאַנד וועגן פראַנסואַ וואָלטער, דעם גרויסן פראַנצויזישן דיכטער און דענקער פון 18־טן יאָרהונדערט, וועלכער האָט מער ווי וועלכע עס איז אַנדערע פּערזענלעכקייט פון דער עפּאָכע פאַר דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע באַגייסטערט אונדזער ליטעראַטורקריטיקער. אין וואָלטערן האָט בראַנדעס געזען ניט נאָר דעם אויסערגעוויינלעך־רירעוודיקן, קלוגן און אוניווערסאַל־געבילדעטן דיכטער און שרייבער, נאָר אויך דעם גייסט, וואָס האָט אומעטום אָנגעצונדן דאָס פייער פון דער קומענדיקער רעוואָלוציע, אונטערגעגראָבן די יסודות פון דער "באַשטייענדיקער אָרדענונג" און געווען קעגנעריש צו אַלע מאַכטהאָבנדיקע אויטאָריטעטן, ניט מורא האָבנדיק פאַר נייע פאַרפאָלגונגען. עס וואָלט ניט געווען צו פיל צו זאָגן דאָ, אַז אין זיינע עלטערע יאָרן האָט בראַנדעס אויף זיך געקוקט ווי אויף אַ גייסטיקן יורש פון דעם

געניאַלן פראַנצויז און זיינע אויפטוען — אַ מוסטער פון אַ וועלט־בירגער מיט אָפענע אויגן און אַ קוראַזש אָן גלייכן...

דאָס גרויסע בראַנדעס־ווערק וועגן וואָלטערן — צוויי ריזנבענדער מיט איבער עלף הונדערט זייטן — איז דערשינען אין 1916—1917. ער האָט אַ גרויסן טייל פון זיין לעבן געווידמעט די "ענציקלאָפּעדיסטן" אָבער מער פון אַלעמען פראַנסואַ וואָלטערן.

די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה האָט זיך געענדיקט מיט אַ שרעקלעכער מפּלה פאַר רוסלאַנד. די רוסישע אַרמיי אויפן ווייטן מזרח איז צעשמעטערט געוואָרן און דער פלאָט פון אַדמיראַל ראָזשדעסטווענסקי איז פאַרניכטעט געוואָרן אויף אַ שענדלעכן אופן. רוסלאַנד האָט געמוזט קאַפּיטולירן.

אין לאַנד גופא איז די אומרו געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. די רעוואָלטן פון די פּויערים האָבן ניט געקענט דערטרונקען ווערן אין די טייכן בלוט, וואָס אַלערליי "אוסמיריטעלעס" האָבן פאַרגאָסן. מען איז געשטאַנען גאַנץ נאָענט צו אַן אַלגעמיינעם צוזאַמענברוך.

עס איז דאָ אַ לעגענדע, אַז נאָך דער מפּלה פון רוסלאַנד אין דער קרימער מלחמה (1855) האָט ניקאָלאַי דער ערשטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך נעמען סם. וועגן ניקאָלאַי דעם צווייטן קען אַזאַ לעגענדע ניט געשאַפן ווערן. ער האָט באַשלאָסן צו ראַטעווען דעם רעזשים דורך אַ שפּיל מיט קאָמפּראָמיסן, דורך "שענקען" דעם פאָלק אַ מין קאָנסטיטוציע און אין דער אייגענער צייט אָרגאַניזירן די פינצטערע, רעאַקציאָנערע כוחות פון לאַנד. גראָד אין דער צייט אַרום דעם "ליבעראַלן" מאַניפעסט פון 7־טן אָקטאָבער 1905 אָרגאַניזירן זיך ווי אַ שטאַרקע מאַכט "דער פאַרבאַנד פון פאַראייניקטן אַדל" ("סאָיוז אָביעדיניאָננאָוואָ דוואָריאַנסטוואַ") און די פּאָגראָם־פאַראייניקונג "דער פאַרבאַנד פונעם רוסישן פאָלק" ("סאָיוז רוסקאָוואָ נאַראָדאַ"). ביידע אָרגאַניזאַציעס אונטער דעם פערזענלעכן פּאַטראָנאַזש פון ניקאָלאַי דעם צווייטן. ביידע האָבן צוגעגרייט די רעוואָלוציע...

ביידע, אי פעטער קראָפּאָטקין, אי געאָרג בראַנדעס, האָבן נאָכגעפאָלגט די געשעענישן אין רוסלאַנד מיט דער גרעסטער

שפּאַנונג.ביידע, יעדער אויף זיין אייגענעם אופן, האָבן געקענט זייער גוט דאָס ריזיקע לאַנד, וואָס האָט זיך צעשפּרייט פונעם באַלטישן ים ביז וולאַדיוואָסטאָק. בראַנדעס האָט באַזוכט רוסלאַנד, פינלאַנד און פוילן (דענסטמאָל טיילן פון רוסלאַנד) און האָט געטראָפן אַ גרויסע צאָל אויסערגעוויינלעכע, רעפּרעזענטאַטיווע רוסישע פּערזענלעכקייטן אין פּאַריז; ער האָט זיך באַגעגנט צווישן אַנדערע מיט וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, דעם אָריגינעלן פילאָזאָף, מיט פּראָפעסאָר מאַקסים קאָוואַלעווסקי, מיט מערעזשקאָווסקי, מיט אַ סך אַנדערע. דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון פינלאַנד און פוילן פון דער רוסישער אויבערהערשאַפט איז פאַר געאָרג בראַנדעס געווען אַ הייליקער ענין. זיין גרויסער אינטערעס פאַר רוסלאַנד און רוסישער קולטור האָט אָן שום צווייפל געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער פריינטשאַפט צווישן אים און קראָפּאָטקין, האָט אים אינספּירירט צו שרייבן די באַקאַנטע הקדמה צו קראָפּאָטקינס "זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָנער". און איצט, וואָס נאָענטער צום יאָר 1905, איז געקומען דער קריטישער מאָמענט פאַר דער פריינטשאַפט. די צוויי פריינט האָבן ניט געהאַט דעם אייגענעם קוק אויף די געשעענישן אין רוסלאַנד.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ בראָמליי, קענט,
27 דעצעמבער 1905.

"טייערער פריינט,

מען דאַרף זיין אַזאַ גוטער ווי איר, כדי צו שרייבן מיר, ניט געקוקט אויף מיין שווייגן, וואָס מען קען ניט מוחל זיין. אָט זייענען אַוועק פינף־זעקס חדשים און איך ווייס גאָרניט, ווי אַזוי און וואוהין איז די צייט אַוועקגעגאַנגען. די געשעענישן אין רוסלאַנד נעמען צו מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט — דאָס גאַנצע האַרץ. צי איך שרייב בריוו צו מיינע רוסישע פריינט אָדער איך טו עפּעס אַנדערש — מיינע געדאַנקען זיינען שטענדיק דאָרט — און איך

זע, אַז פון דאַנען קען מען גאָרניט מאַכן. מען דאַרף זיין אויפן פּלאַץ, און יאַנואַר פאָרן מיר אַוועק קיין רוסלאַנד. דאָס וואָלט שוין געשען אַ לאַנגע צייט צוריק, ווען ניט די אַלערליי שוועריקייטן, וואָס די רעגירונג מאַכט פאַר עמיגראַנטן. מען האָט גע־דאַרפט בעטן די דערלויבעניש צוריקצוקומען ביי דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט — דאָס וואָלט געמאַכט אַבסאָלוט אוממעגלעך דאָס צוריקקומען, און אַריינקומען באַהאַלטענערהייט און זיך באַהאַלטן — ניין, צו גוט קען מיך די ענגלישע פּאָליציי און אויך די אינ־טערנאַציאָנאַלע פּאָליציי... חוץ דעם, ביי מיין עלטער טאָן עפּעס באַהאַלטענערהייט וואָלט געהייסן גאָרניט צו טאָן, סוף כל סוף וועלן מיר אין גיכן פאָרט אַריינקומען, אָפן אַריינקומען. איך וואַרט נאָר צו באַקומען צו וויסן, צי איך וועל זיך דאַרפן שטעלן פאַר אַ געריכט פון אומגערעכטיקייט « devant une Cour d'Injustice ». די אַמניסטיע פאַרשפּרייט זיך ניט אויף די "וואָס דער פּסק־דין האָט זיי ניט דערגרייכט", און מען קען פאַרלאַנגען, אַז קומענדיק צוריק זאָל איך זיך שטעלן פאַר אַ טריבונאַל...

סאָפיע און סאַשאַ זיינען אויך געשפּאַנט, זיי ברענען מיט דעם פאַרלאַנג צו פאָרן. מיר קענען גאָרניט טאָן...".

דער בריוו פון געאָרג בראַנדעס, אויף וועלכן קראָפּאָטקין ענט־פערט דאָ איז ניטאָ. אויך איז ניט קלאָר וועגן וועלכן אַרטיקל רעדט ער ווייטער אין דעם בריוו. מען באַקומט נאָר צו וויסן, אַז קראָפּאָטקין איז אינגאַנצן פאַרכאַפּט פון דעם, וואָס ער באַטראַכט שוין כמעט ווי אַ געשעענע איבערקערעניש אין רוסלאַנד, אַז ער איז גרייט צו זען דעם טייערסטן און טיפסטן חלום פון זיין לעבן כמעט רעאַליזירט.

קראָפּאָטקין שרייבט:

"— דער אויספיר פונעם אַרטיקל, וועגן וועלכן איר רעדט, איז גראָד דאָס, וואָס איך מיין. איך האָב אַ סך געשטודירט די גע־שיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע — אָבער אַז מען קען זי אין איר אינטימען לעבן, איז זי גאָר אַנדערש ווי זי זעט

אויס פון די ביכער. מיר האָבן אַבסאָלוט דאָס אייגענע אין רוס־לאַנד. די געשעעענישן קומען נאָר גיכער; דאָס וואָס איז געשען אין 1792־93, האָט זיך אָנגעהויבן פון צוויי זייטן, איידער עס האָט זיך פאַרזאַמלט די קאָנסטיטואַנטע. דערצו קומט אין אונדזער פאַל, אַז פון איין זייט איז די אַרמיי אָן אַ שיעור שטאַרקער און פון דער אַנדערער זייט זיינען די פאָדערונגען פון די אַרבעטער אין די שטעט און פון די פויערים אַ סך גרעסער, אַ יאָרהונדערט פון סאָציאַליסטישער פראָפּאַגאַנדע מוז נאַטירלעך האָבן זיין איינ־פלוס.

די רעוואָלוציע וועט דויערן דריי־פיר יאָר, דאָס איז זיכער. שוין דאָס איינציקע יאָר פון רעוואָלוציע האָט פאַרוואַנדלט דאָס רוסישע פאָלק אינגאַנצן אין אַן אַנדער פאָלק, ווי עס איז געווען אין נאָוועמבער 1904. (אונטערגעשטראָכן פונעם מחבר פונעם בריוו. — וול. גר.). ס'זיינען אַנדערע אידעען, אַנדערע כוחות, אַן אַנדערער האַס, אַנדערע ליידנשאַפטן — אַנדערע מענטשן זיינען געבוירן, צווישן זיי אויסערגעוויינלעך־באַמערקווערטיקע, ווי דער כרוסטאַלעוו (נאָסאַר) — אַן אַרבעטער אַ סטודענט. און מענטשן פון דעם מין זיינען שוין דאָ — אין די הונדערטער, אומעטום.

דאָס איז שוין אַ געשעענער פאַקט. דער גייסט פון פאָלק איז אַ נייער (קראָפּאָטקינס באַטאָנונג. — וול. גר.).

איר וואָלט נאָר באַדאַרפט זען די רוסישע צייטונגען, למשל, די צייטונג "רוס" (אַ מאָדערנע ראַדיקאַלע), וואָס ברענגט אויף אירע שפּאַלטן אַלץ: באַריכטן פון די פאַרזאַמלונגען, די רעדעס, בריוו פון אַרבעטער א. א. וו.

אַ נייע וועלט איז געבוירן, אין די שטעט און אין די דערפער.

אַ נייע וועלט אין דעם זינען, אַז די, וואָס האָבן ביז איצט ניט געוואַגט צו עפענען אַ מויל, און האָבן דעריבער ניט געקענט זיך אַליין, האָבן אָנגעהויבן ריידן און טאָן און אויף אַזאַ אופן האָט זיך איינגעפינען אַ רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ, אַ מוטיקע און באַוואוסטזיניקע. און אַזעלכע זיינען דאָ טויזנטער אומעטום:

— אַ ניי פאָלק איז געבוירן. The birth of a new nation.
דערמיט איז אַלץ געזאָגט!

דער אַלטער רעזשים איז טויט, טויט אויף אייביק. וואָס איז נוגע דעם נייעם רעזשים, וועט עס נעמען אַ שטיק צייט, ביז ער וועט זיך קאָנסטיטואירן. די פראַגע ווערט קאָמפּליצירט צוליב די סאָציאַלע פּראָבלעמען:

„אַרבעטער, נעמט די פאַבריקן!
פויערים נעמט צו די ערד!"...

(דאָס איז דער רעפריין פון טשאַרלי קלערס ליד „דאָס רעכט פונעם אַרבעטער" — וול. גר.).

אָבער אַ כאַאָס קען ניט פאַרבלייבן פּערמאַנענט. אַ נייע געזעלשאַפט מוז זיך קאָנסטיטואירן — און זי וועט זיך קאָנסטיטואירן.

וואָס מיך פּייניקט — דאָס איז די מורא, אַז עס זאָל ניט אויסברעכן קיין מלחמה און דאָס קען געשען אין אַ חודש צייט פון היינט. לויט מיינע ידיעות, וואָס קומען פון צוויי אויסגעצייכנטע מקורות, דערביי איינע פון וויכטיקע פינאַנץ־קרייזן (דאָס איז צווישן אונדז), קען דער קריג אויסברעכן יעדן מאָמענט (אונטערגעשטראָכן פונעם בריוו־שרייבער — וול. גר.). ביידע רעגירונגען, אי די דייטשע, אי די פראַנצויזישע, האַלטן די מלחמה פאַר אוממײדלעך און דייטשאַלנד זוכט נאָר אַ פּרעטעקסט אויף אָנצוהייבן זי".

מען לייענט די שורות פון פּעטער קראָפּאָטקין מיט אַ ציטער אין האַרצן — ער גלייבט מיט לייב און לעבן, אַז דער חלום, וואָס ער האָט צענדליקער יאָרן געחלומט, האַלט טאַקע ביי פאַרווירקלעכט ווערן. ער באַטראַכט די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע לאַגע און האָט מורא, אַז די באַרימטע רייזע פונעם דייטשן קייזער ווילהעלם דעם צווייטן קיין אַלזשיר און מאַראָקאָ קען אפשר זיין דער אויסרייד, וואָס דייטשלאַנד זוכט זיך און דערמיט קען געשטערט ווערן דער גאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. עס איז אמת, אַז ווילהעלמס רייזע קיין מאַראָקאָ האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פּאַניק, אָבער די דייטשע פּראָוואָקאַציע האָט זיך פאַרט ניט איינגעגעבן. עס האָבן געדאַרפט אַוועקגיין נאָך ניין יאָר, איידער עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה.

קראָפּאָטקין גייט אָן ווייטער אין דעם זעלביקן בריוו צו בראַנ־דעסן אַזוי, ווי ער וואָלט גערעדט מיט זיך אַליין:

„— פערזענלעך וואָלט איך אַרויסגעזאָגט אַזאַ מיינונג: „דער פּראָטעקסט וועט ניט זיין מאַראָקאָ". בשעת די ענגלישע קאָנסער־וואַטיוון האָבן געגרייט די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און פראַנק־רייך, האָבן זיי אין זייער אָפּמאַך מיט פראַנקרייך אַריינגעשטעלט די קלאַוזול, וואָס גאַראַנטירט פראַנקרייך די הילף פון דער ענגלישער אַרמיי „אין פאַל דייטשלאַנד זאָל דערקלערן אַ מלחמה פראַנק־רייך צוליב מאַראָקאָ". מוז דייטשלאַנד געפינען אַן אויסוועג און דערקלערן די מלחמה אין אַזעלכע אומשטענדן, וואָס פאַרפליכטן ניט ענגלאַנד צו נעמען אַן אָנטייל אין איר. און אַזוי ווי די ענג־לענדער אַליין, בפרט די ליבעראַלן, ווינטשן זיך ניט קיין בעסערס ווי צו פראָפיטירן פון דער מלחמה, אַזוי ווי זיי האָבן עס געטאָן מיט די יאַפּאַנער, ניט נעמענדיק קיין אָנטייל אין איר — די הלוואה איז געווען אויף 6 פראָצענט און צו אַ פּרייז פון 89 פאַר אירע „טייערע" פאַרבינדעטע — וועט עס זיין די אויפגאַבע פון אַ גוטער דיפּלאָמאַטיע צו געפינען אַ קאָנפליקט מיט דייטשלאַנד אויף אַן אַנדערן אופן.

מיין האַרץ בלוטיקט ביים געדאַנק פון אַ מלחמה, אַזוי ווי עס האָט געבלוטיקט בשעת דער מלחמה אין מאַנדזשוריע...".

פּעטער קראָפּאָטקין רעדט אַרום פאַרשידענע מעגלעכע קאָמ־בינאַציעס אין פאַל פון אַ דייטש־פראַנצויזישער מלחמה, מאַכט צופעליקע באַמערקונגען וועגן דעם כאַראַקטער פון ענגלישע פּאָ־ליטיקער און דערציילט, אַז ער האָט באַזוכט צוזאַמען מיט זיין טאָכטער פּאַריז, וואו ס'איז אים פאַרבאָטן געווען צו זיין זינט דעם יאָר 1896.

„— יאָ, טייערער פריינט, מיר האָבן פאַרבראַכט דעם זומער, זיבן וואָכן, אין פראַנקרייך, אין ברעטאַן. קיין מאָל, ווי עס זאָגן סאָפיע און סאַשאַ, איז דער זומער ניט געווען אַזוי אַנגענעם ווי

דאָס מאָל. מיר זיינען געווען צוזאַמען מיט צוויי רוסישע פאַמי־ליעס, אינגאַנצן אַ צוואַנציק מענטשן, און מיין טייערער דזשעמס ווילהעלם איז אויך געווען מיט אונדז. עס איז געווען אַזאַ פאַר־געניגן צו זיין מיט דער רוסישער יוגנט. מיר זיינען געפאָרן מיט סאַשאַן קיין פאַריז אויף פופצן טעג און דאָ האָב איך געהאַט אַ זעקס־זיבן פאַרזאַמלונגען מיט די פריינט, די פראַנצויזישע אַנאַר־כיסטן און רוסישע רעוואָלוציאָנערן. איך בין באמת געווען גליק־לעך — און סאַשאַ נאָך מער — אַרומגייענדיק איבער פאַריז, באַ־זוכנדיק די מוזייען, "נאָטר דאַם" א. א. וו. איך האָב ליב פראַנק־רייך. איך בין אַ ביסל אַריינגעפאַלן ביי אונדזערע פריינט די אַנטי־מיליטאַריסטן, ווייל איך האָב געזאָגט און עס ווידער איבערגע־חזרט, אַז איין זאַך באַדויער איך: אַז אין פאַל פון אַ דייטש־פראַנ־צויזישער מלחמה וועל איך זיין צו אַלט אַריינצוטרעטן אין די לע־גיאָנען פון די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערע שיסערס. אָבער — אַזוי איז דאָס לעבן, מען טראַכט: מען ווערט פאַרכאַפּט פון לײדנ־שאַפטן... און דאָ (אין ענגלאַנד. — וול. גר.) איז אַלץ טויט! דאָס פּראָבלעם איז וויפיל פונטן, שילינג און פענסן וועלן אַנפילן די קעשענעס פון די ליבעראַלן, וויפיל געלט וועט האָבן די און די פאַרטיי אויף די וואַלן... עס איז אַ מין ניי האָלאַנד, וואָס גייט אונ־טער דערפאַר, ווייל עס איז געוואָרן דער געלט־צענטער פאַר דער גאַנצער וועלט, וועלכער לעבט פריער פון אַלץ און בעיקר, כדי צו באַנוצן זיך מיט דער שער אויף צו שניידן קופאָנס און נע־גליזשירט אַלץ: אַגריקולטור, אינדוסטריע, דערציאונג.

עס זיינען דאָ אויסגעצייכנטע מענטשן, וועלכע וואָלטן זיך מיט באַגייסטערונג אַריינגעוואָרפן אין אַ באַוועגונג, ווי למשל, אייער דענישע יוגנט אין די 60־ער יאָרן, אָבער עס פעלט זיי דער שוואונג, דאָס קענען פאַרכאַפּט ווערן, אָדער דער פּרעטעקסט — און שניידט מען קופאָנען און מען רעכנט אויס וויפיל הונדערטער מיליאָנען פונטן שטערלינג קומען אַריין פון די אַלע הלוואות אין דער וועלט! —

אָבער גענוג עס האָט אייך שוין געמוזט נמאס ווערן פון אַלע מיינע רייד...

ווי איז עס מיט אייער געזונט, מיין טייערער, גרויסאַרטיקער פריינט! זענט איר אין אָרדענונג? און אַלץ אַזוי ענערגיש? וואָס מאַכט מיס עדיט?

סאָפיע און סאַשאַ שיקן אייך די בעסטע גרוסן און באַדויערן, וואָס זיי האָבן אייך ניט געזען אַזאַ לאַנגע צייט.

איך נעם אייך אַרום און גריס אייך פון מיין טיפן האַרצן.

פעטער קראָפּאָטקין״.

פון קראָפּאָטקינס בריוו שפּריצט מיט יוגנט, מיט פרישער ענערגיע, מיט גרייטקייט אַריינצואוואַרפן זיך אין אַ נייער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג. דער אָנהויב פון די שטורמישע געשעע־נישן אין רוסלאַנד האָט אים אָנגעפילט מיט אַזוי פיל האָפענונגען און מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז ער גרייט זיך שוין צו פאַרלאָזן מערב־אייראָפּע און אומקערן זיך קיין רוסלאַנד, וואו אַ ״ניי פאָלק איז געבוירן געוואָרן״. ער קען זיך גאָרניט פאָרשטעלן, אַז זיין פריינט, געאָרג בראַנדעס, איז דערשיטערט פון דעם געדאַנק אַליין, אַז קראָפּאָטקין קען זיך לאָזן אין וועג, בשעת אין רוסלאַנד הערשט שוין אַ בלוטיקע קאָנטער־רעוואָלוציע און פאָרן ״אַהין״ הייסט פשוט צו ריזיקירן מיטן לעבן. די אויסניכטערונג וועט באַלד קומען אויך אין הויז פון פעטער קראָפּאָטקין. געאָרג בראַנדעס באַשווערט אים ניט צו וואָגן אַפילו צו ריזיקירן.

פאַר דעם ברויזנדיקן יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט פון קראָפּאָט־קין איז כאַראַקטעריסטיש דער צוגאָב צו דעם ערשט־געבראַכטן בריוו זיינעם. דער בריוו פאַרנעמט 4 געדרוקטע זייטן, אָבער נאָך אַלע נייעס האָט ער נאָך עפּעס מיטצוטיילן זיין פריינט אין קאָ־פּענהאַגען:

״ — ווען איך בין געקומען קיין פּאַריז, האָט מען אַנולירט דעם (אַלטן) באַפעל וועגן אַרויסשיקן מיך. עס וואָלט באמת גע־מאַכט אַ שלעכטן איינדרוק, אויב מען וואָלט מיך געהייסן אַוועק־פאָרן אָדער געלאָזט מיך זיצן זעקס חדשים פאַר דעם איבעררייס פון זעקס יאָר.

טויזנט מאָל אַ דאַנק איך פאַר אייער „יונג דייטשלאַנד" (דאָס איז איינס פון די זעקס בענדער פון בראַנדעסעס באַרימטע ווערק „הויפּטשטרעמונגען פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור אין 19־טן יאָרהונדערט" — וול. גר.). מיר לייענען דאָס בוך, סאַשאַ און איך, מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן. עס איז אַלץ דאָרט אַזוי גוט, אַזוי גוט! איך האָב איך געשיקט די דייטשע איבערזעצונג פון מיין „רוסישע ליטעראַטור". איך וועל אייך אויך שיקן די רוסישע אויס־גאַבע פון מיינע מעמוארן (— אָן שום פאַרקירצונגען — ). וועלכע זיינען דערשינען אין פעטערבורג — ביז איצט שוין אין צוואַנציק טויזנט קאָפּיעס. איך וועל אייך שיקן מיין „ווערטער פון אַ רעוואָ־לוציאָנער", פון וועלכן איך האָב באַקומען די קאָרעקטורן, עס וועט שוין גיין, עס וועט שוין גיין!".

## דרייצנטער קאַפּיטל

געאָרג בראַנדעס האָט געמוזט גאַנץ באַזונדערס זיין צופרידן מיט דער לעגאַלער רוסישער אויסגאַבע פון קראָפּאָטקינס "זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָנער" מיט זיין ניט וויניקער באַקאַנטן אַריינ־פיר צום בוך. אונדזערע לייענער געדענקען, אַז אין זיין הקדמה צו קראָפּאָטקינס זכרונות האָט געאָרג בראַנדעס דערקלערט, אַז דאָס איז דאָס אינטערעסאַנטסטע בוך, וואָס ער האָט ווען עס איז געלייענט אין זיין לעבן. אַ ניט־פרייע, אַזוי־גערופענע "אומלעגאַ־לע" רוסישע אויסגאַבע פון די זכרונות צוזאַמען מיט דער הקדמה פון געאָרג בראַנדעס האָט דער שרייבער פון די שורות געלייענט אין רוסלאַנד מיט אַן ערך זעכציק יאָר צוריק. דער נאָמען פון דעם דעניש־יידישן ליטעראַטור־היסטאָריקער איז צו יענער צייט געווען זייער באַקאַנט אין רוסלאַנד. אַזוי ווי רוסלאַנד האָט דענסטמאָל — פונקט אַזוי ווי סאָוויעט־רוסלאַנד היינט — ניט געוואָלט זיין קיין שותף צו דער "בערנער קאָנווענץ" אויף צו באַשיצן אויטאָרן־רעכט, האָבן רוסישע פאַרלעגער, און גראָד גרויסע פאַרלעגער, ווי למשל, פאַוולענקאָוו, אַרויסגעגעבן די ווערק פון בראַנדעסן אַזוי פיל ווי־פיל זיי האָבן געוואָלט. זיינע ווערק זיינען אַ סך געלייענט געוואָרן אין רוסלאַנד.

פעטער קראָפּאָטקין האָט אָוועקגעשיקט זיין לאַנגן ענטוזיאַס־טישן בריוו קיין קאָפּענהאַגען דעם 27־טן דעצעמבער. ער האָט זיך קוים געקענט פאַרשטעלן, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום, שוין דעם 1־טן יאַנואַר 1906, וועט אים געאָרג בראַנדעס שרייבן און אים לאָזן צו וויסן, וואָס פאַר אַ דראַמע עס שפּילט זיך אָפּ אין רוסלאַנד...

עס איז היינט, איבער פופציק יאָר נאָך די געשעענישן פון יענער צייט אין צאַריסטישן רוסלאַנד, אַ סך קלאָרער און דייט־לעכער פאַר אונדז דער צוזאַמענבראָך פון דעם אַלטן רעזשים. אין קנאַפּע אַכט יאָר נאָך דעם מאַניפעסט פון 17־טן אָקטאָבער און נאָך דער קאָנסטיטוציע איז געקומען די ערשטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צו דעם רעזשים און צו דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע. אין דער קורצער צייט האָט די רעגירונג צעטריבן דעם פּאַרלאַמענט (די דומע), איבערגעמאַכט די קאָנסטיטוציע, חוזק גע־מאַכט אַפילו פון דער נייער, רעגירונגס־געטרייער דומע און דע־מאָראַליזירט דעם גאַנצן אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט. אין דער קור־צער צייט איז גאַנץ רוסלאַנד פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ כוואַליע בלוטיקע פּאָגראָמען און אַרבעטער־ און פּויערים־אומרוען. די רע־גירונג, דער "פאַראייניקטער אַדל" און דער קייזערלעכער הויף, וועלכער האָט אָפן געשפּילט די ראָלע פון אַ פּאַטראָן און באַשיצער פון די פּאָגראָם־באַנדעס — אַלע האָבן זיי שוין פאַרגעסן די לעק־ציע פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. עס איז געווען אַ פּאָלי־טיק פון זעלבסטמאָרד.

קאָפּענהאַגען, די הויפּטשטאָט פון דענעמאַרק, וואו געאַרג בראַנדעס האָט געלעבט און געאַרבעט, וועלטבאַרימט, אָבער אַ היפּש ביסל איזאָלירט, איז געווען אַ באַזונדערס סענסיטיווער צענטער פאַר אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו די געשעענישן אין רוס־לאַנד. די מוטער פון ניקאָלאַי דעם צווייטן, די קייזערין מאַריאַ פיאָ־דאָראָווגאַ, אַ וויכטיקע פּערזאָן אין דער פּעטערבורגער הויף־קאַ־מאַרילע און ניט־ווייניק פאַרפּלאָנטערט אין די שווינדל־קאָנצע־סיעס אין קאָרעאַ, וועלכע האָבן געפירט דירעקט צו דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, איז געווען דער שטאָלץ פון איר פריערדיקן פאָ־טערלאַנד. קאָפּענהאַגען האָט געהאַט אַ מאַסע קאָנטאַקטן מיט רוס־לאַנד. מער ווי ערגעץ־וואו האָט מען דאָרטן געוואוסט, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אין רוסלאַנד, דאָס האָט באַדייט אַ סך.

דער בריוו פון פּעטער קראָפּאָטקין, פול מיט באַגייסטערונג און האָפענונגען, פול מיט באַוואונדערונג פאַר דעם "ניי־געבוירע־

נעם״ רוסישן פאָלק, זיין מוט און דראַנג צו נייע דערגרייכונגען, האָט דערשיטערט געאָרג בראַנדעסן:

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 1 יאַנואַר 1906.

״מיין פריינט,

די ערשטע ווערטער, וואָס איך שרייב איין אין יאָר 1906, דאַרפן דינען ווי אַ דאַנק פאַר אייער לאַנגן און אינטערעסאַנטן בריוו, פאַר וועלכן איר האָט געפונען צייט צו שרייבן מיר.

איך וועל ניט צונעמען אייער צייט און איך וועל זיך ניט באַנוצן מיט פוסטע דיסקוסיעס. איך בין אָבער באַזאָרגט וועגן דעם געדאַנק פון אייער פאָרן קיין רוסלאַנד אין אַ צייט, ווען די צערודערונג דאָרט איז אַזוי גרויס און די געפאַר פאַר אייך איז אַזוי פאַרשאַרפט, אַז איך האָב זייער מורא פאַר די ״טריבונאַלן פון אומגערעכטיקייט״ און איך שרעק זיך פאַר אייער קוראַזש. איר ריזיקירט און איר ריזיקירט אָנצושטויסן זיך אויף סכנות, וואָס אַן אַנדערער, אַ יינגערער ווי איר און וועמענס לעבן איז ווייניקער וויכטיק ווי אייערס, וואָלט געקענט ריזיקירן.

זיכער, עס באַגייסטערט מיך דער געדאַנק פון אייער אָנקומען קיין פּעטערבורג און פון דעם וואַרעמען קבלת־פּנים, וואָס דער־וואַרט אייך מצד דער יוגנט. איך האָב שטענדיק געהאָפט, אַז איך וועל אין אַ שיינעם טאָג זיין אַן עדות פון אַזאַ סצענע און וועל געניסן פון דעם. איך האָב אָבער געחלומט וועגן דעם אין צייטן פון שלום און רו. איצט וואָלט עס געהייסן, אַז איר קומט אין אַ צייט, ווען קוילן פליען אַרום פון אַלע זייטן, אין אַ צייט, ווען די רעאַקציע שפּילט איר לעצט שפּיל פון פאַרצווייפלונג און ברוטאַ־ליטעט.

איך האָב מורא פאַר אייך.

יאָ, איך גלייב, און איך גלייב אין דעם מיט אַ זיכערקייט, אַז מיר וועלן איצט זען דעם סוף פון צאַריזם. אָבער איך האָב שטאַרק מורא פאַר די שרעקלעכע געשעענישן.

וואָס איז שייך די מעגלעכקייטן פון אַ מלחמה, ווייס איך ניט, וואָס צו טראַכטן וועגן דעם. עס דוכט זיך מיר אויס, אַז ווילהעלם וועט עס ניט וואָגן.

איך בין צוגעוואוינט צו דעם געדאַנק, אַז נאָר ענגלאַנד האָט אַן אינטערעס אין אַ מלחמה מיט דייטשלאַנד, זי וויל ברעכן די ים־מאַכט, וואָס וואַקסט מיט אַזאַ אימפּעט. איך זע ניט, וואָס פאַר אַ זין האָט עס פאַר ווילהעלמען צו שלאָגן און דערנידעריקן אונדזער פראַנקרייך און איך גלייב ניט, אַז דייטשלאַנד שטייט הינטער אים אין דעם פאַל. עדוואַרד און גרויסבריטאַניע טוען ניט קיין אַנדערע זאַך, ווי נאָר צו פאַרזיכערן די וועלט אין זייערע פרידלעכע מחשבות. די ענגלישע ליבעראַלן וועלן זיך ניט שלאָגן און פראַנקרייך טאָר זיך ניט אַריינלאָזן אין אַ מלחמה מיט דייטש־לאַנד, ניט זייענדיק זיכער אין דער הילף פון ענגלאַנד. מיר וועלן דאָס אינגיכן זען און וויסן.

מיין טייערער, טייערער פריינט, באַטראַכט זיך גוט, איידער איר באַשליסט זיך אומצוקערן (קיין רוסלאַנד)! איר האָט געוואַרט דרייסיק יאָר, האָט נאָך עטלעכע חדשים געדולד! איר זענט נויט־ווענדיק אי פאַר דער צוקונפט פון רוסלאַנד, אי פאַר אונדז אַלעמען.

טויזנט מאָל אַ דאַנק פאַר דעם בוך, וואָס איך האָב דערהאַלטן און פאַר די ביכער, וואָס איר האָט מיר צוגעשיקט. מיינע צערט־לעכסטע גרוסן צו אייער פרוי און צו סאַשאַ. זי דאַרף אייך נאָך אַ ביסל איינהאַלטן.

אייער

געאָרג בראַנדעס".

ווי מיר ווייסן, איז בראַנדעס גערעכט געווען אין זיין אָפּשאַצן די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע לאַגע. קיין מלחמה האָט דער־וויל ניט אויסגעבראַכן, ניט קוקנדיק אויף דער גרויסער שפּאַנונג און אויף אַלע הינטער־קוליסן־אינטריגעס, וועגן וועלכע עס האָט ניט קיין זין צו ריידן דאָ. צום גרויסן אומגליק, האָט די שוואַרצע רעאַקציע אין רוסלאַנד אינגאַנצן פאַרלוירן דעם קאָפּ. בראַנדעס איז ניט געווען דער איינציקער, וועלכער האָט זיך געבעטן ביי

קראָפּאָטקינען אָפּצואוואַרטן נאָך אַ ביסל. פון רוסלאַנד גופא, ווי מיר ווילן שפּעטער הערן פון קראָפּאָטקינען אַליין, האָבן זיך פריינט געווענדעט צו אים און געבעטן דערווייל ניט צו קומען. "געהאָלפן" האָט אויך, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקן, אַ פיינ־לעכער פּרעסע־סקאַנדאַל אַרום די ערשטע ידיעות וועגן קראָפּאָט־קינס פּלענער אומצוקערן זיך קיין רוסלאַנד. נאָך פיינלעכער איז געווען דער פאַקט, וואָס אומפאַראַנטוואָרטלעכע פּרעסע־לייט האָבן אַריינגעצויגן אין דעם פּרעסע־סקאַנדאַל אויך בראַנדעסן. צום גליק, האָט די מעשה ניט געהאַט קיין שום שלעכטן איינפלוס אויף דער פריינטשאַפט צווישן פּעטער קראָפּאָטקין און געאָרג בראַנדעס.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

ווילאַ, בראָמליי, קענט,
6 יאַנואַר 1906.

"מיין זייער טייערער פריינט,

דאָ האָט איר (דעם אַרטיקל), וואָס דער "סטאַנדאַרד" און אַנ־דערע צייטונגען האָבן געדרוקט אייערנעכטן, דעם 4־טן יאַנואַר ("פירשט קראָפּאָטקינס אומקערן זיך", קאָפּענהאַגען, יאַנואַר 31, פון אונדזער אייגענעם קאָרעספּאָנדענט).

פירשט קראָפּאָטקין, דער גוט־באַקאַנטער רוסישער שרייבער, וועלכער האָט געלעבט אין בראָמליי, קענט, נאָך דעם ווי ער איז אַנטלאָפן פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג אין סאַנט פּעטער־בורג, איז אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, אַזוי ווערט געמאָלדן. זיין פריינט, פּראָפעסאָר געאָרג בראַנדעס, האָט באַקומען ערב ניי־יאָר דעם ווייטערדיקן בריוו פונעם פירשט: מיין טייערער פריינט, ווען איר וועט דערהאַלטן די דאָזיקע מעלדונג, וועל איך שוין זיין אויפן וועג קיין רוסלאַנד. די שרעקלעכע אומגליקן, וואָס האָבן געטראָפן מיין פאָטערלאַנד, האָבן רייף געמאַכט מיין באַשלוס, ביי מיר דעם געררודפטן, צו טראָצן אַלע סכנות און נאָר אַ מאָל אַריבערטרעטן די גרענעצן פון מיין אומגליקלעכן לאַנד. איך גלייב, אַז רוסלאַנד

דאַרף מיך האָבן און דערפֿאַר פֿאַר איך צוריק. זאָלן זיי טאָן מיט מיר, וואָס זיי ווילן; ניט די מוראַדיקייט פֿון דער פּעטראָפּאַוולאָווס־קער פֿעסטונג און ניט די קעלט פֿון סיביר וועלן מיך ניט אָפּ־שרעקן. סאַשאַ, מיין בראַווע טאָכטער, פֿאָרט מיט מיר.״.

דער בריוו איז קיין מאָל ניט געשריבן געוואָרן פֿון פּעטער קראָפּאָטקין. מיט אַ טאָג פֿריער איז דער בריוו, — דער פֿון עמעצן פֿאַבריצירטער פֿאַלשער בריוו, — געדרוקט געוואָרן אין אַ קאָ־פּענהאַגענער צייטונג, אָבער אָן דעם נאָמען פֿון געאָרג בראַנדעס, וועלכער זאָל אים כלומרשט האָבן באַקומען. די דענישע צייטונגען האָבן אָנגעגעבן ווי אַ קוואַל פֿאַר זייער אינפֿאָרמאַציע דייטשע צײַ־טונגען און טעלעגראַמעס פֿון פּעטערבורג.

די מעלדונגען אין די צייטונגען מיט דעם פֿאַלשן קראָפּאָטקין־בריוו, וואָס האָט אויך געקענט זיין אַ מין פּראָוואָקאַציע, האָבן שטאַרק אויפֿגעבראַכט קראָפּאָטקינען, וועלכער האָט תּיכּף אָפּגע־לייקנט אין ״סטאַנדאַרד״ די ידיעה, אַז געאָרג בראַנדעס האָט עס געטאָן. די ליגנערישע געשיכטע איז ערשט שפּעטער, נאָך קראָ־פּאָטקינס טויט, אין יאָר 1921, פֿונאַנדערגעפּלאָנטערט געוואָרן פֿון געאָרג בראַנדעס אין אַן אַרטיקל, געדרוקט אינעם חודש־זשורנאַל ״טילסקוערן״.

פּעטער קראָפּאָטקין שרייבט ווייטער אין דעם בריוו:

״ — איר פֿאַרשטייט אַליין, אַז איך בין געווען שטאַרק אומ־צופֿרידן צו לייענען די פּראַגעס און די פּלאַפּלעריי, וואָס איך זאָל האָבן געברויכט. און נאָך עפּעס: דאָס דערמאָנען דעם נאָמען פֿון סאַשאַן, — פֿאַר וואָס עפּעס נאָר סאַשאַ און ניט מיין פֿרוי, וועלכע האָט מיך קיין מאָל ניט פֿאַרלאָזן אין משך פֿון דרייסיק יאָר? און בכלל די דאָזיקע נאַרישע פּובליסיטי; האָב איך טאַקע תּיכּף גע־שיקט צום ״סטאַנדאַרד״ און די אַנדערע אַן אָפּלייקענונג און גע־זאָגט, אַז איך האָב אייך געשריבן, אַז איך טראַכט אינגיכן זיך אומצוקערן קיין רוסלאַנד און אַז דער פּובליצירטער בריוו מיינער איז אַן אויסטראַכטעניש. דער ״סטאַנדאַרד״ האָט געדרוקט דעם אינ־

האַלט פון מיין בריוו, די אַנדערע צייטונגען האָבן דאָס ניט געטאָן, און איך פרעג זיך, צי אַזאַ מין מעלדונג איז ניט טעלעגראַפירט געוואָרן קיין מאָסקווע.

נאַטירלעך בין איך איבערצייגט, אַז ניט איר האָט איבערגעגעבן דער פּרעסע די נייעס. עס איז מסתמא עמעצער פון אייערע פריינט, מיט וועלכע איר האָט גערעדט און וואָס האָט מיסברויכט אייער פאַרטרויען. דערפאַר וויל איך אייך דאָס לאָזן צו וויסן.

אַ סך גרוסן פון אונדז דריי!

פּעטער קראָפּאָטקין.

אויב די אייגענע מעלדונג, וואָס איז דערשינען אין "סטאַנדאַרד", איז געשיקט געוואָרן צו די דענישע בלעטער, בעט איך אייך זי אָפּצולייקענען.".

געאָרג בראַנדעס איז שוין פריער ניט איין מאָל געשטראָפט געוואָרן מיט אַלערליי פאַלשע מעלדונגען וועגן אים אין דער פּרעסע און געהאַט אויסצושטיין אַ סך זייער פיינלעכע אומאַנגענעמלעכקייטן. דערפאַר האָט ער דאָס מאָל אַזוי שאַרף רעאַגירט אויף דעם פאַלשן בריוו, אָבער צום סוף פון דעם וויטערדיקן בריוו קערט ער זיך ווידער אום צו דעם ענין פון קראָפּאָטקינס פּלאַן צו פאָרן באַלד קיין רוסלאַנד. עס איז מער פון אַ וואָרענונג, עס איז פאַר בראַנדעסן אַן ערנסטער, זייער אַן ערנסטער ענין:

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

9 יאַנואַר 1906.

"מיין טייערער פריינט,

איר קענט זיך פאָרשטעלן, ווי אויפגעבראַכט איך בין פון די אינדיסקרעציעס און ליגנס. און איך ווייס אַפילו, ווי אַזוי דאָס איז געשען. איר ווייסט ניט, ווי אַזוי איך האָב פּראָטעסטירט קעגן דעם שוין אַ לענגערע צייט און האָב קלאָר געזאָגט, אַז דער בריוו איז פאַבריצירט געוואָרן.

אין אָוונט פונעם נייעם יאָר האָבן זיך ביי מיר פאַרזאַמלט עטלעכע פריינט, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען דער דיכטער האַלגע דראַכמאַן. מען האָט גערעדט וועגן רוסלאַנד, האָב איך אים געזאָגט: קראָפּאָטקין גייט פאָרן קיין רוסלאַנד, ער, זיין פרוי און זיין טאָכטער. מסתמא האָט אים געטראָפן אַ רעפּאָרטער און דער רעפּאָרטער האָט מסתמא פאַבריצירט דעם בריוו. אָבער אין די דענישע צייטונגען איז מיין נאָמען גאָר ניט דעמאָנט געוואָרן. עס איז נאָר דערציילט געוואָרן, אַז איר האָט געשריבן צו אַ "פריינט". איך ווייס ניט פונוואַנען האָט דער "סטאַנדאַרד" גענומען מיין נאָמען.

איך פאַרזיכער אייך, אַז די דאָזיקע געמיינע פרעסע איז מיין פאַרצווייפלונג. מען רעדט מיט אַ פריינט און תיכף ווערט דאָס געזאָגטע פאַרדרייט, געענדערט און דער ווינט צעטראָגט עס אין אַלע זייטן.

אַ רעפּאָרטער האָט ביי מיר צוגענומען די פריינטשאַפט פון מאַקסים קאָוואַלעווסקי אויף גאַנצע פופצן יאָר. קאָוואַלעווסקי האָט בשום אופן ניט געוואָלט גלייבן, אַז איך האָב גאָר ניט צו טאָן מיט די ליגנס אין אונדזער פרעסע וועגן זיין באַזוך אין שוועדן. דער רעפּאָרטער האָט עס באַקומען צו וויסן פון אַ פערטער האַנט.

איך בין צופרידן, וואָס איר גלייבט ניט אין דעם, אַז איך האָב עפּעס דערמיט צו טאָן. איך וואָלט ניט דערציילט וועגן אייערע פּלענער דעם פריער דערמאָנטן דיכטער, אויב איר וואָלט מיר ניט געשריבן, אַז איר וועט זיך ניט אומקערן קיין רוסלאַנד באַהאַל־טענערהייט.

מיין טייערער פריינט, אין דעם בריוו, וואָס איך האָב באַקומען פון אייך, גלייב איך איז דאָ אַן ענטפער אויף מיין לעצטן בריוו, אין וועלכן איך בעט זיך ביי אייך ניט צו פאָרן דערווייל (קיין רוסלאַנד), וואו די קאָנטער־רעוואָלוציע פּראַוועט אירע אָרגיעס. איר דאַרפט זיך ניט האַלטן ביי אייער צוזאָג. איר האָט געוואַרט געדולדיק דרייסיק יאָר, דאַרפט איר וואַרטן נאָך עטלעכע חדשים. איז דען דאָ אויף דער וועלט עפּעס מער פיינלעכס און שרעקלעכס ווי די רוסישע רעאַקציע!

פון מיין גאַנצן האַרצן דאַנק איך אייך דערפאַר, וואָס איר האָט

ניט געהאַט קיין חשד אויף מיר. איך בין שוין גענוג געשטראָפט דערמיט, וואָס איך האָב געגלייבט, אַז איך קען ריידן אין מיין אַרבעטס־צימער און ניט מורא האָבן דערבײַ, אַז מיינע ווערטער וועלן צעדרייט ווערן אין די צייטונגען.

דאָס איז אָבער ניט אַזוי וויכטיק. וויכטיק איז, אַז איר זאָלט ניט ריזיקירן מיט זיך אָן שום נוצן פאַר אייערע אידעען; איך בעט אייך, וואַרט נאָך אַ ביסל.

אייער געטרייער

געאָרג בראַנדעס".

דערווייל האָט קראָפּאָטקין באַקומען געגויען באַריכטן פון רוס־לאַנד וועגן דעם טויטנטאַנץ פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע אין זיין טייערן, אָבער אומגליקלעכן פאָטערלאַנד און עס איז פאַר אים געוואָרן קלאָר, אַז ער מוז זיך אָננעמען מיט כוח און וואַרטן. וואָלט ער זיך געקענט איצט באַציען מיט אַ געוויסער רואיקייט, ניט מיט אַ גלייכגילטיקייט, און מיט ישוב־הדעת אָפּשאַצן די געשעענישן, איז אָבער ווידער געשען עפּעס, וואָס האָט אין אים אַרויסגערופן אַ גרויסע אומרו. כמעט דעם אייגענעם טאָג, ווען קראָפּאָטקין האָט געשריבן זיין ערשטן בריוו צו בראַנדעסן וועגן דעם פאַלשן בריוו אין "סטאַנדאַרד", האָט געאָרג בראַנדעס אָפּגעדרוקט אין דער קאָ־פּענהאַגענער צייטונג "פּאָליטיקען" אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען "קראָפּאָטקינס אומקערן זיך קיין רוסלאַנד". ריידנדיק וועגן קראָ־פּאָטקינס לעבן און שאַפן אויסער די גרענעצן פון רוסלאַנד, ד. ה. בעיקר אין ענגלאַנד, האָט בראַנדעס געשריבן, אַז נאָך אַזוי פיל יאָרן פאַרברענגען אין ענגלאַנד "קען ער פאַרט ניט פאַרטראָגן דאָס היינטיקע ענגלאַנד". אויף דעניש האָט ניט דער אויסדרוק קיין עלעמענט פון באַליידיקונג. אויף ענגליש אָבער איז דער אייגענער אויסדרוק אַ סך מער באַליידיקנדיק. אַ דענישער זשורנאַליסט האָט איבערגעזעצט אויף ענגליש דאָס אַרטיקל און צוגעשיקט אים צו קראָפּאָטקינען. לויט דער איבערזעצונג, איז דער דענישער אויסדרוק "ער קען ניט פאַרטראָגן דאָס היינטיקע ענגלאַנד" אויף ענגליש אַרויסגעקומען: "ער פאַראַכט דאָס ענגלאַנד פון היינט".

עס וואָלט ניט געווען ריכטיק צו זאָגן, אַז פאַר קראָפּאָטקינען איז דאָס געווען סתּם אַ פיינלעכע באַמערקונג. די ביז גאָר פיינלעכע און ניט ריכטיקע אָפּשאַצונג פון זיין אמתער באַציאונג צו ענגלאַנד האָט אַרויסגערופן ביי אים אַ טיפן ווייטיק. ער האָט באַשלאָסן, כּדי אויסצומיידן אַ מיספאַרשטייעניש, אַנצושרייבן אַן אויספירלעכע דער־קלערונג און זי איבערשיקן צו געאָרג בראַנדעס — ניט כּדי צו דרוקן זי, נאָר כּדי צו האַלטן זי ווי אַ דאָקומענט. און עס איז אַ וויכטיקער, אַ היסטאָרישער דאָקומענט, ווייל ער שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינטערעסאַנטן אַנאַליז פון דער עקאָנאָמישער, סאָציאַלער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון ענגלאַנד אין דער צווייטער העלפט פון פאַריקן יאָרהונדערט. פּראָפעסאָר קריגער (אַ פּראָפעסאָר אין ליטעראַטור־פאָרשער אין אוניווערסיטעט פון דער גרויסער דענישער שטאָט אָרהויז), דער רעדאַקטאָר און מחבר פונעם צווייטן באַנד, אין וועלכן עס איז געדרוקט די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ צווישן געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין — ברענגט דעם גאַנצן דאָקומענט לויט דעם מאַנוסקריפּט פון פּעטער קראָפּאָטקין. אויב מיר מאַכן ניט קיין טעות, איז דער דאָקומענט געדרוקט צום ערשטן מאָל אַ דאַנק פּראָפעסאָר קריגער. אין אַ קומענדיקן קאַפּיטל וועלן מיר ברענגען די איבערזעצונג פון גאַנצן מאַנוסקריפּט. דער דאָקומענט גיט אונדז אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם, ווי אַזוי קראָפּאָטקין האָט נאָכ־געפאָלגט דאָס לעבן אין ענגלאַנד און דעם גאַנג פון די געשעענישן אין דער פריערדיקער בריטישער אימפּעריע.

## פערצנטער קאַפּיטל

# פּעטער קראָפּאָטקין וועגן אַלטן ענגלאַנד

דער היסטאָרישער דאָקומענט, וואָס מיר ברענגען דאָ, איז אַ באַווייז — אויב אַ באַווייז איז נייטיק, — אַז קראָפּאָטקין האָט ניט ,,געיאַלט פאַרלאָזן ענגלאַנד ווי אַ פרעמדער, וועלכער האָט זיך ניט געגעבן קיין מי אַריינצוקוקן טיפער אינעם לעבן פון פאָלק, וואָס האָט אים אַזוי פריינטלעך אויפגענומען. הגם די בריטישע אימפעריע האָט זיך געהאַלטן פאַר די לעצטע 75 יאָר אין איין טראַנספאָרמירן און היינט איז מער ניטאָ קיין בריטישע "אימפעריע", נאָר עס איז דאָ אַ "בריטיש קאָמאָנוועלט אָוו ניישאָנס", האָט עס פאָרט פאַר אונדז אַ גרויסן אינטערעס צו לייענען קראָפּאָטקינס היסטאָרישן אַנאַליז. דער מאַנוסקריפּט, אונטערגעשריבן פון פּעטער קראָפּאָטקין, טראָגט די דאַטע: יאַנואַר 12, 1906. דער דאָקומענט איז ביז איצט קיינמאָל ניט פּובליקירט געוואָרן. דאַרף מען געדענקען, אַז קראָפּאָטקין שרייבט וועגן ענגלאַנד פון יענע אַלטע צייטן. דאָ איז דער פולער טעקסט פונעם דאָקומענט:

"— מיין באַציאונג צו ענגלאַנד פון היינט קען ניט אויסגעדריקט ווערן מיט איין וואָרט. מיינע געפילן צום לאַנד זיינען צו קאָמ־פּליצירט, כדי איך זאָל עס אַזוי איינפאַך דערליידיקן.

שטעלט אייך פאָר עמעצן, וועמען איר האָט באַוואונדערט אַ גרויסן טייל פון אייער לעבן. ער איז געווען אַ קעמפער פאַר פרייהייט, ער האָט עס דערגרייכט און האָט עס איינגעהאַלטן; ער האָט סימפּאַ־טיזירט מיט די אַלע, וואָס האָבן געטאָן דאָס אייגענע; ווען איר זענט

געקומען צו אים אין הויז, האָט ער אייך אויפגענומען אויף דעם פּיינסטן אופן גראַד דערפאַר, ווייל איר האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צו טאָן אין אייער לעבן דאָס אייגענע וואָס ער.

אָבער שפּעטער הייבט איר אָן באַמערקן אַ מערקווירדיקע ענ־דערונג ביי אייער פריינט. ער איז ניט דאָס, וואָס ער איז געווען. געפּירט, ריכטיקער געזאָגט, פאַרפירט פון אַוואַנטוריסטן, וועלכע ווערן געטריבן פון זייערע אייגענע געלט־אינטערעסן, הייבט ער אָן צו זאָגן, אַז די אידעאַלן, וועלכע האָבן פון אים געמאַכט דאָס וואָס ער איז, די אידעאַלן, וועלכע האָבן פאַר אים געוואונען דעם רעס־פּעקט, פון וועלכן ער געניסט, זיינען ניט מער ווי "סענטימענטאַלע באַבקעס", וואָס מען דאַרף אַרויסוואַרפן, אַז קעמפן פאַר פרייהייט איז אַן אומזין, ס'הייסט אויב קנעכטשאַפט און שקלאַפעריי באַצאָלן זיך, דאַרף מען זיין פאַר קנעכטשאַפט און שקלאַפעריי. ערלעכקייט אין אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען, דאָס האַלטן וואָרט, דאָס פירן זיך לויט אָנגענומענע פרינציפּן — דאָס אַלץ איז גאָרניט מיט ניט, אַלטמאָדישע שפּיל... ביסלעכווייז באַמערקט איר, אַז אַלע געדאַנקען, אַלע אידעען, אַלץ, וואָס אייער פריינט זאָגט און טוט, האָבן זיך געביטן. און וואָס מער איר האָט אים אַמאָל באַוואונדערט, וואָס מער עס לעבן נאָך אין אייער האַרצן די אַלטע געפילן, אַלץ שטאַרקער טוט עס אייך איצט ווי, אַלץ מער פילט איר, אַז עס איז אייער חוב צו זאָגן אים, וואָס איר מיינט וועגן זיין נייער אַנטוויקלונג.

דאָס זיינען מיינע געפילן בנוגע דעם היינטיקן ענגלאַנד.

דער דור, צו וועלכן איך געהער, איז אויסגעוואַקסן באַוואונ־דערנדיק דעם גייסט פון פרייהייט, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַק־טעריסטיש פאַר דעם ענגלישן פאָלק. מיר האָבן באַוואונדערט זיין קאַמף פאַר פרייהייט און פאַר איינהאַלטן די אויסגעקעמפטע רעכט. אָבער היינט, גאַנץ באַזונדערס די לעצטע צען־פופצן יאָר, זעען מיר, אַז אַ מין בייזער פיבער האָט פאַרכאַפּט דאָס לאַנד. אַלץ וואָס די מענטשן פון די פריערדיקע דורות — די מילס, די ספּענסערס, די נאָכפאָלגערס פון ראָבערט אָוען, נייך, אפילו די פּאָליטישע ראַ־דיקאַלן פון די זיבעציקער יאָרן, האָבן באַטראַכט ווי פונדאַמענטאַלע אַקסיאָמעס אין דער פּאָליטיק — ווערט איצט געשטעמפּלט ווי

געפערלעכער סענטימענטאַליזם. דאָס פאַרכאַפּן לאַנד אומעטום אין דער וועלט אונטער קיין שום אַנדערן פּרעטעקסט ווי נאָר דאָס, וואָס „האַנדל קומט צוזאַמען מיטן פלאַג", און דאָס אומפאַרשעמטע עקס־פּלואַטירן און באַרויבן די אַזוי גערופענע „נידעריקע ראַסן" פון זייער לאַנד און אפילו צונעמען זייערע בהמות — דאָס אַלץ ווערט איצט פּרעזענטירט ווי דאָס לעצטע וואָרט פון פּאָליטישער חכמה. לייב־אייגנטום („סערפדאָם") — דאָס איז דאָך צוואַנגס־אַרבעט: אַזוי פיל טאָג אין דער וואָך, באַצאָלט מיט אַ לעכערלעכן לוין, ווי דאָס האָבן איינגעפירט די ענגלענדער צווישן די מאַטאַבעלן — דאָס איז דאָך איצט אָפן דעקלאַרירט געוואָרן אויף דער פּאַן פון גרויס־בריטאַניע אין אירע אַפריקאַנישע „דערגרייכונגען"; און ווען איר פרעגט, וואָס איז געוואָרן פון די אַנטי־לייב־אייגנטום־פּרינציפּן, צוליב וועלכע מיר האָבן אַזוי שטאַרק רעספּעקטירט ענגלאַנד — דענסטמאָל זאָגן אונדז די הייניקע פירערס: „באַש", „סענטימענ־טאַליזם", „וואו איז דאָ געלט?"

מיר זיינען אויסגעוואַקסן מיט דער אידעע, אַז שוין דאָס אַריינ־שטעלן אַ פוס אויף דעם ענגלישן באָדן הייסט, אַז יעדער מאַן אָדער יעדע פרוי איז פריי פון לייב־אייגנטום. אָבער איצט זאָגט מען אונדז, אַז אַ דאַנק דעם אַריינפירן פון כינעזער קיין טראַנסוואַל מיט דער פאַרפליכטונג פון לייב־אייגנטום, האָט מען די בעסטע מעטאָדע פאַר אַרויספרעסן גרעסערע פּראָפיטן פאַר די אַקציע־באַזיצערס פון די פאַרכאַפּטע (גאָלד) גרובן. דאָס הייסט, אַז לייב־אייגנטום ווערט אַ בריטישע אינסטיטוציע.

פריער, ניט שפּעטער ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, איז די אַמביציע פון אַן ענגלישן אינדוסטריאַליסט באַשטאַנען אין דער אָנשטרענגונג אויפצוהייבן די מדרגה פון דער אינדוסטריע פון זיין לאַנד אַזוי פיל, אַז ער זאָל קענען דערגרייכן דעם הויכן סטאַנדאַרט און די שלמות פון אַנדערע לענדער און אויף אַזאַ אופן קאָנקורירן מיט אַלע אַנדערע פעלקער. איצט האָט דער ענגלישער אינדוס־טריאַליסט אויפגעגעבן דעם קאַמף, ניט וועלנדיק אפילו נעמען אַן אָנטייל אין דער קאָנקורענץ. אַזוי ווי דער רוסישער פאַבריקאַנט אַ מאָל, — פאַרלאַנגט ער אויך געשטיצט צו ווערן (פון דער מלוכה).

ער אַנערקענט דערמיט פון אָנהייב אָן, אַז ער וועט קיינמאָל ניט זיין אימשטאַנד נאָכצוהאַלטן דעם יוגנטלעכן גייסט פון נייע דער־פינדונגען, דעם פּראָגרעס פון דער פּראָדוקציע, דאָס וואַקסן פון דער פּראָדוקציע אַ דאַנק דעם מענטשנס אַרבעט, די שאַפנדיקע כוחות, דעם פּראָגרעס פון דעם קינסטלערישן געשמאַק, ווי מען עס זעט היינט אין דער מאָדערנער אינדוסטריע פון זיינע גערמאַנישע, לאַטיינישע און סלאַווישע ברידער.

דער דור, וועלכער האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף דער ענגלישער פּאָליטיק פון די זיבעציקער יאָרן, האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָר אַ ווייט פאַרשפּרייטע, ברייט הומאַניטאַרע, אמת וויסנשאַפטלעכע דערציאונג איז דער ערשטער און תוכיקער צוועק פון דעם ענגלישן פּראָגראַם, אויב ענגלאַנד וויל באַהאַלטן די פּאָזיציע, וועלכע זי האָט אַ מאָל פאַרנומען אין דער וועלט. היינטיקע צייטן אָבער שרייט אויס יעדער מיטגליד, מאַן און פרוי, פון דער "פּרימראָז ליגע" ("פּרימראָז ליגע" איז די קאָנסערוואַטיווע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן אין ענגלאַנד צום אָנדענקן פון דעם אַמאָליקן קאָנסערוואַטיוון פּרעמיער־מיניסטער לאָרד ביקאָנספילד דיזראַעלי — וול. גר.): גענוג מיט דער פלוידעריי וועגן דערציאונג! מען האָט שוין גענוג געטאָן פאַר די ברייטע מאַסן! וואָס פאַר אַ זין האָט עס צו ריידן צו זיי וועגן העכערער מענטשלעכקייט! ווער וועט דענסטמאָל טאָן די שווערע אַרבעט? זיי זיינען געבוירן אויף צו טאָן די אַרבעט און זאָלן זיי ניט חלומען וועגן אַ מצב, וואָס איז העכער פון דעם, ווי זיי זיינען געבוירן". דאָס איז עס, וואָס מיר הערן היינט.

מיט פערציק אָדער פופציק יאָר צוריק האָבן די אָנפירנדיקע פערזענלעכקייטן פון אַ פּראָגרעסיוון געדאַנק אין ענגלאַנד גוט פאַר־שטאַנען, אַז זייער פּאָטערלאַנד דאַרף אָנהייבן איינפירן אינטענסיווע קולטורן אויפן לאַנד און אַז די אַגריקולטור דאַרף ריכטיק אָרגאַ־ניזירט ווערן, אינטענסיוו, צוזאַמען מיט אַן אינטענסיווער אינדוס־טריע. אָבער היינט צו טאָג געפינען ניט די אייניקלעך פון די אייגענע מענטשן קיין אַנדער מיטל צו פאַרענטפערן דעם פּראָבלעם פון דער אַרבעטסלאָזיקייט־קראַנקייט ווי צו עקספּאָרטירן הונדערטער טויזנטער מענטשן אין אַנדערע לענדער, וואו זיי זאָלן זיין באַשעפטיקט אין

אַגריקולטור־אַרבעט, בשעת זייער אייגן לאַנד — אַ העלפט פון לאַנד, וואָס טויג פאַר אַגריקולטור — פאַרבלייבט ניט קולטיווירט און אויסגעהונגערט. און כדי צו געבן אַן אמתן באַווייז פון זייער איני־טעלעקטועלער אימפּאָטענץ, געפינען זיי ניט קיין בעסערע זאַך צו טאָן ווי איבערגעבן דעם עקספּאָרט פון די מענטשן אין די הענט פון די, וועלכע גייען אַרויס אין נאָמען פון קריסטנטום מיט טרומ־פּייטן און פּויקן און פּרואוון אויפלעבן אין ענגלאַנד אַ מין ווילדן נעאָ־שאַמאַניזם, דעם אינדוסטריעלן שאַמאַניזם פון די אויסגעהונ־גערטע סלאַמס!...

מיט צוואַנציק יאָר צוריק זיינען אין ענגלאַנד געווען עלעמענטן פאַר אויפבויען אַ מעכטיקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וועלכע וואָלט געקענט ווערן אַ פאַקטאָר ניט אָפּצושאַצן ביים פאַרענטפערן די גרויסע פּראָבלעמען פון דער מענטשהייט פון צוואַנציקסטן יאָרהונ־דערט. אַנשטאָט דעם איז דאָ דער אַרבעטער אַראָפּגעזונקען צו דער מדרגה פון דאַרפן קעמפן גאָר פאַר די עלעמענטאַרע רעכט, פאַר דעם רעכט צו שטרייקן, פאַר דעם רעכט צו פאַרוואַלטן זיינע אייגענע פאָנדן, פאַר דעם רעכט אויף ניט־רעליגיעזער דערציאונג און אַזוי ווייטער.

און סוף כל סוף, דער אייגענער מיליטאַנטישער אימפּעריאַליזם, וואָס די פריערדיקע דורות האָבן געהאַסט און באַקעמפט אין רוס־לאַנד און אין עסטרייך, איז איצט געוואָרן די ליבלינג־טעאָריע פון די פּאָפּולערסטע פּאָליטישע פירערס, וועלכע באַטראַכטן זי ווי דאָס לעצטע וואָרט פון פּאָליטישער חכמה. דער נייער דור איז דאָ דער־צויגן אויף די דאָזיקע אידעען. פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר האָט ענגלאַנדס אויסלענדישע פּאָליטיק — צום אומגליק, מוז איך זאָגן, מיט דער הסכמה פונעם פאָלק — געמאַכט אַ פּרואוו אומצוקערן זיך צו די ערגסטע טראַדיציעס פון פּיט און פּאַלמערסטאָן, אַ ציניש־ע פאַרלייקענונג פון די פּרינציפּן, פאַר וועלכע ענגלאַנד איז באַטראַכט געוואָרן אַ מאָל פאַר דעם טשעמפּיאָן אין דער ציוויליזירטער וועלט.

אַלץ, וואָס אונדזער דור האָט באַוואונדערט אין ענגלאַנד, ווערט אויף אַזאַ אופן געטראָטן מיט די פיס. דאָס ענגלאַנד פונעם סטאָק עקסטשענדזש, דאָס ענגלאַנד פון די, וואָס לעבן פון שניידן קופּאָנעס

פון זייערע ווערט־פּאַפּירן, ד. ה. אַ צוויי אָדער דריי מיליאָן פונט, וועלכע זיינען אינוועסטירט אין "פּאַרוואַסערטע" אויסלענדישע הלוואות, אייזנבאַן־געזעלשאַפטן, בענק און דאָס גלייכן, — דאָס איז געוואָרן דער הערשנדיקער פאַקטאָר אין דער פּאָליטיק פונעם לאַנד, אין זיינע געדאַנקען און אין זיין לעבן.

זיכער גלייב איך, אַז די איצטיקע קראַנקייט פון דעם געזעל־שאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן אינעם היינטיקן ענגלאַנד איז נאָר אַ ציטווייליקע קראַנקייט. דאָס לאַנד האָט צו פיל געזונטע עלעמענטן אין זיך, — איך קען זיי פון מיינע פערזענלעכע פאַרבינדונגען מיט זיי — בכדי ניט צו זיין אימשטאַנד צו באַפרייען זיך פון דער אַלט־קייט־קרענק, וואָס קען מיט אַ מאָל ברענגען דאָס לאַנד צו אַ דע־גענעראַציע, ווי דאָס איז געשען מיט גענואַ, ווענעדיג, שפּאַניע און האָלאַנד. איך גלייב אין אַ געזונט ווערן און איך קען אפילו זען סימנים פון אַ ניי לעבן. אָבער די קראַנקייט, וועלכע איך קאָנסטאַטיר, מאַכט אויף מיר אַ שווערן איינדרוק.

די דאָזיקע באַמערקונגען קענען געבן אַ בעסערע פאַרשטעלונג פון מיין באַציאונג צום ענין. איך האָב פיינט פראַזעס, אָבער דאָס קען איך דאָ זאָגן ערלעך: — — —

באַטראַכטנדיק די כמעט דרייסיק יאָר, וואָס איך האָב פאַר־בראַכט אין ענגלאַנד, מיט אַ קורצער הפסקה, פיל איך די גרעסטע דאַנקשאַפט פאַר דער קאָלאָסאַלער פריינטשאַפט, מיט וועלכער מען האָט מיך באַהאַנדלט דאָ, ווען איך בין צו ערשט געקומען אַהער אינגאַנצן אַן אומבאַקאַנטער מאַן אונטער דעם נאָמען לעוואַשאָוו. מער פון דעם: איך בין דאָך געקומען צו באַזעצן זיך דאָ נאָך דעם, ווי מען האָט מיך אַרויסגעלאָזן פון געפענגעניש אין פראַנקרייך. די פולשטענדיק חברשע און אָפט באַגייסטערטע פריינטשאַפט, מיט וועלכער עס האָבן מיך באַגעגנט שטענדיק די אַרבעטערס אין ענגלאַנד, שאָטלאַנד און אירלאַנד; די גליקלעכע שעהן, וואָס איך און מיין משפּחה האָבן פאַרבראַכט מיט פריינט, די אויפריכטיקייט פון די פריינטשאַפטן, וואָס מיר האָבן דאָ געשאַפן — דאָס אַלץ האָט איבערגעלאָזן אין מיין האַרצן די טיפסטע שפורן, דאָס איז פון די אוצרות אינעם לעבן פון אַ מענטשן, וואָס מאַכט דאָס לעבן ווערט

צום לעבן. אָבער — וואָס בעסער און פריינטלעכער איך פיל זיך אין עמעצנס הויז, אַלץ מער לייד איך, ווען איך זע, אַז עפּעס איז ניט אין אָרדענונג אין דעם הויז. דענסטמאָל פיל איך, אַז עס איז מיין חוב צו זאָגן אָפנהאַרציק, וואָס איך מיין וועגן דער אומאָרדענונג — אפילו אויב איך ווייס, אַז מיין גאַסטגעבער איז צוליב די אָדער אַנדערע סיבות זייער סענסיטיוו צו מיינע באַמערקונגען.

פּ. קראָפּאָטקין

יאַנואַר 12, 1906".

דער דאָזיקער דאָקומענט נייטיקט זיך ניט אין קיין שום קאָמענ־טאַרן. קראָפּאָטקין רעדט אין נאָמען פון זיין דור און נעמט אַרום אַן עפּאָכע פונעם מיטן פון פאַריקן יאָרהונדערט. דאָס זיינען געווען אַנדערע צייטן און אַנדערע מענטשן, אַנדערע באַגריפן וועגן אוני־ווערסאַליזם און נאַציאָנאַליזם.

דאָס היינטיקע ענגלאַנד איז אויפן וועג פון אַ פולשטענדיקן דע־קאָלאָניאַליזם. קראָפּאָטקינס רייד וועגן די קאַפּיטאַליסטישע אַוואַנ־טורעס אין דעם דרום־אַפריקאַנישן טראַנסוואַל איז אינטערעסאַנט צו הערן אין אַ צייט, ווען אפילו די קאָנסערוואַטיווע רעגירונג פון ענגלאַנד טרייסלט פון זיך אָפּ דעם שטויב פון דרום־אַפריקע און איר ראַסיסטישע פּאָליטיק.

קראָפּאָטקינס בריוו טראָגן אַלע סימנים פון אַ ברייטן אינטער־נאַציאָנאַליסטישן פאַרנעם, אָבער עס איז אין דער אייגענער צייט אַ דאָקומענט פון אַ טיפּיש רוסישן דענקער, וועלכער קען ניט קיין ראַסן און קיין גרענעצן.

אין זיין "דערקלערונג וועגן ענגלאַנד" שילדערט קראָפּאָטקין דעם פריערדיקן דור און דעם אַמאָליקן גרויסן רעספּעקט צו די פרייהייטס־אידעאַלן פון ענגלישן פאָלק. פאַר געאָרג בראַנדעס איז דער אידעאַליזם פון יענעם רוסישן דור ניט געווען קיין נייעס. דער ענטוזיאַזם פון פּעטער קראָפּאָטקינס "מאַניפעסט", אויב מיר מעגן אָנרופן אַזוי זיין דעקלאַראַציע, האָט געמוזט אים דערמאָנען אין דער גלענצנדיקער רוסישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט אים אויפ־גענומען בעת זיין באַזוך אין פּעטערבורג און מאָסקווע אין 1887.

ער האָט קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן מאַקסים קאָוואַלעווסקי, סטאַסיו־לעוויטש, סאָבאָלעווסקי, קאָני, פּאַסאָווער און אַ מאַסע אַנדערע פּערזענלעכקייטן פֿון דער רוסישער שרייבערישער און אוניווערסי־טעט־וועלט, די בעסטע און מוטיקסטע פֿון דעם רוסישן ליבעראַ־ליזם אין די פֿינצטערע צייטן פֿון אַלעקסאַנדער דעם דריטן. ווען די פּאָליציי האָט פֿאַרבאָטן איינעם פֿון די פֿאָרטראַגן פֿון געאָרג בראַנדעס, האָט די פֿאַמיליע פֿון פּירשט טעני שעף איינגעלאַדן צו זיך אַהיים אויף אַ מיטאָג פּופּציק געקליבענע פּערזאָנען, כּדי דער גאַסט זאָל פֿאַר זיי קענען האַלטן דעם פֿאָרטראַג. דער מאָסקווער אוניווערסיטעט האָט געשיקט קיין פּעטערבורג אַ ספּעציעלן שליח און פֿאַרבעטן דעם יידיש־דענישן ליטעראַטור־היסטאָריקער קיין מאָסקווע. אַלע זיינע לעקציעס אין ביידע הויפּטשטעט פֿון רוסלאַנד זיינען געווען איבערגעפּאַקט מיט אַ באַגייסטערטן עולם — דאָס אַלץ אין די צייטן, ווען אין לאַנד האָט געשטורעמט די שוואַרצע רעאַקציע.

דערפֿאַר איז פֿאַר בראַנדעסן איצט געווען אַזוי פּיינלעך דאָס, וואָס זיין אינטימע פֿריינטשאַפֿט מיט קראָפּאָטקין האָט געקענט צע־שטערט ווערן צוליב סענסאַציע־אַפּעטיטן פֿון צייטונגס־לייט. קראָ־פּאָטקינס ענטפֿער אָבער האָט אים תּיכף באַוויזן, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ מאַן פֿון אַ גרויסן פֿאָרמאַט. דאָס קעגנזייטיקע פֿאַרטרויען איז געבליבן גאַנץ.

# פופצנטער קאַפּיטל

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראמלי, קענט.
12־טער יאַנואַר 1906.

״זייער טייערער פריינט,

טויזנט מאָל דאַנק איך אייך פאַר אייער גוטן בריוו. קיין צווייפל ניט, איך האָב געוואוסט אויף זיכער, אַז די דאָזיקע (ציַיטונגס) מעלדונג האָט ניט געקענט קומען פון אייך.

אין דער צווישנצייט האָב איך באַקומען אַ בריוו פון אַ געוויסן נאָרס, פונעם ״שטאַנדאַרד״, מיט אַן איבערזעצונג פון אייער אַרטיקל אין ״פּאָליטיקען״ פון 5־טן יאַנואַר. איך שיק אייך דאָ אַ קאָפּיע פון מיין ענטפער. (קראָפּאָטקין האָט זיך אין דעם ענטפער צו דער ציַיטונג אָפּגעזאָגט צו שרייבן אַן אַרטיקל פאַר דעם ״שטאַנדאַרד״ און בכלל אָנגעוויזן, אַז ער בעט אים ניט צו שטערן, ווייל ער איז איצט פאַרנומען מיט אַנדערע וויכטיקע זאַכן — וול. גר.)

אין אייער אַרטיקל — בכל אופן ווי דער מאַן, נאָרס, האָט אים איבערגעזעצט — איז דאָ אַ פראַזע, וואָס וואָלט געקענט פירן צו אַ פיינלעכער מיספאַרשטייעניש. עס ווערט דאָ געזאָגט: — ״פון דער אַנדער זייט, ניט געקוקט אויף דער גרויסער גאַסטפריינט־שאַפט, וואָס ענגלאַנד האָט אים אַרויסגעוויזן (זיין פרייהייט איז דאָך אין געפאַר אומעטום, אַפילו אין דענעמאַרק, פונוואַנען מען וואָלט אים אַרויסגעגעבן צו רוסלאַנד) — און הגם ענגלאַנד איז

דאָס אײנציקע לאַנד, וואו ער האָט זיך געקענט פּילן אַ סך זיכערער אין משך פון דער לעבנסצייט פון אַ גאַנצן דור, האָסט ער פּאָרט דאָס הײנטיקע ענגלאַנד.״

עמעצער קען אַ מאָל באַנוצן זיך דערמיט, כדי צו זאָגן, אַז ניט געקוקט אויף דער גרויסער ענגלישער גאַסטפרײנטשאַפט האָב איך פײנט ענגלאַנד, און דאָס וועט דאָך ניט זײן קײן אמת. איך האָב פײנט די טענדענץ פון דער הײנטיקער ענגלישער פּאָליטיק — ניט דאָס פאָלק.

דערפאַר האָב איך אַזוי אויספירלעך אָנגעשריבן געדאַנקען וועגן דעם ענין און דאָ שיק איך אײך דאָס אָנגעשריבענע. איך האָב עס געשריבן אויף ענגליש, ניט טראַכטנדיק צו לאַנג. איך האַלט, אַז עס איז בעסער אַליין אָנצושרײבן דאָס אויף ענגליש אײדער צו לאָזן דאָס איבערזעצן. (די קאָרעספּאָנדענץ, צווישן קראָפּאָטקין און בראַנדעס איז געפירט געוואָרן אויף פראַנצויזיש — וול. גר.)

עס דאַרף ניט פּובליקירט ווערן איצט. אָבער אין פאַל, אַז נאָךס אָדער עמעצער אַנדערער וועט זיך וועלן נוצן מיטן אויסדרוק פון ״פײנט האָבן״, וועל איך אײך בעטן דאָס צו פּובליקירן.

איך האָב געמאַכט אַ קאָפּיע פון דעם פּאַפּיר אויף דער מאַשין און וועל זי באַהאַלטן בײ מיר.

און איצט קום איך צוריק צו אײער גוטן בריוו. איך קען אײך גאָרניט איבערגעבן ווי גערירט מיר זײנען, סאָפיע און איך, פון אײער דעליקאַטן פרײנטשאַפטלעכן סענטימענט אין אײערע צווײ לעצטע בריוו. בעת עס האָבן זיך אָנגעהויבן די געשעענישן אין מאָסקווע זײנען מיר גרײט געווען תיכף צו לאָזן זיך פאָרן. איצט אָבער שרײבן אונדז אַלע פון רוסלאַנד, אַז דערווײל איז נאָך ניט געקומען די צײט פאַר אונדזער פאָרן, אפילו די, וואָס האָבן אונדז ערשט מיט אַ חודש צוריק געשריבן ״קומט״. עס ווײזט אויס, אַז פון אונדזער פּרעסע באַקומען מיר ניט קײן שום באַגריף פון דעם פּאַרנעם פון דער דאָרטיקער רעאַקציע. גאַנץ פּעטערבורג און אַלע גרויסע שטעט זײנען אין די הענט פון די דוואָרניקעס (קאָנסיערזשען) און פון דער פּאָליצײ, וועלכע ווערן נאָך דערצו געהאָלפן פון ״פּריי־וויליקע״, און מען זוכט אפילו אין די הײזער פון מענטשן מיט אַ

**נאָמען, מען נישטערט אָן אָ ספּעציעלן באַפעל, אַפּט אָן דעם בייזיין** פון דעם בעל הבית, אַוועקטראָגנדיק אַפּט מיט זיך זאַכן אָדער צע־שטערנדיק דאָס, וואָס זיי גלוסט זיך.

„מען דאַרף זיך שטאַרק קאָנטראָלירן, כדי ניט צו ענטפערן מיט אַ רעוואָלווער־שאָס אויף דער ווילדער חברה, וואָס מען האָט אַרויס־געלאָזן אויף דער באַפעלקערונג" — דאָס זאָגן אפילו רואיקע, באַשיידענע מענטשן. רוסישע צייטונגען באַקומען מאַסן בריוו, אין וועלכע מענטשן באַקלאָגן זיך אויף די גנבות פון געלט, וואָס די האָרדעס פון וויטע און דורנאָוואָ פירן דורך בשעת די הויז־זוכונגען. (גראַף וויטע איז געווען מיניסטער־פּרעזידענט און דורנאָוואָ אינערן־מיניסטער בעת די אומרואיקע צייטן נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. — וול. גר.)

די צייטונג „מאָלוואָ" האָט געשיקט איר ספּעציעלן קאָרעספּאָנ־דענט, קלימאָוו, וועלכער האָט מיטגעטיילט, אַז פיר און זעכציק פּערזאָנען זיינען דערשאָסן געוואָרן אויף די ערשטע סטאַנציעס פון דער אייזנבאַן־ליניע מאָסקווע־קאַזאַן לויט אַ רשימה, וואָס מען האָט איבערגעגעבן די אָפיצערן. אַלע האָבן געזען די רשימה, וואָס קען דאָ געטאָן ווערן? וואָס פאַר אַ געריכט פּראָוועט די רעגירונג? קיינער קען זיך ניט געבן קיין עצה! און עפּעס מוז דאָך תיכף געטאָן ווערן...

נאַטירלעך, עס וועלן ווידער זיין באָמבעס, באָמבעס אָן אַ סוף.

רעדט וועגן דער רעאַקציע אין אייערע צייטונגען. איר קענט געבן דער פּרעסע אָט די לעצטע צוויי נייעס ווי אַבסאָלוט זיכערע.

מען אַרעסטירט יעדן איינציקן, אויב זיין נאָמען איז באַקאַנט. פיר און פערציק צייטונגען זיינען אָפּגעשטעלט אָדער דורכגעזוכט.

בשעת עס האָט געברענט סיטינס דרוקעריי, וואָס די סאָלדאַטן האָבן אונטערגעצונדן, ווען קיין איינציקער מענטש האָט זיך ניט געפונען אין דער דרוקעריי — דאָס האָט מיטגעטיילט די צייטונגען דער אייגנטימער פון דער דרוקעריי — האָט מען פאַרברענט טייערע מאַטעריאַלן, צווישן זיי אויך אַ מאַנוסקריפּט פון מאַקסים קאָוואַ־לעווסקי וועגן שטאַטסרעכט, אַ מאַנוסקריפּט פון אַ בוך פון זעקס הונדערט זייטן, וואָס מען האָט געהאַלטן אין אויסזעצן.

אָבער געננוג וועגן דעם, סאָפיע, סאַשאַ און איך, מיר אַלע דריי שיקן אייך אונדזערע בעסטע גרוסן.

פעטער קראָפּאָטקין".

וויפל נערוועזיטעט, וויפל שרעק און אומרו צוליב דער דער־נענטערונג פונעם גרויסן צוזאַמענבראָך! מען פילט די אומענדלעכע פאַרצווייפלונג און אומבאַהאָלפנקייט ביי דעם אַלץ אַפּטער קראַנקן מאַן מיט אַ קלאָרן קאָפּ און מיט אויגן, וואָס זעען קלאָר דעם צוזאַ־מענבראָך. אין 1901 איז דערשאָסן געוואָרן דער בילדונגס־מיניסטער באָגאָלעפּאָוו. אין 1902 איז דערהרגעט געוואָרן דער אינערן־מי־ניסטער סיפּיאַגין, עס קומט די גרויסע מפלה פון דער מלחמה מיט יאַפּאַן, אין 1904 ווערט דערשאָסן דער אינערן־מיניסטער פּלעווע, דער אָרגאַניזאַטאָר פונעם קישינעווער פּאָגראָם און אין 1905 ווערט אין מאָסקווע צעריסן פון אַ באָמבע דער גרויספירשט סערגיי אַלעק־סאַנדראָוויטש. אין אַלע עקן פון לאַנד ברענען אויס פויערים־אומרועז און ווערן דערשטיקט, דערטרונקען אין טייכן בלוט. אָט ווערט קומען דער "מאַניפעסט פון 17־טן אָקטאָבער 1905" מיט דעם אָנזאָג פון אַ קאָנסטיטוציע מיט אַ פּאַרלאַמענט, כלומרשט אויסגעקעמפט פון דער "ערשטער רעוואָלוציע", אָבער אין דער אמתן דער ספּאַזמאַטישער קאַמף צווישן דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע מיט דעם פּאַראייניקטן אַדל פון איין זייט און דעם פאָלק פון דער צווייטער זייט, אַ קאַמף אויף טויט און לעבן. עס איז געווען אַ גליק, וואָס געטרייע פריינט האָבן באַרואיקט פעטער קראָפּאָטקינען און איבערגערעדט אים, באַוויזן אים, אַז עס איז נאָך ניט געקומען די צייט פאַר אים צו וואַרפן זיך אין פייער. געאָרג בראַנדעס האָט ניט געשאַנעוועט זיינע פּאַטריאָ־טישע געפילן. נאָך דעם ווי ער האָט אויפגעקלערט דעם נאַרישן ענין מיט דער פאַלשער צייטונגס־מעלדונג שרייבט ער אים:

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 17־טער יאַנואַר 1906.

״...איר האָט מיר אַראָפּגענומען אַ שטיין פון האַרצן, מיך לאָזנדיק וויסן, אַז איר האָט אָפּגעלייגט אייער פאָרן קיין רוסלאַנד אויף בעסערע צייטן. איך קען נישט אַריינשטעקן אייער קאָפּ אין שטייג פון דער ווילדער חיה. צום גליק זייט איר איצט געבליבן גאַנץ, אָבער וויפל קרבנות זיינען דאָ און וואָס פאַר אַ שרעק! דאָס זיינען דאָך ווילדע חיות. עס זיינען ניטאָ אין דער וועלט אַזעלכע ווילדע חיות, וואָס קענען אָפּטאָן אַ הונדערט חלק פון דעם, וואָס עס טוען אָפּ אין רוסלאַנד די מאָנסטערס, וואָס דינען דער רעגירונג.

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

אייער

געאָרג בראַנדעס״.

דאָס זיינען געווען ברוטאַלע ווערטער און פּעטער קראָפּאָטקינען האָט געמוזט שטאַרק ווי טאָן צו הערן זיי פון אַן אויסלענדער, וועלכן ער האָט אַזוי שטאַרק רעספּעקטירט, ווייל יענער האָט פּאָרט געקענט דאָס לאַנד אַ ביסעלע און האָט געהאַט אַזאַ גרויסן אינטערעס אין רוסישער קולטור. עס איז מעגלעך, אַז קראָפּאָטקין האָט זיך דערמאָנט אין די ווערטער פון בראַנדעס, ווען ער איז שפּעטער געקומען קיין רוסלאַנד און האָט זיך געטראָפן פּנים אל פּנים מיט די גרויזאַמע פאַקטן פון דער רוסישער ווירקלעכקייט. אפשר האָט ער זיך דערמאָנט אין די ווערטער בעת זיינע עטלעכע שמועסן מיט לענינען...

עס גייען אַוועק נאָך עטלעכע טעג און געאָרג בראַנדעס באַקומט אַ קורצן אָבער וואַרימען בריוו פון זיין פריינט אין ענגלאַנד.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

בראָמלי, קענט.
19־טער יאַנואַר.

"טייערער פריינט,

נאָר אַ פּאָר ווערטער, נאָר כדי אייך צו זאָגן, אַז עס איז ביי מיר ניט געווען די מינדסטע אידעע פון מאַכן אייך אַ פאָרוואורף. דער מאַנוסקריפּט (וועגן מיין באַציאונג צו ענגלאַנד), וואָס איך האָב אייך געשיקט איז נאָר אויף דעם פאַל, אויב (דער זשורנאַליסט) נאָרס אָדער עמעצער אַן אַנדערער וועט אויפהייבן די פראַגע. מיין פריינט־שאַפט צו אייך איז אַ טיפע — דאָס ווייסט איר. איך האָב אייך ליב — דאָס איז אַלץ.

פעטער קראָפּאָטקין.

זיי זיינען געמיין און משוגע אין רוסלאַנד. האָט איר געלייענט דעם באַפעל פון דעם גענעראַל גובערנאַטאָר אין אָדעס? דאָ (אין ענגלאַנד) האָבן די אַרבעטערס אַ גרויסן נצחון. די ליבעראַלן זיינען פאַראייניקט קעגן די קאָנסערוואַטאָרן (ביי די פּאַרלאַמענט־וואַלן אין יאַנואַר 1906 האָבן די ליבעראַלן אַ סך געוואונען). די "הער־שאַפטן" האָבן ניט געהאַט אַזאַ מין דערשיטערונג זינט 1832. דאָס איז וואונדערלעך! איר קענט זיך גאָרניט פאָרשטעלן די באַגייס־טערונג פון די אַרבעטערס, זיי הייבן אָן פילן זייער כוח. ניין, ענגלאַנד איז ניט טויט — דאָס איז אַן אַנטפלעקונג, וואָס זאָגט צו אַ סך".

וויפל לעבן און וויפל יוגנטלעכע פרישקייט אין דעם דאָזיקן מערקווירדיקן, וואַרימען בריוו. די פאַמיליע איז צוזאַמען מיט אים פאַרכאַפּט פון די שרעקלעכע געשעענישן אין רוסלאַנד און האַלט אין איין צוגרייטן זיך אַריבערצופאָרן אַהין. אָבער קראָפּאָטקין איז ניט ווייניקער פאַרנומען מיט אַלע וויכטיקע זאַכן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אויסער די גרענעצן פון רוסלאַנד, באַזונדערס אויב עס האָט אַ שייכות צו זיינע אידעען, צו זיינע נאָענטע פריינט, אָדער צו די,

וועלכע אידענטיפיצירן זיך מיט זיינע אידעען. געאָרג בראַנדעס פאַרשטייט זייער גוט דעם צאַפּלדיקן כאַראַקטער פון זיין פריינט און פירט מיט אים אַ באַרואיקנדיקן שמועס...

די צוויי פריינט האָבן זיך שוין כמעט צען יאָר ניט געזען, ביידע זיינען געווען איבער דעם קאָפּ פאַרנומען, יעדער מיט זיין אייגענער גרויסער אַרבעט, אָבער אַזוי טיף און אַזוי אינטענסיוו, אַזוי אינ־האַלטסרייך איז געווען זייער פריינטשאַפט און דאָס קעגנזייטיקע פאַרטרויען, אַז זיי האָבן זיך געטיילט מיט יעדער וויכטיקער נייס, מיט יעדן נייעם געדאַנק. עס איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי בראַנדעס, וועלכער גרייט צו צו דער צייט זיינע מאָנומענטאַלע ווערק וועגן געטע, וואָלטער, צעזאַר, מיקעל אַנדזשעלאָ און איז בכלל ניט צו־גענגלעך, געפינט צייט און אינטערעס צו פאַרנעמען זיך מיט ענינים, וועלכע האָבן צו אים קיין שייכות ניט, זיינען אָבער פון אַ געוויסער וויכטיקייט פאַר קראָפּאָטקין. מיר מיינען דערמיט דעם ענין מיטן נאָרוועגישן מחבר פון דער "ביבל פון אַנאַרכיזם", האַנס יעגער. אין אַ בריוו פון 14־טן פעברואַר 1906 פרעגט זיך אָן קראָפּאָטקין ביי געאָרג בראַנדעסן, צי ער האַלט דעם נאָרוועגער פאַר אַן ערנסטן מענטשן. ער ענטפערט אים תיכף גאַנץ אויספירלעך.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

שטאָקהאָלם, גראַנד האָטעל.
17־טער פעברואַר 1906.

"מיין טייערער פריינט,

צו ערשט אַ דאַנק פאַר אייער שאַרמאַנטן און ברייטהאַרציקן אופן צו רעאַגירן אויף דער געשיכטע מיטן פיקטיוון בריוו. אַן אַנדערער וואָלט געווען אַ היפּש ביסל בייז אויף מיר. עס איז קלאָר, איך האָב גאָרניט געדרוקט פון אייער מאַנוסקריפּט וועגן אייער מיינונג בנוגע דעם היינטיקן ענגלאַנד. באַנוצט זיך אַליין דערמיט, ווען איר וועט עס האַלטן פאַר נייטיק. עס איז געווען פיין פון אייער זייט צו שיקן מיר אַ קאָפּיע פון מאַנוקריפּט.

איך בין איצט אין שטאָקהאָלם, וואו איך האַלט לעקציעס. איך קום פון אופסאַלאַ. אַזוי ווי איך בין דאָ ניט געווען זיבעצן יאָר, פייערט מען מיך און מען איז צו מיר זייער פריינטלעך.

וואָס איז נוגע האַנס יעגער האָט איך געוואוסט, אַז ער האָט אייך געשריבן. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אים אַ רעקאָמענ־דאַציע צו אייך. זיין פאַל איז אַן אויסערגעוויינלעכער, אָבער ער איז אַן ערלעכער מאַן. וואָס זאָל איך זאָגן? דאָס איז אַ מין מאַניאַק פול מיט שטאָלץ און באַגייסטערונג. ער איז אויפריכטיק. זיין יוגנט איז צוגעגאַנגען אַזוי: נאָך גאַנץ יונג איז ער פאַרכאַפּט געווען פון צוויי אידעען — פרייע ליבע און איבערגעטריבענער נאַטוראַליזם. ער פּראָקלאַמירט אַ טעאָריע, אַז די אמתע ליטעראַטור דאַרף באַ־שטיין פון ביאָגראַפיע אָן עפּעס צו פאַרשווייגן, און די צווייטע טעאָריע איז, אַז פרייע ליבע וועט מאַכן די מענטשהייט גליקלעך. ער שרייבט אַ בוך "די באָהעמע פון קריסטיאַנאַ" (אַזוי האָט פריער געהייסן די היינטיקע הויפּטשטאָט פון נאָרוועגיע, אָסלאָ — וול. גר.), אַ בוך, אין וועלכן עס איז דאָ טאַלאַנט און ברוטאַליטעט. מען איז געווען געצוונגען נאַריש (ס'איז געווען, דוכט זיך, אין 1885) צו קאָנפיס־קירן דאָס בוך און אַריינזעצן אים אין געפענגעניש. מען איז אַזוי אָנגעשראָקן אין דעם לאַנד וואָס קריסטיאַנאַ איז, אַז ער קען ניט געפינען אפילו וואו צו וואוינען. ער גייט אין גלות קיין פאַריז און לעבט דאָ אין גרויסער אָרימקייט. ווייטער — ער האָט אַ ליבעס־געשיכטע מיט אַ נאָרוועגישער פרוי און דערציילט זיינע ליבעס אין אַ ריי פון בענדער (זייער סעקסועל, אָבער זייער נאַטוראַליסטיש); ער האָט ליב און פאַרגעטערט אין זיינע ביכער אַלץ די אייגענע פרוי, אָבער ער קאָמפּראָמיטירט זי שרעקלעך, ווייל ער דרוקט אירע ליבעס־בריוו, וואָס זי איז געווען לייכטזיניק אים צו שרייבן. ער ווערט אַרויסגעשטויסן פון דער געזעלשאַפט, אָבער פאַרשיידענע זאַכן, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן און וואָס אַנדערע מענטשן באַטראַכטן פאַר ווילדע מעשים, לאָזן זיך דערקלערן מיט זיין פאַנאַטיזם און זיין איבערצייגונג, אַז ער איז דערצו באַרעכטיקט.

איצט באַטראַכט ער זיך פאַר אַן איבערצייגטן אַנאַרכיסט; ער האָט אָנגעשריבן אַ ווערק "די ביבל פון אַנאַרכיזם" (לויט אייערע

אידעען, זאָגט מען). דער דענישער פֿאַרלעגער האָט ניט געוואָלט דרוקן דאָס בוך אָן אייער הקדמה. (דאָס בוך איז דערשינען אין 1906 אויף דעניש אין קאָפּענהאַגען און אין קריסטיאַנאַ אין דעם באַקאַנטן פֿאַרלאַג פֿון גילדענדאַל אָן קראָפּאָטקינס הקדמה).

ער וועט אייך בעטן צו לייענען דעם מאַנוקריפּט, אָבער ער וועט אויך זיין צופרידן, אויב איר וועט לייענען נאָר עטלעכע זייטן וועגן זיין אַנאַרכיזם בכלל.

מיט מיין ליבע צו אייך פֿון טיפֿן האַרצן,

אייער געאָרג בראַנדעס".

די קאָרעספּאָנדענץ קלינגט אפשר אַ ביסל מערקווירדיק היינט, אָבער אַ בוך וועגן אַנאַרכיזם, געדרוקט אין די סקאַנדינאַווישע לענדער מיט עטלעכע און פֿופֿציק יאָר צוריק, ווען דאָרט האָט געהערשט די רעאַקציע און די פּראַקטיק פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָט געמוזט ווירקן ווי אַ באָמבע, און אַ שרייבער מיט די בעסטע אידעען און איבערצייגונגען האָט געמוזט האָבן אַ סך קוראַזש, כדי צו וואַגן אָפֿן אַרויסטרעטן מיט די אידעען. ווען דער גרויסער נאָרוועגישער דראַמאַטורג הענריך איבסען האָט אָנגעשריבן זיין באַרימט ווערק "די געשפּענסטער", האָט די אַזוי גערופֿענע עפֿנטלעכע מיינונג פֿון לאַנד ניט געקענט געפֿינען גענוג שאַרפֿע ווערטער, כדי צו פֿאַרמשפּטן דעם מחבר. ווען געאָרג בראַנדעס האָט געהאַלטן זיין ערשטע לעקציע אין קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט און האָט גערעדט וועגן דעם פֿראַנצויזישן נאָוועליסט פֿלאָבער און זיין ראָמאַן "מאַדאַם באָוואַרי", איז די רעאַקציאָנערע פּרעסע אַרויסגעטראָטן מיט אַלאַרמירנדיקע געשרייען קעגן זיין פּריידיקן "פֿרייע ליבע". אַלע דערקלערונגען פֿון בראַנדעס, אַז ער האָט אין זיין פֿאָרטראַג ניט גערעדט ניט וועגן פֿרייער ליבע און ניט וועגן ליבע בכלל, ניט גערעדט און ניט דערמאָנט אפֿילו, האָבן ניט געהאָלפֿן און ניט אָפּגעשטעלט די קאַמפּאַניע. דערפֿאַר האָט בראַנדעס, ניט האָבנדיק מסתמא קיין זייער גרויסן אינטערעס פֿאַר האַנס יעגער און זיין ליטעראַרישער פּראָדוקציע, געהאַלטן פֿונדעסטוועגן פֿאַר נייטיק צו געבן זיין פּריינט קראָפּאָטקין אַזוי פֿיל אינפֿאָרמאַציע וועגן דעם

מחבר פון דער "ביבל פון אַנאַרכיזם", וויפל עס איז נאָר געווען מעגלעך.

דאָס יאָר 1906 האָט באַטייט זייער פיל פאַר פּעטער קראָפּאָטקין. די געשעענישן אין רוסלאַנד פאַרפאָלגט ער מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און שפּאַנונג. פון אַלע עקן פון רוסלאַנד קומען אָן אויספירלעכע ידיעות וועגן דער ווילדקייט פון דער רוסישער רעאַקציע און איר אכזריות. די דומע ווערט צעטריבן. דער טעראָר פון ביידע זייטן פאַרשטאַרקט זיך. דעם 31־טן יאַנואַר 1907 ווערט אין וואַרשע דערשאָסן גרין, דער שעף פון דער געהיימער פּאָליציי. קראָפּאָטקין שרייבט זיינע ווערק וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, באַלד נאָך דעם וועגן טעראָר אין רוסלאַנד. ער איז זייער אומרואיק.

זומער 1906 קומט בראַנדעס קיין לאָנדאָן, כדי צו האַלטן אַ פאָרטראַג דעם 5־טן יוני, דעם טאָג פון דער דענישער קאָנסטיטוציע, פאַר דער דענישער קאָלאָניע. קראָפּאָטקין ווערט איינגעלאַדן צו דעם אָוונט, אָבער ער זאָגט זיך אָפּ צו קומען, ווייל ער ווייסט, אַז מען וועטריידן וועגן דעם דענישן קעניג. בכלל האָט ער ניט ליב קיין צערעמאָניעס פון דעם סאָרט. קראָפּאָטקין בעט געאָרג בראַנדעסן צו וואוינען ביי אים אין לאָנדאָן בעת זיין באַזוך, אָבער בראַנדעס מוז זיך אָפּזאָגן, ווייל ער וועט דאַרפן קומען שפּעט ביי נאַכט און ער וויל ניט שטערן. זיי האָבן אָבער איצט די שוין לאַנג געוואונטשענע געלעגנהייט צו זיין צוזאַמען, צו ריידן, צו פילן די נאָענטקייט פון אַ טייערן פריינט. עס ווערן אַוועקגיין עטלעכע חדשים און זיי וועלן ביידע נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַן ענין, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די עפנטלעכע מיינונג פון גאַנץ אייראָפּע. דאָס איז דער ענין פון דעם רוסישן רעוואָלוציאָנער טשערניאַק, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן אין שטאָקהאָלם אונטער דער אָנקלאַגע פון דער רוסישער רעגירונג, אַז ער האָט אָנטיילגענומען אין אַ טעראָריסטישער געלט־עקספּראָפּריאַציע. אויסליפערן טשערניאַקן הייסט שיקן אים צו דער תליה.

געאָרג בראַנדעס ווערט קראַנק זומער 1906 און ליגט אין שפּיטאָל. פונעם קראַנקנבעט שרייבט ער בריוו צו קראָפּאָטקינען און

בעט ביי אים זיין אַדרעס אין רוסלאַנד, אויב, ניט געקוקט אויף די רייד פון אַלע פריינט, ער וועט פאָרט אַוועקפאָרן אַהין. קראָפּאָטקין גייט אָן מיט דער אַרבעט אויף זיין ווערק וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די זאַכן אין הויז ווערן דערוויל געפּאַקט, די פאַמיליע זיינע פאָרט אַריבער קיין פראַנקרייך. אין מיטן פון די נייעס, וואָס קומען אָן פון רוסלאַנד, ברעכט אויס דער סקאַנדאַל אַרום דעם אַרעסטירטן טשערניאַק. אַ גרויסע אויפרעגונג הערשט אין פּאַריז. דער פּרעזידענט פון דער ליגע פאַר דער פאַרטיידיקונג פון מענטשן־רעכט, פּרעסאַנסע, און אַנאַטאָל פראַנס, ווי פּרעזידענט פון דער געזעלשאַפט „פריינט פון רוסישן פאָלק", צוזאַמען מיט אַ גרויסער צאָל אַנדערע באַרימטע פּערזענלעכקייטן שרייבן אונטער אַ פּעטיציע צום שוועדישן פּאַרלאַמענט, בעטנדיק, אַז מען זאָל ניט דערלאָזן טשערניאַקס דעפּאָרטאַציע קיין רוסלאַנד. אין דער גרויסער דענישער צייטונג „פּאָליטיקען" ווערט פּובליצירט דעם 1־טן פעברואַר 1907 ער ערשטער אַרטיקל פון געאָרג בראַנדעס וועגן דעם ענין טשער־אונטער דעם קאָפּ: „אַן אַפּיל צו דער עפנטלעכער מיינונג פון שוועדן". דעם 5־טן פעברואַר 1907 דערשיינט אין „פּאָליטיקען" דער צווייטער אַרטיקל פון געאָרג בראַנדעס וועגן דעם ענין מיט אַ ריי איינצלהייטן. איין טאָג פאַרן דערשיינען פון דעם ערשטן פּראָטעסט־אַרטיקל באַקומט בראַנדעס דעם ווייטערדיקן בריוו פון קראָ־פּאָטקינען:

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, בראָמלי, קענט.
2־טער פעברואַר 1907.

„מיין טייערער פריינט,

זייט מיר מוחל מיין כתב! איך שרייב ליגנדיק אין בעט מיט אַ מיאוסער אינפלוענציע; ס'איז אָבער אַ דרינגלעכער ענין.

איר ווייסט, אָן ספק, וועגן דעם, אַז מען האָט אַרעסטירט אין שוועדן אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער טשערניאַק. די רוסישע רע־

גירונג פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים אויסליפערן, ווייל ער זאָל האָבן זיך כלומרשט באַטייליקט אין אַ באַוואָפנטן איבערפאַל אין פעטער־בורג אויף אַ קאָנוואָי, וואָס האָט טראַנספּאָרטירט געלט פון דער מלוכה. מען האָט ביים איבערפאַל צוגענומען זעקס הונדערט טויזנט רובל.

פריער פון אַלץ, די באַשולדיקונג איז ניט באַוויזן. פאַרקערט, עס איז באַוויזן מיט ערנסטע עדות, אַז די באַשולדיקונג איז אַ פאַלשע און טשערניאַק האָט זיך גאָר געפינען צו יענער צייט אין אויסלאַנד, ניט אין דעם אָבער באַשטייט די פראַגע. מען דאַרף באַקומען צו וויסן, צי אַ רעגירונג פון אַ ציוויליזירטן לאַנד ווי שוועדן קען בכלל אויסליפערן וועמען עס זאָל ניט זיין, בפרט אַ פּאָליטישן פליכטלינג, צו אַ רעגירונג פון באַרבאַרן פון מיטלאַלטער, וואָס די רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם צווייטן שטעלט מיט זיך היינט פאָר, אַ רעגירונג, וואָס פייניקט אירע אַרעסטירטע פיזיש אויף דעם געמיינסטן אופן.

די פאַקטן לאָזן זיך ניט אָפּלייקענען, מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט די גאַנצע רוסישע פּרעסע געלאָזט וויסן, אַז די מלוכה־פּאָליציי האָט געשיקט דעטעקטיוון אין תפיסה פון וואַרשע, וואו זיי האָבן אויף אַן אכזריותדיקן, ווילדן אופן, געפייניקט אַ געוויסע צאָל אַרעסטירטע.

דער מלוכה־פּראָקוראָר אַליין איז געווען אויפגעבראַכט און האָט פאַרלאַנגט, אַז די געהיימע פּאָליציי זאָל אָנגעקלאָגט ווערן. דער פּראָקוראָר איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון זיין פּאָסטן. איר האָט געקענט לייענען היינט טעלעגראַמעס, אַז די רעוואָלוציאָנערן זיינען געצוואונגען געווען צו מאַכן אַ סוף צו די פייניקונגען און דערהרגעט דעם שעף פון דער געהיימער פּאָליציי אין וואַרשע.

ס'איז ווי אין בוכאַראַ און ערגער ווי אין פּערסיע.

און דער פייניקער אין יעקאַטערינאָסלאַוו, טרוסעוויטש, וועל־כער האָט געטאָן דאָס אייגענע אין דרום רוסלאַנד — דאָס געריכט האָט אים פאַרמשפּט, ס'איז צום לאַכן, צו איין חודש טורמע. די ריכטערס האָבן גערעכנט, אַז אויב מען וואָלט אים געגעבן אַן ערנסטע שטראָף, וואָלטן אַגענטן פון דער רוסישער רעגירונג געמאַכט אַ סוף צו אים.

אפשר קומט עס נאָך פאַר אין בוכאַראַ (איך באַשטיי ניט אויף דעם, ניט ווענדיק באַליידיקן דעם עמיר) — אָבער אַזוי ווי דאָס ווערט ברוטאַל פּראַקטיצירט אין רוסלאַנד, ווערן דערמיט אַליין אָפּגעשאַפט אַלערליי אָפּמאַכן וועגן אויסליפערן. נאָר באַצאָלטע מענטשן קענען איבערגעבן עמעצן אין די הענט פון מערדערס און פייניקערס, וואָס זיצן אין פּעטערהאָף (די רעזידענץ פונעם צאַר צו יענער צייט — ווכ. גר.).

איך מוז איצט פאַרענדיקן דעם בריוו — איך בין נאָך צו שוואַך צו קענען שרייבן, אָבער איך בעט איך, מיין טייערער, גוטער פריינט, נוצט אויס אייער גאַנצן איינפלוס אין דער סקאַנדינאַווישער פּרעסע, כדי ניט צו דערלאָזן, אַז דער גוטער נאָמען פון די שוועדן זאָל ווערן צו אַן אַלגעמיינער שאַנדע, אויב מען וועט דערלאָזן די דאָזיקע דעפּאָרטאַציע.

די בעסטע גרוסן פון אונדז אַלע דריי,
ברידערלעך אייער
פּעטער קראָפּאָטקין".

די עפנטלעכע מיינונג אין שוועדן האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פון רעאַקציאָנערן רעזשים. די אַרבעטער־פירער יאַל־מאַר בראַנטינג און קאַרל לינדהאַגען זיינען געווען די פּאַרטיידיקער פון טשערניאַקן און דער רוסישער רעוואָלוציאָנער איז ניט אַרויס־געשיקט געוואָרן פון שוועדן. אָבער דעם 14־טן פעברואַר האָבן די צייטונגען געמאָלדן, אַז בשעת אַ שיף איז אָנגעקומען קיין אַנט־ווערפּן, האָט מען געבראַכט אויפן ברעג דעם טויטן קערפּער פון טשערניאַקן. די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז "אַן אַקסי־דאַן" (אַן אומגליקספאַל) איז געשען... "אַן אומגליקספאַל", דאָס איז אמת...

פאַר געאָרג בראַנדעס האָט דער ענין טשערניאַק געהאַט די געוויינלעכע פאָלגן: אַ קאַמפּאַניע פון זידלעריי און אַ כוואַליע פון אַנאָנימע בריוו — צוזאַמען מיט דער באַוואונדערונג פון זיינע פריינט אין איירָאָפּע. עס האָט געאָרג בראַנדעסן קיין מאָל ניט געפעלט קיין קוראַזש, ווען מען האָט געדאַרפט פאַרטיידיקן די איינ־

טערעסן פון יושר, אַפילו דענסטמאָל, ווען דער קרבן איז געלעגן מאַכטלאָז אין די הענט פון זיינע שונאים.

זיי זיינען ביידע געווען קראַנק בעת די שטורמישע טעג, אָבער ביידע האָבן ניט גערוט, גאַנץ באַזונדערס קראָפּאָטקין.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

ווילאַ בראָמליי, קענט,
16 פעברואַר 1907.

"זייער טייערער פריינט,

נאָר אַ פּאָר ווערטער. וואָס איז דאָס פאַר אַ צווייטער "בראַנ־דעס־אַרטיקל" אין "פּאָליטיקען", וועלכער האָט אַזוי אויפגעבראַכט "מיט זיין גיפטיקן טאָן" דעם מלוכה־ראַטמאַן פּעטערסאָן?...

איך ברען מיטן פאַרלאַנג צו באַקומען דעם נומער פון דער צייטונג נאָך דעם, ווי איך האָב געלייענט דעם באַריכט וועגן דעם ענין טשערניאַק אין דער "געטעבאָרגער צייטונג" ("געטעבאָרגער טידניג", דאָס איז אַ באַרימטע ליבעראַלע צייטונג אין שוועדן. — וול. גר.).

אָבער דער אָרעמער, אָרעמער מענטש. וואָס פאַר אַ טויט! איז דאָס געווען אַן "אַקסידאַן"? און אפשר איז דאָס איינע פון די דראַמעס, וואָס די אייזנבאַן־געזעלשאַפטן און שיף־געזעלשאַפטן באַהאַלטן, ווי מען באַהאַלט די סודות פון אַ געפענגעניש.

איך האָב אויך געשריבן צו דער צייטונג "שטאָקהאָלמס דאַג־בלאַד", אָבער איך צווייפל, צי זיי וועלן דריקן מיין בריוו.

די נייע אויסגאַבע פון מיינע "זכרונות" איז דערשינען מיט אַ נייער הקדמה, וואָס איר וועט אפשר אַריינקוקן אין איר. איך שיק אייך דאָס בוך. (חוץ דעם באַקאַנטן פאָרוואָרט פון געאָרג בראַנדעס האָט קראָפּאָטקין אַליין אָנגעשריבן אַ פאָרוואָרט, אין וועלכן ער רעדט אַרום די אַקטועלע געשעענישן אין רוסלאַנד. — וול. גר.).

נאָך דעם ווי איך האָב פאַרבראַכט פופצן טעג אין פאַריז, בין

איך איצט געקומען צוריק מיט אַ נייער בראָנכאָ־פּנוימאָניאָ. אַט זיינען שוין אַוועק פיר וואָכן, ווי איך מוז היטן דאָס הויז און כמעט די גאַנצע צייט זיין אין בעט.

אַ סך, אַ סך גרוסן פון אונדז דריי,

אייער אויפריכטיקער

פעטער קראָפּאָטקין.״.

# זעכצנטער קאַפּיטל

קראָפּאָטקין איז ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער מאָראַל־פּריידיקער אָדער מוסר־זאָגער. זיינע פילאָזאָפישע און סאָציאַל־פּאָליטישע געדאַנקען האָבן זיך שטענדיק אַנטוויקלט מעטאָדיש און וויסנשאַפטלעך, אָבער זיי האָבן זיך שטענדיק געפּאָרט אויף אַ גאַנץ באַזונדערן אופן מיט אַ וואַרעמער מענטשלעכקייט. ער איז געווען אַ גרויסער קענער, אָבער ניט קיין דאָקטרינער, ניט קיין טרוקענער געלערנטער, וואָס איז ווייט פון די לופטיקע און אַקטועלע געשעענישן. דער טראַגישער פאַל טשערניאַק האָט אים טיף דערשיטערט, ווי עס האָבן אים געהאַלטן אין דער גרעסטער שפּאַנונג אַלע נייעס פון רוסלאַנד. געאָרג בראַנדעס האָט רעאַגירט אויף די אייגענע נייעס ניט ווייניקער שטורמיש און האָט זיך תיכף געטיילט מיט זיינע געפילן מיט זיין פריינט.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 18 פעברואַר 1907.

"מיין טייערער פריינט,

איך בין ווידער אין שפּיטאָל מיט מיין קראַנקהייט — צום דריטן מאָל זינט איך האָב אייך געזען, אָבער איך וועל זיין מיט אַלעמען אין עטלעכע טעג אַרום. דעם אויגנבליק, ווען איך האָב באַקומען אייער בריוו, האָב איך שוין געהאַט געשריבן דעם אַרטיקל וועגן טשערניאַקן. דאָס האָבן פאַרלאַנגט פון מיר פריילן שאַומאַן פון העלסינגפאָרס, די שוועסטער פון דעם, וואָס האָט

דערשאָסן באָבריקאָוון (גענעראַל־גובערנאַטאָר פון פינלאַנד), און אַ סך אַנדערע. נאָך אייער בריוו האָב איך ווידער געשריבן אַן אַר־טיקל, דאָס איז "דער צווייטער אַרטיקל מיט גיפט", וועגן וועלכן איר רעדט לויט דעם, ווי די מיזעראַבלע שוועדישע צייטונגען שרייבן, און וועלכע איך האָב ניט געזען. ניין, דאָס איז ניט מיין אַרטיקל, נאָר פון די אַגענטן פון רוסלאַנד, וואָס האָבן פאַרסמט טשערניאַקן. רוסלאַנד האָט ניט געוואָלט אַרויסלאָזן פון די הענט לעבעדיק דעם קרבן, וואָס פאַר אַ טראַגעדיע!

איך האָב ניט געדאַרפט קענען די גאַנצע געשיכטע, כדי עס זאָל ווערן גרעסער מיין עקל צו צייטונגען, זשורנאַליסטן, צו דער עפנטלעכער מיינונג, שאָוויניזם א. א. וו. און אויב ס'איז פאַרט נייטיק געווען, האָט אָט דער פאַל מיר דאָס געגעבן.

די לעצטע דריי אָדער פיר וואָכן באָמבאַרדירט מען מיך פון אין דער פרי ביז ביינאַכט מיט אַנאָנימע בריוו פון שוועדן, פול מיט באַליידיקונגען און זידלערייען, מיט אַרטיקלען פון צייטונגען, וואָס זיינען אין כעס, און פאַר וואָס? ווייל ווי האָב איך געוואָגט, איך אַ פּריוואַט מענטשעלע, צו בעטן זיך ביים הייליקן און שטאָלצן שוועדן ניט צו ווערן אַ לאַקיי און אַ תליון ביי דער רוסישער רע־גירונג — איך האָב אָבער דאָס אייגענע געטאָן אַ סך מאָל בנוגע דער דענישער רעגירונג (די פרוי פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, די מוטער פון ניקאָלאַי דעם צווייטן, מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ, איז געווען די טאָכטער פון דעם דענישן קעניג פרעדעריק. — וול. גר.).

זינט מען האָט פאַרלוירן נאָרוועגיע איז דער שוועדישער שאָ־וויניזם זיך אַזוי צעוואַקסן, אַז גאַנץ רואיקע מענטשן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין מאַניאַקן. אָבער — מען וואָלט געדאַרפט זיין צו פיל פאַרנומען, אויב מען זאָל רעאַגירן אויף אַלע נאַרישקייטן און ווילדקייטן פון מענטשן.

זינט דעם זומער ווייס איך גאָרניט וועגן אייך. איך וואָלט צייטנווייז וועלן וויסן, וואו זענט איר און וואוהין פאָרט איר. חודש יוני אָדער יולי האָב איך אייך געשריבן פון שפּיטאָל, איר זייט ניט געווען אין אַ שטימונג מיר צו ענטפערן. מיר זיינעןביידע שטאַרק פאַרנומען און ביידע זיינען ניט געזונט.

מיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט און לעבט אין בערלין. סאַשאַ איז נאָך פריי, איז אפשר קען זי מיר שרייבן אַ פּאָר שורות, אויב איר האָט ניט קיין צייט. איך דריק אייך אַלעמען די האַנט.

אייער פריינט,

געאָרג ב.״.

בראַנדעס איז ניט אין קיין גוטער שטימונג. ער האָט ניט קיין פריינט אַרום זיך פון אַזאַ פאָרמאַט ווי פּעטער קראָפּאָטקין. די אייגענע שטימונגען באַהערשן קראָפּאָטקינען, אָבער די קאָרעס־פּאָנדענץ טראָגט אַ מער אָדער ווייניקער צופעליקן כאַראַקטער. די געשעענישן אין רוסלאַנד און די דערוואַרטונג, די דערוואַרטונג פון דעם, וואָס לויט קראָפּאָטקין מוז אונטער אַלע אומשטענדן קו־מען, דריקן און פּלאָגן די צוויי מענטשן.

פון 1908 זיינען ניטאָ קיין בריוו. פון 1909 איז דאָ אַ לאַנגער בריוו פון סאַשאַ, קראָפּאָטקינס טאָכטער, אין וועלכן זי דערציילט, אַז זי האָט באַזוכט רוסלאַנד און איז געבליבן דאָרט זעקס חדשים. זי איז געווען אין פּעטערבורג גאַנצע צוויי חדשים, אָבער די שטאָט איז איר ניט געפעלן געוואָרן. זי האָט באַוואונדערט מאָסקווע, אַרויסגעפאָרן אויף דער וואָלגע און זיך צוגעקוקט צום לעבן פון די פאַרשידענע באַפעלקערונג־גרופּעס און קלאַסן. זייענדיק צוזאַ־מען מיט די נאָענטסטע קרובים, ד. ה. מיט דער משפחה פונעם פאָטער, האָט זי ניט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צוצוקומען נאָ־ענט צו די פּויערים, ווייל די משפחה האָט ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיט זיי. ערשט ווען די יונגע פרוי איז אַליין אַרומ־געפאָרן, האָט זי געקענט זיין צוזאַמען מיט פאָלקס־מענטשן. אויף דעם בריוו פון סאַשאַן האָט בראַנדעס געענטפערט ליגנדיק אין שפּיטאָל מיט אַן אויספירלעכן בריוו.

די צוויי קלענערע ווערק, וואָס קראָפּאָטקין האָט אין די יאָרן געשריבן וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און וועגן טעראָר אין רוסלאַנד (לאָנדאָן, 1909) — האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן איינ־דרוק אויף געאָרג בראַנדעס. אין אַ בריוו צו קראָפּאָטקינען (30־טער נאָוועמבער 1909) שרייבט ער, אַז ״דאָס ווערטפולע בוך

וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט ער געלייענט און ווי־דער געלייענט" און אַז די בראָשור וועגן דער קאָנטער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט ער געלייענט "מיט די טיפסטע עמאָציעס":

"יאָ, דאָס, פאַר וואָס איך האָב אַזוי מורא געהאַט, איז געשען, און קיין זאַך, וואָס מיר האָבן דערוואַרט, איז ניט רעאַליזירט געוואָרן. מענטשן, ווי מאַקסים קאָוואַלעווסקי און פירשט פּאַוועל דאָלגאָ־רוקי, זיינען אַפילו בשעת די געשעענישן פון 1906 געבליבן אומ־גלייכלעכע אָפּטימיסטן".

ביידע, בראַנדעס און קראָפּאָטקין, האָבן געאַרבעט, געשריבן און אַרומגעפאָרן, געזוכט אַ געלעגנהייט ערגעץ זיך צו טרעפן און אַלץ ניט געקענט. ביז דאָס איז סוף כל סוף געשען אין לאָ־קאַרנאָ, אָנהייב זומער 1910. אין אַ בריוו פון 3־טן יולי 1910, שרייבט בראַנדעס צו קראָפּאָטקינען:

— "...מיינע געדאַנקען קערן זיך אום צו לאָקאַרנאָ, מיט אַנ־דערע ווערטער צו אייך. אייער פריינטשאַפט, אייער גרויסע גוטס־קייט און מענטשלעכקייט האָבן געמאַכט מיין פאַרברענגען מיט אייך (אין לאָקאַרנאָ) גרויסאַרטיק און אומפאַרגעסלעך. עס איז אַ פרייד צו זען אייער פיין שמייכל; צו הערן אייך ריידן איז אַ באַ־זונדער פאַרגעניגן, זייער אַ זעלטענער פאַרגעניגן".

אַז דאָס טרעפן זיך האָט געמאַכט אַ שטאַרקן, מען וואָלט געקענט אפשר זאָגן, אַ נייעם און דערפרישנדיקן איינדרוק אויף בראַנדעסן, ווייסט מען פון דעם, וואָס ער האָט געשריבן אין "פּאָ־ליטיקען", ווען ער איז געקומען אַהיים. איינער פון די אַרטיקלען איז אָפּגעדרוקט אין אַ באַנד פון פּאָרטרעטן און עסייען אונטער דעם נאָמען "פוגלעפּערספּעקטיוו" (1913), וואָס אויף יידיש לאָזט זיך עס גרינג איבערזעצן מיטן וואָרט "פויגל־פּערספּעקטיוון". אין דעם אַרטיקל מאָלט ער אַ בילד פון קראָפּאָטקינס פּערזענלעכקייט. אַ בילד פול מיט באַוואונדערונג און באַגייסטערונג. בראַנדעס מאַכט אַן אינטערעסאַנטן פאַרגלייך צווישן קראָפּאָטקין און טאָל־סטאָי, וועלכער האָט, ווי בראַנדעס פאָרמולירט עס צום סוף פון זיין לעבן גענומען אַ סך פון קראָפּאָטקינס אידעען *):

*) "פוגלעפּערספּעקטיווען", זייט 308 (דעניש).

— עס איז צו שטוינען, ווי שטאַרק טאָלסטאָי האָט אין זיינע לעצטע יאָרן זיך דערנענטערט צו קראָפּאָטקינען און צו זיינע גרונט־אידעען. אין זיינע קליינע שריפטן באַרופט זיך טאָלסטאָי שטענדיק אויף אים, ספּעציעל אויף זיין ווערק "פעלדער, פאַבריקן און וואַרשטאַטן". עס זיינען ניטאָ קיין גרויסע אונטערשידן אין זייערע סאָציאַלע אידעען, אָבער עס זיינען דאָ גרעסערע אונטערשידן אין זייערע פערזענלעכקייטן".

בראַנדעס אַנאַליזירט קורץ דעם לעבנסוועג פון ביידע און קומט צום אויספיר, אַז קראָפּאָטקין האָט געהאַט אַ סך מער פּאַר־פּאָלגונגען אויסצושטיין — בעת טאָלסטאָי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע פערזענלעכע באַקוועמלעכקייטן און איז פאַרבליבן דער לי־בער, וואַרעמער מענטש, אָן שום פּרעטענזיעס. בעת די רוסישע רעגירונג האָט ניט געוואַגט עפּעס שלעכטס צו טאָן טאָלסטאָיען און געהייסן לאָזן אים צורו, האָט מען פאַרפאָלגט קראָפּאָטקינען אויף יעדן שריט און טריט. אַפילו די פראַנצויזישע רעגירונג האָט אַריינגעוואָרפן קראָפּאָטקינען אין טורמע און געהאַלטן אים דאָרטן יאָרנלאַנג, כדי צו חנפענען די רוסישע רעגירונג. אַפילו אין לאָנ־דאָן האָבן אַגענטן פון דער רוסישער פּאָליציי אָן אַן אויפהער שפּיאָנירט אַרום זיין הויז. דאָס אַלץ האָט ניט געענדערט קראָפּאָט־קינען.

געאָרג בראַנדעס זאָגט ניט, אַז קראָפּאָטקין איז גרעסער פון לעוו טאָלסטאָי, אָבער ער איז פאַר אים גייסטיק "נאָך העכער". אויב עמעצער האָט געהאַט גרונט צו זיין דורכגעדרונגען מיט אומ־צוטרוי צום מענטשן, איז דאָס ער, אָבער ניט געקוקט אויף אַלץ, איז ער פאַרבליבן "דער מענטשן־פריינט, אָפּנהאַרציק און וואַרעם".

איך ווייס ניט, צי בראַנדעס האָט אַזוי גערעדט און געשריבן נאָך וועגן עמעצן. עס איז ניט געווען סתם באַגייסטערונג פאַר אַ פריינט, ווען ער שעצט זייער הויך, נאָר דאָס קלאָרע באַוואוסט־זיין, אַז זיין פריינט איז אַ זעלטענע דערשיינונג, אַ פערזענלעכקייט מיט גרויסע עטישע פּרינציפּן, אַ מוסטער פון אַ גייסטיקן מנהיג.

פּעטער קראָפּאָטקין האָט באַקומען צו וויסן וועגן די אַרטיקלען

און איז געווען שטאַרק גערירט. גאַנץ באַזונדערס צוליבן אַוועק־שטעלן אים צוזאַמען מיט לעוו טאָלסטאָי. אינגאַנצן פריי פון באַ־רימערײַ און סנאָביזם איז עס פאַר אים געווען טייער צו דער־שפּירן די פריינטשאַפט און אויפריכטיקע איבערגעגעבנקייט פון בראַנדעסן. דעם פאַרגלייך מיט טאָלסטאָיען האָט בראַנדעס געמאַכט מערער מאָל.

די גאַנצע צייט איז קראָפּאָטקין פאַרנומען מיט זיינע ווערק, וועלכע דערשיינען אין פאַרשידענע שפּראַכן, באַזונדערס זיינע "פעלדער, פאַבריקן און וואַרשטאַטן". דאָס בוך דאַרף איצט אַרויס אויף פראַנצויזיש. עס בלייבט ווייניק צייט. מען דאַרף זיך גרייטן צום פאָרן אַהיים...

עס וואָלט מסתמא געווען שווער צו געפינען אַ צווייטן וויסנ־שאַפטסמאַן, אַ דענקער און סאָציאָלאָג, ווי פּעטער קראָפּאָטקין, וועלכער וויל געניסן פון אַלע פאַרגעניגנס פון לעבן אין דעם בעסטן זין פון דעם וואָרט. אין מיטן פון זיין אַרבעט מיט אַ רע־ווידירטער אויסגאַבע פון די "פעלדער, פאַבריקן און וואַרשטאַטן", אין מיטן פון איבערלייענען פונדאַסניי אַלע ווערק פון טאָלסטאָי און אויך די גרויסע אַרבעט פון געאָרג בראַנדעס וועגן די צוויי נאָרוועגיער, איבסען און ביאָרנסאָן, איז קראָפּאָטקין פאַרנומען מיט אַזאַ ספּעציעלער טעמע, ווי לאַמאַרקיזם. זשאַן באַפּטיסט לאַמאַרק (1744־1829) איז געווען דער באַרימטער פראַנצויזישער געלערנ־טער, אַ מחבר פון גרויסע ווערק וועגן "פילאָזאָפיע פון סאָציאָלאָ־גיע" און פּאַלעאָנטאָלאָגיע, וועלכער האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דאַרווין (1809־1882) און דאַרוויניזם; קראָפּאָטקין דרוקט אין דעם יולי־נומער פון דעם "ניינצנטן יאָרהונדערט" אַן אַרטיקל "די ווירקונג פון דער סביבה אויף חיות", אין הויז איז מען פאַרנומען מיט גרייטן זיך צום פאָרן, דערווייל איבערזעצט אויף ענגליש די טאָכטער, סאַשאַ, קראָפּאָטקינס "גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע".

# פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

וויאָלאַ, מוסוועל היל ראָאַד,
לאָנדאָן, 22 יולי 1910.

"מיין טייערער פריינט,

די צייט לויפט אַזוי גיך, אַזוי גיך — ווען מען האָט אַ דרינג־לעכע אַרבעט און דערצו נאָך די גאַנצע צייט אַ מאָסע באַזוכער — לאָנדאָן ווערט אין די חדשים יוני און יולי פּשוט אַ גרויסע סטאַנ־ציע פאַר דורכרייזנדיקע אַמעריקאַנער, רוסן, דייטשן, אָריענטאַלער! שוין איבער פופצן טעג ווי איך האָב באַקומען אייער פיינעם בריוו און יעדן טאָג טראַכט איך אַלץ, אַז איך דאַרף אייך ענטפערן.

טייערער פריינט, איך קען אייך ניט זאָגן, ווי צופרידן איך בין, ווען איך דערזע אייער כתב און לייען אייערס אַ בריוו, אַזאַ פריינטלעכן, און באַקום צו וויסן, אַז איר זייט געזונט און צופרידן מיט אייער רייזע.

אָט זיינען שוין אַוועק כמעט צוויי חדשים זינט איך האָב זיך אומגעקערט פון דער רייזע און די גאַנצע צייט בין איך פאַרנומען מיט אַ רעווידירטער פראַנצויזישער אויסגאַבע פון די "פעלדער, פאַבריקן". ציפערן, לאָגאַריטמען, חשבונות אָן אַן עק, אַלץ אַ דאַנק דער מענטשלעכער נאַרישקייט פון ניט וועלן אַקצעפּטירן דעם דעצימאַ־סיסטעם ביים רעכענען. אָבער דערפאַר האָב איך אויך אָנגעפילט דאָס ביכל מיט זייער אינטערעסאַנטע זאַכן. דאָס פראַנ־צויזישע דאָרף איז אומגלייבלעך שטאַרק אַקטיוו, פול מיט קולטור און מיט קליינע אינדוסטריעס, נייע אינסטרומענטן, נייע פּראָצעסן פון אַרבעט — דאָס אַלץ אין מיטן פון אַ שטענדיק וואַקסנדיקער קולטור: פעלדער, גערטנער, באַוואַסערונג — דאָס דאָרפישע פראַנק־רייך, וואָס איך האָב אַזוי ליב, זעט איצט אויס אינגאַנצן באַנייט. וואָס פאַר אַ בילד וואָלט איך געקענט שילדערן, ווען איך וואָלט געהאַט צייט!

דאָס איז אָבער ניט אַלץ מיט וואָס איך בין פאַרנומען. אין לאָנדאָן איז איצט דער מוזיק־סעזאָן און מיר האָבן געהערט דאָ

וואונדערלעכע מוזיק און אַ וואונדערלעך רוסיש זינגען. און ווייסט איר, מיין טייערער פריינט, וואָס באַגייסטערט מיך? ס'איז דאָס וואָרט. ס'איז שוין אַלט און די וועלט לעבט אַזוי אינטענסיוו, אָבער עס איז שיין, זייער שיין — אויף יעדן פאַל פאַר מיר: — איך לייען מיט אַ גרויסן פאַרגעניגן, איך לייען איבער ווידער אַ מאָל יעדע זייט. דאָס איז אייער גרויסער פאַרנעם אין אייער ענגלישן אַר־טיקל וועגן איבסען און ביאָרנסאָן. אַ פריינדין האָט מיר געשיקט דעם גאַנצן טאָלסטאָי; איך האָב אים ביסלעכווייז אַזוי ווידער אי־בערגעלייענט כמעט אינגאַנצן — מיר איז געפעלן דער פאַרגלייך צווישן טאָלסטאָי און איבסען — ווי איר האָט עס געטאָן — און איך האָב זיך גענומען לייענען אייער בוך, איך געניס עס: עס צווינגט איינעם צו טראַכטן.

דער אַרטיקל וועגן לאַמאַרקיזם, בעסער געזאָגט, וועגן דעם דירעקטן איינפלוס פון דער סביבה אויף די פלאַנצן, איז געדרוקט אין דעם יולי־נומער פון דעם "ניינצנטן יאָרהונדערט". איך גלייב, אַז דער אַרטיקל וועט צווינגען די ענגלישע אַנטי־לאַמאַרקיסטן צו פאַרטראַכטן זיך.

מיין פרוי און סאַשאַ אַרבעטן אויך: סאַשאַ איבערזעצט און סאָפיע גרייט צו איר רעדע (פאַר דער גרויסער סופראַזשיסטן־מאַ־ניפעסטאַציע).ביידע שיקן זיי אייך אַ סך, אַ סך גרוסן און ביידע זיינען זיי מיך מקנא, וואָס איך האָב אייך געקענט ווידער זען און הערן אייך ריידן. דרך אגב, סאַשאַ שפּילט אַ ביסל טעאַטער אין אונדזער קליינעם קלוב אויפן נאָמען פון הערצען, דאָס קען אייך געבן אַן אידעע, ווי אַזוי מען פאַרבראַכט דאָ די צייט.

איך בעט אייך, גיט איבער אַ סך, אַ סך גרוסן אייערע דעניִשע פריינט, מיט וועלכע איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו באַקענען זיך אין לאָקאַרנאָ.

און אייך, טייערער פריינט, נעם איך אַרום מיטן גאַנצן האַרצן און גוטער ברודערשאַפט; איך פרעג זיך שוין — וועט מען זיך ווידער זען קומענדיקן פרילינג?

מיט די האַרציקסטע גרוסן,

פעטער קראָפּאָטקין".

דעם 23־טן יולי 1910 איז אין לאָנדאָנער הייד פּאַרק פאָרגעקומען אַ גראַנדיעזע מאַניפעסטאַציע פון די אָנהענגער פון דער באַוועגונג פאַר פרויען־עמאַנציפּאַציע. די צייטונגען האָבן גערעדט וועגן אַ פערטל מיליאָן מאַניפעסטאַנטן. עס איז זייער מעגלעך, אַז סאָפיע קראָפּאָטקין, די פרוי פון פּעטער קראָפּאָטקין, האָט גערעדט פון איינער פון די פערציק פּלאַטפאָרמעס, וועלכע מען האָט אויפגעשטעלט אין הייד פּאַרק. די פאַמיליע האָט גענומען אַן אָנטייל אין דעם פולסירנדיקן עפנטלעכן לעבן פון לאָנדאָן.

ווילאַ טערעזאַ
פּאָסאַטאָ די מאָנטע
סאַפּאָלאָ, איטאַליע.

„מיין טייערער פריינט,

צו ערשט לאָזט מיך אייך דאַנקען פון טיפסטן האַרצן פאַר די גוטע ווערטער, וואָס איר האָט מיר געווידמעט אין אייער אַרטיקל וועגן טאָלסטאָי, געדרוקט אין „רוסקאָיע סלאָווא" (מאָסקווע). דאָס איז אַן אויסדרוק פון אייער גוטסקייט און איך בין זייער גערירט.

דאַרף איך אייך נאָך זאָגן, מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן איך האָב געלייענט דעם אַרטיקל? די לעצטע צייט זיינען געשריבן זייער פיינע זאַכן וועגן טאָלסטאָי און מיט אַ סך געפיל. עס איז אַלץ זייער ריכטיק, וואָס ווערט געזאָגט, אָבער מען דאַרף אויך זאָגן דאָס, וואָס אונדזער שכל דיקטירט אונדז — און איר זאָגט עס.

איך האָב אויך געפּרואווט עפּעס זאָגן וועגן דעם אין אַן אַנדער צייטונג אין מאָסקווע — „אוטראָ ראָסיי" *), דער „מאָרגן פון רוסלאַנד". דער רעדאַקטאָר האָט באַקומען צו וויסן פון זיין לאָנדאָנער קאָרעספּאָנדענט, אַז איך שרייב איצט וועגן טאָלסטאָי און האָט געבעטן ביי מיר אַן אַרטיקל. דאָס איז געשען צום ערשטן

*) דער וואָס איבערזעצט דאָ די קאָרעספּאָנדענץ צווישן בראַנדעס און קראָפּאָטקין איז געווען דער פאַרטרעטער פון דער צייטונג אין דער דומע און שפּעטער אין אויסלאַנד, ביז די באָלשעוויקעס האָבן ליקווידירט די צייטונג. — וול. גר.

מאָל, אַז אַ רעדאַקטאָר פון אַ רוסישער ציטונג זאָל בעטן ביי מיר אַן אַרטיקל פאַר זיין צייטונג! האָב איך דען געקענט אָפּזאָגן? פאַרקערט, איך האָב עס געטאָן מיט אַן אמתן פאַרגעניגן. דער אַרטיקל איז דערשינען אָן שום קירצונגען; אמת, איך בין געווען אַליין זייער אָפּגעהיט און אויסגעמיטן עפּעס צו זאָגן פון וואָס די צייטונג וואָלט געקענט ליידן. ס׳איז אַ רעזומע, אַ קיצור פון דעם, וואָס איך האָב נישט לאַנג געשריבן וועגן טאָלסטאָי, אַן ערך אַזוי גרויס ווי אייער אַרטיקל.

איך ווייס ניט, צי איך האָב אייך געזאָגט אין לאָקאַרנאָ, אַז אַ רוסישער פריינט האָט מיר געשיקט גאַנץ טאָלסטאָי, 13 בענדער. אַ רוסישע אויסגאַבע, וואָס איך אַליין האָב ניט געקענט קויפן צוליב דעם טייערן פּרייז, און אַז איך האָב זיך אָנגעזעצט דאָס איבערליינען; איך האָב ביים לייענען דאָס אייגענע געפיל פון זיין גרויסקייט, וואָס איר האָט געפילט; איך האָב אויך דאָס געפיל, אַז נאָך דעם ווי אַלץ איז שוין וועגן אים געזאָגט געוואָרן איז נאָך דאָ גענוג צו זאָגן. עס איז איצט אַרויס דער צווייטער באַנד פון בירױקאָװס ווערק "לעאָ טאָלסטאָי, דאָס לעבן און דאָס ווערק", אינטערעסאַנט אין העכסטן גראַד. דערביי האָב איך געטראָפן אַן אַן ענגלישן פריינט, וועלכער האָט געזען היינטיקן חודש יולי — איר קענט דאָך זיין פאַרלאָזן זיין היים, ווייל זיין פרוי האָט אים זיין לעבן אוממעגלעך געמאַכט צוליב דעם טעסטאַמענט — די דראַמע פון זיין לעבן ווי ער האָט עס אַליין געשילדערט אין זיינע ווערק — עס איז געוואָרן אַלץ טראַגישער וואָס נאָענטער עס איז געקומען צום סוף — דאָס אַלץ האָט מיך אַזוי פאַרכאַפּט, אַז איך האָב גע־שטודירט זיינע ווערק צוויי אָדער דריי חדשים און געשריבן וועגן דעם. איך האָב אָוועקגעשיקט אַן אַרטיקל נאָך טאָלסטאָיס טויט צו אַ פריינט אין אַמעריקע, אָבער איך ווייס ניט, וואָס דערפון איז געוואָרן. האָפנטלעך האָט ער עס ערגעץ־וואו געדרוקט.

— ווי איר זעט, זיינען מיר איצט אין ראַפּאַלאָ — סאָפיע און איך. דעם 22־טן נאָוועמבער האָט סאַשאַ חתונה געהאַט מיט אַ שאַרמאַנטן רוסישן יונגן מאַן, באַריס לעבעדעוו — זי האָט אייך אַליין געזאָלט שרייבן וועגן דעם, מיין פרוי און איך האָבן אים

שטאַרק ליב, זייער שטאַרק. ער איז געווען אַן אַדוואָקאַט אין מאָסקווע. אַן אינטעליגענטער מענטש האָט ער זייער ליב קונסט, קונסט אין אַלע פאָרמען — קורץ גערעדט, מיר ביידע האָבן זיך ניט געקענט ווינטשן קיין בעסערן מאַן פאַר סאַשאַ. זיי האָבן זיך געקענט די לעצטע דריי יאָר. זיי האָבן צוזאַמען איבערגעזעצט אַן ענגלישע דראַמע, צוזאַמען געווען פאַרטאָן אין טעאַטער, האָבן זיך באַקומען ליב און מיר זיינען זייער צופרידן. דעם 22־טן נאָוועמבער האָבן זיי חתונה געהאַט אין לאָנדאָן און דעם 3־טן דעצעמבער זיינען מיר, איך און סאָפיע, אַוועקגעפאָרן צום דרום.

אויב איר קומט פרילינג קיין ראַפּאַלאָ, וועט איר דאָרט געפינען צוויי פריינט. וואָס מאַכט איר? ווי איז אייער געזונט? גיט אַכטונג אויף זיך בעתן ווינטער און קומט אַהער, אויב דער קאָפּענ־האַגענער קלימאַט טויג ניט פאַר אייך. עס איז דאָ אַזוי שיין! מיר האָבן דאָ אַ קליינע וואוינונג פאַר זיך — אין דער זון, און די זון מיינט דאָך לעבן.

מיינע קאַסטנס מיט ביכער זיינען סוף כל סוף אָנגעקומען און איך נעם זיך צו דער אַרבעט — עס וועט זיין מיין דריטער אַרטיקל וועגן לאַמאַרקיזם און דאַרוויניזם פאַר דעם "ניינצנטן יאָרהונדערט".

מיר ביידע, סאָפיע און איך, שיקן אייך אונדזערע בעסטע ווונטשן פאַר אַ גוטן און גליקלעכן ניי־יאָר. מיינע גרוסן צו אייער פריינדין, מיט וועלכער איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן זיך צו באַקענען (דאָס לעצטע מאָל) אין לאָקאַרנאָ.

— אַ סך גרוסן

פעטער קראָפּאָטקין.

איך שיק אייך גלייכצייטיק די פראַנצויזישע איבערזעצונג פון "פעלדער, פאַבריקן און וואַרשטאַטן". צוליב פאַרשידענע סיבות האָב איך די איבערזעצונג פאַרשלעפּט. די איבערזעצונג האָט געמאַכט לעריי. איך האָב רעווידירט אַלע צאָלן און האָב צוגע־געבן נייע מאַטעריאַלן."

איז דאָס ניט אַ וואונדערלעכער בריוו!?

קיין פאָטאָגראַפישע אויפנאַמע קען ניט געבן אַזאַ פּילזייטיקן רעליעף־בילד, אַזוי קלאָר און דייטלעך, ווי דער דאָזיקער בריוו, אין וועלכן די קלייניקייטן זיינען ניט ווייניקער אינטערעסאַנט ווי די ערנסטע פּראָבלעמען: ס'איז דער לעבעדיקער קראָפּאָטקין.

אין הויז האָט געהערשט פולשטענדיקע פרייהייט. אין די נאָטיצן צו דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן קראָפּאָטקין און געאָרג בראַנדעס ברענגט פּראָפעסאָר קריגער אַ ציטאַטע פון אַ בריוו, וואָס סאַשאַ קראָפּאָטקין האָט געשריבן צו בראַנדעסן (20 סעפּ־טעמבער 1910):

— "איך האָב אייך מיטצוטיילן דאָס מאָל אַן אינטערעסאַנטע נייעס. איך גיי חתונה האָבן. און גאָר אין גיכן, אָנהייב חודש נאָוועמבער. נאַטירלעך, מיט אַ רוס, יאָ, יאָ! איר ווייסט גאָר ניט וואָס פאַר אַ "פּאַטריאָט" איך בין — ביז איצט קען איך ניט דערלאַנגען די האַנט אַ יאַפּאַנער! דער ערגסטער רוס איז פאָרט בעסער ווי אַן אויסלענדער!!.."

איך בין ניט זיכער, צי פּראָפעסאָר קריגער האָט, ברענ־גענדיק די ווערטער פון קראָפּאָטקינס טאָכטער, זיי אָפּגעשאַצט ווי געאָרג בראַנדעס האָט זיי אָפּגעשאַצט, לייענענדיק זיי מיט פערציק יאָר צוריק. ער האָט זיך זיכער פאַרטראַכט און זיך געפרעגט, צי די האַלב וויציקע און האַלב ערנסטע ווערטער האָט געשריבן די טאָכטער פונעם גרויסן רוסישן רעוואָלוציאָנער.

די יאַפּאַניש־רוסישע מלחמה איז שוין געווען אַזוי גוט ווי פאַרגעסן, אָבער מען האָט ניט געקענט פאַרגעסן, אַז אויף די סטעפּעס פון מאַנדזשוריע איז אויפגעריסן געוואָרן דער בלאָטער פונעם צאַרן־רעזשים. "פּאַטריאָטיזם" איז אין רוסלאַנד ניט געווען קיין באַליבטע אָדער רעספּעקטאַבלע מטבע אין יענער צייט, ווען סאַשאַ קראָפּאָטקין האָט חתונה געהאַט מיט באָריס לעבעדעוו.

# זיבנצנטער קאַפּיטל

פּעטער קראָפּאָטקין האָט געמוזט זיין שטאַרק גערירט און יעדער מענטש, וועלכער האָט געקענט דעם שטייגער פון געאָרג בראַנדעסעס לעבן און אַרבעט, מוז באַוואונדערן די איבערגעגעבנ־קייט זיינע און די אַקטיווע הילף ביים פאַרשפּרייטן קראָפּאָטקינס אידעען. מען מעג צווייפלען, צי בראַנדעס, וועלכער איז גראָד אין דער צייט געווען פאַרנומען מיט פאַרענדיקן זיינע מאָנומענטאַלע ווערק, איז פאַרכאַפּט געווען פון די "פעלדער, פאַבריקן און וואַר־שטאַטן", אָבער ער איז זיכער פאַרכאַפּט געווען פון דעם אַרבעט־אימפּעט פון דעם ניט מיד ווערנדיקן קראָפּאָטקין, פון זיין אייביקן ברען, באַקומענדיק פון קראָפּאָטקינען די נייע פראַנצויזישע אויס־גאַבע פון בוך, האָט ער תיכף געשיקט קיין פאַריז זיין אַרטיקל.

געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 14 יאַנואַר 1911.

"מיין פריינט,

איר דאַרפט מיר ניט דאַנקען; איך האָב געשריבן דעם אַר־טיקל, וועגן וועלכן איר רעדט אַזוי פריינטלעך, נאָך אין חודש אויגוסט; איך האָב ניט קיין קאָפּיע און מען האָט מיר ניט געשיקט קיין רוסישע איבערזעצונג; איך געדענק איצט נאָר אויבן־אויפיק, וואָס אין דעם אַרטיקל איז געווען.

כדי איינצופירן ביים פראַנצויזישן לייענער אייערע "פעלדער, פאַבריקן און וואַרשטאַטן", וואָס איר האָט געהאַט די גוטסקייט מיר

צו שיקן, האָב איך אין סעפּטעמבער געדרוקט אַן אַרטיקל "קראָ־פּאָטקין" אין "פּאַריז־זשורנאַל". צום באַדויערן, איז דאָס בוך אָנגעקומען צום פראַנצויזישן לייענער אַזוי שפּעט, אַז דער גאַנצער עפעקט פון מיין אַרטיקל איז געגאַנגען פאַרלוירן. נאָך מער ערגער־לעך איז דאָס, וואָס דעם נומער, וואָס איך האָב איך געוואָלט שיקן, האָב איך ערגעץ־וואו פאַרלייגט.

אַ דאַנק פאַרן בוך. איך פריי זיך זייער, וואָס איר האָט אויס־געברייטערט דאָס פעלד פון אייערע דערפאָלגן. דאָ שיק איך אייך איינס פון מיינע אַלטע ביכער, וואָס זיינען ערשט איבערגעזעצט, נאָך דרייסיק יאָר. ס'איז צו שפּעט (פערדינאַנד לאַסאַל, לאָנדאָן, ניו־יאָרק, 1911).

מען האָט מיר געטאָן אַן עוולה, דרוקנדיק נאָך דעם טויט פון טאָלסטאָי עפּעס, וואָס איך האָב אַ מאָל וועגן אים געשריבן. איך וואָלט אַנדערש און מער באַוואוסט געשריבן איצט נאָך דעם טויט פונעם גרויסן מאַן.

האָפנטלעך, איז אונדזער סאַשאַ געזונט. אין אונדזערע צייטונגען האָט מען וועגן איר געשריבן אין פאַרבינדונג מיט איר פּראָטעסט קעגן דעם משפּט אין יאַפּאַן, ווי וועגן אייער זון *). מען האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אַזאַ יונגע טאָכטער איז פעאיק צו אַזאַ עפנטלעכן אַקט. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז סאַשאַ איז ניט מאַסקווין.

מיין פריינדין, וועלכע איז דערמאָנט אַזוי פריינטלעך, רעדט אָפט וועגן אייך און האָפט אייך ווידער צו זען.

איך בין צופרידן, וואָס פרוי קראָפּאָטקין איז צוזאַמען מיט אייך און אַז דאָס יונגע פאָרפאָלק וועט אויך קומען צו אייך.

איך דריק אייך ביידע הענט.

אייער פריינט

ג. ב.".

---

*) דער יאַפּאַנישער פּראָצעס קעגן 26 אָנגעקלאָגטע אין אַ קאָנספּיראַציע קעגן דעם מיקאַדאָ. זיי זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און דער משפּט איז אויסגעפירט געוואָרן.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

ווילאַ קאַססאַ, לאָקאַרנאָ,
שווייץ, 11 מאַי 1911.

„זייער טייערער פריינט,

ווידער דאַרף איך אָנהייבן מיין בריוו מיט בעטן אייך מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב אַזוי לאַנג ניט געשריבן, דאָס הייסט, אַז איך האָב שווער געאַרבעט אין ראַפּאַלאָ, געאַרבעט ביז צו דער לעצטער מינוט. עס איז געבליבן נאָר אַ ביסל צייט אויף צו פאַר־פּאַקן דריי קאַסטנס מיט ביכער, געזעגענען זיך מיט די פריינט אין ראַפּאַלאָ און אַוועקפאָרן. סאָפיע איז געפאָרן דירעקט קיין לאָנדאָן און איך פאַרלאָז זי אין בעלינצאָנאַ און וועל פאַרברענגען אַ פּאָר וואָכן אין אַן אַנדערן קלימאַט, איידער איך קום קיין לאָנדאָן.

---

*) בראַנדעס איז געווען אין פּאַלאַנצאַ, איטאַליע, קראָפּאָטקין אין לאָ־קאַרנאָ, שווייץ, מען האָט אָפּגערעדט צו טרעפן זיך, אָבער ביידע זיינען געוואָרן קראַנק און מען האָט זיך ניט געקענט טרעפן.

און איר, מיין גוטער פריינט? וואָס מאַכט איר? איך האָב געהאַט וועגן אייך נייעס פון עמעצן, וואָס האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט געזונט. האָט איר ניט בדעה צו קומען אַהער און פאַר־ברענגען אַ פּאָר טעג? ס'איז דאָ אַזוי שיין! איך האָב קיין מאָל ניט געזען לאָקאַרנאָ אַזוי שיין ווי זי איז איצט. דאָס גרינס אויף די בערג איז פון אַ הערלעכער פרישקייט און קראַפט. דער פרי־לינג איז געקומען שפּעט און איצט איז אַלץ אין בלומען... בלומען אָן אַ שיעור.

קומט — איך בין זיכער, אַז עס וועט אייך געפעלן! פאַר מיר וואָלט עס געווען אַן אמתער יום־טוב!

איך אַרבעט ניט, ס'הייסט, איך לייען איבער צום לעצטן מאָל דעם מאַנוסקריפּט פון אַ קליינער אַרבעט (אַן ערך 180 זייטן), „די מאָדערנע וויסנשאַפט און אַנאַרכיזם". דאָס האָב איך געשריבן אין 1903, אָבער איך האָב דאָס איצט שטאַרק רעוויזירט און קאָמ־פּלעטירט.

איך האָב געלייענט מיט גרויס פאַרגעניגן די נייע טעגלעכע צייטונג פון פּאַריז "דער סינדיקאַליסטישער קאַמף", וואָס די "אַל־געמיינע קאָנפעדעראַציע פון אַרבעט" און אירע פריינט גיבן אַרויס. ס'איז דאָס אייגענע, וואָס איך האָב אַ מאָל געפּרואווט צו טאָן אין מיין "רעוואָלט", מיט ווייניקער טעאָריע וועגן אַנאַרכיזם, אָבער מיט דער גרעסטער וואָג. די קראַפט פון אַ גרויסער מאַסע אַר־בעטער. די צייטונג פאַרנעמט זיך מיט אַלע פּראָבלעמען פון פראַנקרייכס פּאָליטישן לעבן פון שטאַנדפּונקט פון פרייען סאָציאַ־ליזם — אַנטי־פּאַרלאַמענטאַרישן.

עס איז אינסטרוקטיוו אין העכסטן גראַד. עס איז אַ נייע ליניע. ס'איז דאָס, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַל האָט געזאָלט זיין נאָך אין די אַכציקער יאָרן, אויב די דייטשן וואָלטן ניט אַוועק אויפן וועג פון פּאַרלאַמענטאַריזם.

פאַראַן אַזוי פיל זאַכן אַרומצורעדן, אויב איר וואָלט געקו־מען אַהער.

אַ סך גרוסן, איך נעם אייך אַרום

פּעטער קראָפּאָטקין.

גיט איבער, איך בעט אייך, מיינע בעסטע גרוסן אייער שאַר־מאַנטער פריינדין, וואָס איז פאַראַיאָרן געווען אין לאָקאַרנאָ.

סאָשאַ איז אין אָרדענונג. זי אַרבעט אַ סך צוזאַמען מיט איר מאַן. מיין פרוי שרייבט, אַז איר געזונט איז איצט אויסגעצייכנט".

אַזוי גייט עס די גאַנצע צייט ביידע פריינט: שווערע אַרבעט, קראַנקהייט, אינטענסיווע קאָרעספּאָנדענץ און ווידער קראַנקהייט. דער קלימאַט פון ענגלאַנד איז ניט אויסצוהאַלטן, דער קלימאַט פון קאָפּענהאַגען איז קיין סך ניט בעסער — און געאָרג בראַנדעס האָט פאַרבראַכט אַ היפּשן טייל פון זיין לעבן אין בעט. אָבער ביידע זיינען אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט. קראָפּאָטקין נעמט־מיט אויף זיינע רייזעס "דריי קאַסטנס מיט ביכער". געאָרג בראַנ־דעס ליגט אין בעט, אָבער פון דער קעניגלעכער ביבליאָטעק אין קאָפּענהאַגען פירט מען צו אים אָן אַ סוף גאַנצע קערב מיט ביכער

און צוריק. און צווישן דער שווערער אַרבעט — די פריינטלעכע, אינטימע בריוו, ריין־פּערזענלעכע, אָבער וויכטיקע פאַר זיי ביידע.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

9 שעשאַם סטריט, ברייטאָן,
4 פעברואַר 1912.

"מיין טייערער פריינט,

היינט איז אייער געבוירן־טאָג און אונדזערע געדאַנקען זיינען פאַרנומען מיט אייך.

מיר טראַכטן דאָ וועגן דעם, וואָס פאַר אַ מאַסע פון יוגנט פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן האָט איר אינספּירירט צו אַלץ, וואָס איז שיין, וואָס איז גוט, וואָס איז גרויס. וויפיל מענטשן זיינען אייך שולדיק — אייניקע גיבן זיך ניט אָפּ קיין דין וחשבון, אַנדערע וויסן דאָס אָבער גוט, — אייך און נאָך עטלעכע גייסטער פונעם יאָרהונדערט, פאַר דעם אידעאַליזם, וואָס נאָר אַ דאַנק אים קען מען לעבן, ניט קוקנדיק אויף אַלע קאַטאַקליזמען און די שוואַרצע צייטן פון דער רעאַקציע.

איר זאָלט לאַנג לעבן, טייערער פריינט! איר זענט נאָך אַזוי פול מיט יונגע כוחות, אַז איר וועט נאָך אַ סך מאָל אַרויסברענגען ווערטער, וואָס מאַכן דאָס האַרץ ציטערן און וואָס באַרייכערן דאָס לעבן מיט די בעסטע ווערטן.

מיר האָבן דערוואַרט סוף יאָר אין לאָנדאָן צוזאַמען מיט פרוי שאַטע. איך וואָלט אַזוי שטאַרק געוואָלט אייך ביידן זען. מיין פרוי וועט זיכער ליב האָבן פרוי שאַטע.

צום באַדויערן, זיינען מיר זינט דעם סוף אָקטאָבער אין ברייטאָן. אָבער עס איז ניט ווייט פון לאָנדאָן, און אויב איר קומט אַהער, קענט איר זיין ביי אונדז אַ "וויקענד". עס איז דאָ שיין. מיר האָבן אַ סך זון און אַפילו אויב מיר האָבן ערשט היינט געהאַט אַ שניי־שטורעם, האָבן מיר עס ניט געפילט אין אונדזער הויז. — סאַשאַ קומט אונדז באַזוכן, אָבער זעלטן; פאַר דער גאַנצער

צייט געווען ביי אונדז נאָר דריי מאָל. איך האָב באַשלאָסן ניט צו פאַרברענגען דעם ווינטער אין לאָנדאָן. — זי און איר מאַן האַלטן אין איין איבערזעצן און שרייבן. איר ווייסט, וואָס דאָס איז פאַר אַ לעבן.

סאָפיע און איך שיקן אייך אַ סך, אַ סך גרוסן, טייערער פריינט, און אונדזערע בעסטע וואונטשן צו זיין פריש און געזונט. גריסט פון מיר, איך בעט אייך, פרוי שאטע.

האַרציק אייערער

פעטער קראָפּאָטקין״.

אין רוסלאַנד זאַמלען זיך כוחות פוןביידע זייטן צום לעצטן, צום אָפענעם קאַמף. די רעאַקציע מאָביליזירט אירע כוחות הינטער די קוליסן, דער פאַרלאַמענט, די דומע, טוט עס אָפן. די רעאַק־ציע שטיצט זיך אָפן אויפן טראָן.

די קאָרעספּאָנדענץ צווישן געאָרג בראַנדעס און פעטער קראָ־פּאָטקין איז קיין מאָל ניט געווען אַזוי אינהאַלטסרייך און וואַרעם ווי אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. בראַנדעס ווייסט, אַז קראָפּאָטקין גרייט זיך פאָרן וואָס גיכער ״אַהיים״, הגם ער איז גוט אינפאָרמירט וועגן דער אַלגעמיינער צעפאַלנקייט אין דער היים. די מלחמה איז אויסגעבראָכן אין 1914 און אַ האַלב יאָר שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן קאַטאַסטראָפעס אויף אַלע רוסישע פראָנטן.

צום גרויסן באַדויערן האָט פּראָפעסאָר קריגער, דער דעני־שער ליטעראַטור־היסטאָריקער, וועלכער האָט אָפּגעגעבן אויף זוכן מאַטעריאַלן יאָרן פון שווערער אַרבעט און לאַנגע רייזעס, ניט געפונען אין די אַרכיוון קיין בריוו פון בראַנדעס צו קראָפּאָטקין אָדער אומגעקערט פאַר די יאָרן: 1914, 1915 און 1916. עס איז אַבסאָלוט אוממעגלעך, אַז זיי זאָלן ניט האָבן קאָרעספּאָנדירט גראָד אין דער צייט, ווען עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַזעלכע קאָלאָסאַלע געשעענישן. עמעצער האָט געמוזט זאָרגן פאַר דעם, אַז די קאָרעס־פּאָנדענץ זאָל צייטווייליק אָדער אויף שטענדיק פאַרשווינדן פון די אַרכיוון...

גראַד אין די יאָרן האָט געאָרג בראַנדעס איבערגעלעבט צוויי זייער וויכטיקע "קאַמפּאַניעס": איינע פון זיי האָט געהאַט צו טאָן מיט דעם גרויסן יידישן חורבן אין סאַמע אָנהייב פון דער ער־שטער וועלט־מלחמה, ווען דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רוסי־שער אַרמיי, גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און דער שעף פון זיין גענעראַל־שטאַב, דער רוסיש־פּוילישער גענעראַל יאַנוש־קעוויטש, האָבן דעקרעטירט און דורכגעפירט דעם גירוש פון זעקס הונדערט טויזנט יידן פון פּוילישן ליטע און די באַלטישע פּראָווינצן. די צווייטע איז געווען די אויסערגעוויינלעך־פּאַרבי־טערטע קאָרעספּאָנדענץ צווישן בראַנדעס און זיין אַלטן פריינט זשאָרזש קלעמאַנסאָ; די קאָרעספּאָנדענץ איז געקומען צוליב בראַנ־דעסעס אָפּזאָגן זיך צו באַטייליקן אין אַ מלחמה־העץ־קאַמפּאַניע קעגן דייטשלאַנד און האָט זיך געענדיקט מיט אַ פולשטענדיקן אויפלייז פון דער אַלטער פריינטשאַפט און מיט קלעמאַנסאָס באַ־רימטן אַרטיקל: "אַדיע, בראַנדעס!".

פּוילן האָט שטענדיק פאַרהערלעכט געאָרג בראַנדעס פאַר זיין מוטיקן אויפטרעטן קעגן דער צאַרישער אונטערדריקונגס־פּאָלי־טיק אין פּוילן. אין פּוילן האָט געאָרג בראַנדעס געהאַט געטרייע און באַגייסטערטע פריינט, אָבער עס איז געווען גענוג, אַז ער זאָל פּראָטעסטירן קעגן דער באַטייליקונג פון געוויסע פּוילישע רעאַק־ציאָנערע עלעמענטן אין דער באַרבאַרישער באַהאַנדלונג פון די פּוילישע יידן דורך דער רוסישער אַרמיי, אַז פּוילן זאָל אויפ־טרעטן קעגן בראַנדעסן מיט די מיאוסטע זידלערייען, מיט די ווילדסטע געשרייען. די דאָזיקע שענדלעכע קאַמפּאַניע קעגן דעם שוין איבער 70 יאָר אַלטן דענקער און קעמפער פאַר דער פריי־הייט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין אַ סך לענדער, האָט אויף אים געמאַכט זייער אַ דעפּרימירנדיקן איינדרוק. ער איז ניט גע־וואָרן קיין מיזאַנטראָפּ, קיין האָפענונגסלאָזער פּעסימיסט און אַ פיינט פון מענטשן, אָבער די פּוילישע רעאַקציע צוזאַמען מיט דעם פראַנצויזישן שאָוויניזם האָבן אים גענוג פאַרביטערט. ס'איז אומ־מעגלעך, מוזן מיר דאָ איבערחזרן, אַז ער זאָל ניט שרייבן וועגן

דעם צו פעטער קראָפּאָטקין, וועלכער האָט זיך אויך געטיילט מיט אים מיט גוטע און מיט שלעכטע נייעס.

סוף 1913 געפינט זיך בראַנדעס אין ענגלאַנד. ער באַזוכט לאָנדאָן, קעמברידזש, מאַנטשעסטער, שעפילד. ער האַלט פאַר אי־בערגעפאַקטע הייזער פאַרטראַגן וועגן שעקספיר, נאַפּאָלעאָן און ניטשע. אין יעדער שטאָט פייערט מען אים מיט גרויסע באַנקעטן, מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. אומעטום נעמט מען אים אויף "ווי אַ קעניג", ווי ער דערציילט עס אין אַ בריוו צו אַ באַקאַנטן פראַנצויזישן שרייבער, אַנדרע רואוויע. אָבער קראָפּאָטקין איז קראַנק און דאָקטוירים הייסן אים פאַרלאָזן ענגלאַנד. צוויי מאָל, אין אַ בריוו פון 20־טן נאָוועמבער 1913 און אַ ביסל שפּעטער, אין אַ בריוו פון 29־טן נאָוועמבער, דריקט ער אויס זיין באַדויערן, וואָס ער קען ניט זיין דערביי אין לאָנדאָן, ווען מען וועט פייערן זיין פריינט: "איך קען אייך ניט איבערגעבן וואָס פאַר אַ האַרצ־ווייטיק עס איז פאַר מיר ניט צו האָבן דאָס פאַרגעניגן צו זען אייך אין לאָנדאָן, צו ריידן מיט אייך, ארומנעמען אייך...".

עס קומט איצט דער לאַנגער איבעררייס אין דער קאָרעס־פּאָנדענץ. אַ קורץ פּאָסטקאַרטל פון געאָרג בראַנדעס צו קראָפּאָט־קינען פון 24־טן אַפּריל 1917, באַשטעטיקט נאָר אונדזער פאַרדאַכט, אַז עס איז ניט געווען קיין איבעררייס און אַז די קאָרעספּאָנדענץ איז אָנגעגאַנגען. בראַנדעס שרייבט:

"...איך קען ניט ביישטיין דעם נסיון צו לאָזן אייך וויסן מיין אומגעהויער־גרויסע פרייד צוליב די לעצטע געשעענישן. דאָס, צוליב וואָס איר האָט אַזוי געליטן, געאַרבעט, געשריבן, איז סוף כל סוף פאַרווירקלעכט געוואָרן. איר האָט געגלויבט מער ווי ווער ס'איז און איר זענט צו לעצט דער זיגער.".

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

7 טשעטאַם סטריט, ברייטאָן,
28 מאַי 1917.

"מיין טייערער פריינט,

נאָר אַ פּאָר ווערטער, כדי אייך צו זאָגן, ווי איך האָב זיך געפרייט מיט אייער שאַרמאַנטן קאַרטל. די גאַנצע צייט האָבן מיר אָפט געטראַכט וועגן אייך, שטענדיק מיט דער אייגענער וואַרע־מער פריינטשאַפט. ניט לאַנג האָבן מיר ביידע, סאָפיע און איך, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, זיך געזאָגט: "בראַנדעס וועט זיין גליקלעך צו זען, וואָס עס קומט פאָר". אייער בריוו פון 24־טן אַפּריל איז אָנגעקומען אַהער ערשט מיט אַ פינף אָדער זעקס טעג צוריק! דער בריוו איז אָנגעקומען אין מיטן דער אַרבעט ביים אויסקלייבן פּאַפּירן און ביכער, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון דרייסיק יאָר לעבן אין ענגלאַנד! איר קענט זיך פאָר־שטעלן, וואָס דאָס איז. און קיינער העלפט אונדז ניט חוץ איינעם, וואָס קומט אויף אַ פינף־זעקס שעה אין דער וואָך. אין מיין עלטער!

נו, און זינט אַ יאָר צייט, נאָך צוויי זייער ערנסטע אָפּעראַציעס, בין איך געזונט. נאָר צוליב די לונגען מוז מען זיין אָפּגעהיט. דערפאַר האָט מען מיר ניט דערלויבט אָנצוהויבן די לאַנגע רייזע, איידער עס וועט קומען דער סעזאָן פון די שיינע וועטערן. סאַשאַ און איר מאַן זיינען שוין אין פּעטראָגראַד, ביידע זייער אַקטיוו, אָבער סאַשאַ איז אָפט קראַנק.

גיט איבער, איך בעט אייך, מיין האַרציקן דאַנק פרוי שיוטע פאַר איר פיינעם סאָוועניר און פאַר איר גוטער פריינטשאַפט.

מיר וועלן צופאָרן קיין לאָנדאָן אויף אַ טאָג אָדער צוויי, כדי צו טרעפן פריינט. עס בלייבן נאָך אַ צוועלף טעג פאַר אונדזער אַוועקפאָרן. אויב די דייטשע אונטערוואַסער־שיפן וועלן ניט צע־פּלאָנטערן אונדזערע פּלענער, וועט אונדזער אַדרעס אין רוסלאַנד זיין: פּעטער קראָפּאָטקין, רינאָטשנאַיאַ 10, פּעטראָגראַד. דאָס איז אויך דער אַדרעס פון סאַשאַ.

**האַרציק** אייער, פּעטער קראָפּאָטקין.

סאָפיע איז אין אָרדענונג. זי זעט ניט אויס אויף קיין שום פאַל ווי אירע 60 יאָר *). זי אַרבעט דאָ אין אַ שפּיטאָל ווי אַ פּריי־וויליקע קראַנקנשוועסטער. זי שיקט אייך אירע בעסטע גרוסן. מיינע בעסטע גרוסן צו פרוי שיוטע".

די פּאָסט איז אין קריגסצייטן ניט קיין זייער גיכע. אַ בריוו פון לאָנדאָן קיין קאָפּענהאַגען נעמט אַ סך וואָכן. געאָרג בראַנדעס האָט באַקומען דעם לעצטן בריוו פון קראָפּאָטקינען פאַר זיין אַוועקפאָרן קיין רוסלאַנד ערשט די צווייטע וואָך אין יולי. אַזוי ווי די קראָפּאָטקינס האָבן פאַרלאָזן ענגלאַנד דעם 10־טן יוני, איז אַ גרויסער צווייפל, צי ער האָט באַקומען דעם בריוו. מיר ברענגען איצט דעם לעצטן בריוו פון בראַנדעס צו זיין פריינט.

## געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין

קאָפּענהאַגען, 12 יולי 1917.

"מיין טייערער און זייער געשעצטער פריינט,

עס זיינען שוין אַ פּאָר וואָכן זינט איך האָב באַקומען אייער בריוו פון בריטאַן. ס'איז צו האָפן, אַז איר האָט שוין געהאַט, ביי אייער אָנקומען, די געלעגנהייט צו לייענען די באַגריסונג, וואָס איך האָב אייך געשיקט דורך דער צייטונג "אוטראָ ראָסיי" *). עס איז אַ גרויסער גליק פאַר אייערע פריינט צו וויסן, אַז איר זענט שוין אין אייער אייגענעם לאַנד, פריי און באַערט, און עס איז אַ פאַרגעניגן צו וויסן, אַז איר זענט אַלע צוזאַמען אין דעם אייגענעם הויז, איר און פרוי סאָפיע און פרוי סאַשאַ און הער לעבעדעוו. איך האָף, אַז סאַשאַ איז ניט קראַנק. איר האָט געשריבן, אַז זי איז אָפט קראַנק. איר מוזט וויסן, אַז סאַשאַ איז

---

*) קראָפּאָטקין איז צו דער צייט געווען 75 יאָר אַלט.

*) דער איבערזעצער פון דער קאָרעספּאָנדענץ, וול. גר., וועלכער איז אין דער צייט געווען דער קאָפּענהאַגענער קאָרעספּאָנדענט פון דער צייטונג "אוטראָ ראָסיי", האָט פאַרבונדן בראַנדעסן מיט דער צייטונג.

מײַן לײדנשאַפֿט. בעת מײַן לעצטן באַזוך אין ענגלאַנד האָב איך זי מערערע מאָל געזען. מײַן גאָט! װי פֿײַן זי איז. און װאָס פֿאַר היפּאָקריטסטװאָ דאָס איז פֿון אַ געװיסן סאָרט מענטשן, װאָס האָבן זי ניט געלאָזן קומען צו מיר העלפֿן מיר פּאַקן מײַנע װאַליזעס.

זאָגט אײַער ליבער פֿרוי, אַז איך װעל איר זײַן שטענדיק דאַנקבאַר פֿאַר דער גוטסקײט, װאָס זי האָט מיר אַרויסגעװיזן — אײן מאָל האָט זי מיך אַפֿילו באַגלײט אויף מײַן װעג פֿון לאַנד קײן לאָנדאָן.

זאָגן איך דעם אמת, איך האָב איך אַלעמען ליב פֿון מײַן גאַנצן האַרצן, אויך לעבעדעװן, כאָטש איך קען אים דערהװײל צו װײניק. איך זאָג "דערװײל", זײענדיק 75 יאָר אַלט, װײל איך האַלט עס ניט פֿאַר אוממעגלעך, אַז איך װעל נאָך לעבן אַ ביסל און װעל קענען אײַך באַזוכן אין פּעטראָגראַד — אין אָקטאָבער 1913 האָט מען מיר פֿאַרבאָטן צו קומען, װען איך האָב דאָרט געזאָלט רײדן.

דאָס קען אָבער געשען אין אַ װײטערער צוקונפֿט, װען די מלחמה װעט שוין זײַן פֿאַרענדיקט. עס איז פֿאַר מיר טרויעריק צו הערן, אַז איר האַלט, אַז די מלחמה דאַרף נאָך װײטער אָנגײן. איך קען אַבסאָלוט ניט פֿאַרשטײן, װאָס פֿאַר אַ נוצן עס קען ברענגען דער מענטשהײט דאָס װײטערע אָנגײן מיט דער מלחמה. די צענזור, װעלכע איז אויסגעפֿונען געװאָרן פֿונעם צאַריזם און איז איצט אַן אינסטרומענט אינעם קאַמף פֿאַר פֿרײהײט, דערלויבט מיר ניט װײטער ממשיך צו זײַן (מיט מײַנע אַרגומענטן).

מײַן פֿרײַנט, פֿרוי טאַליטאַ שיוטע, איז גליקלעך צו הערן, אַז איר דערמאָנט זי. מיר קענען זיך אַביסל מער פֿון צװעלף יאָר. הײַנטיקן זומער טרעף איך זי זעלטן, װײל זי פֿאַרברענגט אויפֿן לאַנד בײַ סקאַגען. דער זומער איז בײַ אונדז שײן, אָבער עס איז צו טרוקן. מיר לײַדן געװנוג פֿונעם דוחק אין לעבנסמיטלען און פֿון דער טײַערקײט אויף אַלץ.

מײַן טאָכטער האָט חתונה געהאַט אין אויסלאַנד און קומט מאָרגן מיט אירע צװײ קינדער, אַ טאָכטער פֿון 8 יאָר, װאָס

איך האָב זייער ליב און אַ יינגעלע פון 5 יאָר, זייער שיין און בראַוו. זיי וועלן דאָ פאַרברענגען אַ פּאָר וואָכן.

אויף ווידערזען, מיין טייערער פריינט, איך דריק אייך ביידע הענט!

געאָרג בראַנדעס".

דאָס איז געווען דער לעצטער זיי־געזונט פון געאָרג בראַנדעס צו פּעטער קראָפּאָטקין. די פראַגע וועגן יאָ אָנגיין ווייטער מיט דער מלחמה אָדער ניט האָט דענסטמאָל געשפּאָלטן די סאָציאַ־ליסטישע וועלט. דער באָלשעוויסטישער סעקטאָר האָט געהאַט אין דער פראַגע זיין אייגענעם חשבון: וואָס מער קאַטאַסטראָפע, וואָס מער חורבן און פּאַניק און פולשטענדיקע דעמאָראַליזאַציע און דעזאָרגאַניזאַציע אַלץ בעסערע מעגלעכקייטן פאַר אַ טאָ־טאַלער רעוואָלוציע. אַלע מיטלען זיינען געווען כשר, כדי צו דערגרייכן דעם צוועק.

קראָפּאָטקין האָט ניט געהאַט קיין שום אילוזיעס וועגן דער ערנסטקייט פון דער לאַגע, איידער ער האָט פאַרלאָזן ענגלאַנד, אָבער ער איז ניט געווען גרייט מקריב צו זיין דאָס לאַנד און דאָס פאָלק לויט דעם באָלשעוויסטישן פּלאַן. ער האָט גוט געוואוסט, וואָס ער קען דערוואַרטן אין דער היים.

געאָרג בראַנדעס, ווי מיר האָבן עס ערשט געזען, האָט זיך ניט אַריינגעלאָזן אין אַ דיסקוסיע, ניט באַשטאַנען אויף זיינס. ער האָט געקענט זיין אַלטן פריינט.

ערשט מיט אָנדערהאַלבן יאָר שפּעטער האָט ער באַקומען דעם לעצטן גרוס פון פּעטער קראָפּאָטקין — פון מאָסקווע.

# לעצטער קאַפּיטל

עס איז געשען דאָס, וואָס ס״האָט געזאָלט געשען. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן זיך מיט דער פול־שטענדיקער מפּלה פאַר דער רוסישער אַרמיי. די גאָסודאַרסטווע־נאַיאַ דומאַ האָט געזען קלאָר פאַר זיך דעם צוזאַמענבראָך און כדי צו געפינען אַן אויסוועג געמאַכט דעם לעצטן פּרואוו צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיטן טראָן. דער בילדונגס־מיניסטער גראַף איגנאַטיעוו און דער פינאַנץ־מיניסטער באַרק זיינען גע־בעטן געוואָרן צו פאָרן אין דעם הויפּטקוואַרטיר פון דער אַרמיי און ריידן מיט דעם צאַר ניקאָליי דעם צווייטן, איבערצייגן אים, אַז כדי צו ראַטעווען דאָס לאַנד און דעם טראָן, מוז ער אָנער־קענען די צענטראַלע ראָלע פונעם פאַרלאַמענט און קומען צו אַ הסכם מיט דער פאָלקס־פאַרטרעטונג. די מיסיע איז פולשטענ־דיק דורכגעפאַלן. די צאַרין, די הויף־קליקע, די נאָענטסטע צו דעם פאַרלוירענעם און צעטומלטן ״הערשער״ האָבן אים געהאַלטן ווי אַ געפאַנגענעם אין זייערע הענט.

דעם 2־טן מערץ 1917, פינף מינוט נאָך דריי, האָט ניקאָליי דער צווייטער אַבדיקירט, איבערגעבנדיק די ירושה דעם ברודער, דעם גרויספירשט מיכאַאיל אַלעקסאַנדראָוויטש. אויף מאָרגן, דעם 3־טן מערץ 1917*) האָט דער גרויספירשט איבערגעגעבן די מאַכט דער צייטווייליקער רעגירונג און פאָרגעשלאָגן צונויפצורופן די קאָנסטיטואירנדיקע פאַרזאַמלונג. דאָס איז געווען דער אָפיציעלער אָנהייב פונעם סוף.

---

*) די דאַטעס זיינען לויט דער אַלטער רוסישער צייטרעכענונג.

אָנהויב יוני 1917 האָט פּעטער קראָפּאָטקין פאַרלאָזן ענג־לאַנד און איז איבער דעם נאָרוועגישן האָפן בערגען און קריס־טיאַניאַ (אָסלאָ), איבער שטאָקהאָלם, געפאָרן צפונדיק קיין האַפּאַ־ראַנדאַ און פון דאָרט קיין פּעטערבורג. אַ ריזיקע פאַלקסמאַסע, מען רעכנט זעכציק טויזנט מענטשן, האָט אים דערוואַרט און שטורמיש באַגריסט, ווען ער איז אָנגעקומען צוויי אַ זייגער ביי נאַכט פון פינלאַנד קיין פּעטראָגראַד — דאָס איז געווען דער נייער נאָמען פון פּעטערבורג. אַ מיליטער־אָרקעסטער האָט גע־שפּילט די מאַרסעליעזע. נאָך 41 יאָר גלות איז פּעטער קראָפּאָטקין ווידער געווען אין דער היים.

דער גאַנצער וועג איבער סקאַנדינאַוויע איז פאַר אים געווען אַ טריאומף מאַרש. אין שטאָקהאָלם האָט אים ביי דער באַן באַ־געגנט דער גרויסער שוועדישער שטאַטסמאַן יאַלמאַר בראַנטינג צוזאַמען מיט פריינט. קראָפּאָטקין האָט גערעדט מיט זיי וועגן דער נויטווענדיקייט אָנצוגיין ווייטער מיט דער מלחמה. דאָס איז נאָך דער צימערוואַלד קאָנפערענץ אין דער שווייץ — די סאָציאַ־ליסטישע "שלום־קאָנפערענץ". עס איז געווען גראָד דעמאָלט, ווען אין שטאָקהאָלם זיינען אָנגעגאַנגען סאָציאַליסטישע "שלום־פאַרהאַנדלונגען". פּעטער קראָפּאָטקין איז געווען פאַר אָנגיין מיט דער מלחמה.

דער לעצטער בריוו, וואָס מען האָט געקענט געפינען אין די בראַנדעס־אַרכיוון, געשריבן פון פּעטער קראָפּאָטקין, איז דאַטירט 28־טער אַפּריל 1919, געשיקט פון דמיטראָוו, מאָסקווער גובערניע, געשיקט דורך אַ פריינט. פאַרגעסן איז "צימערוואַלד", פאַרגעסן איז "שטאָקהאָלם". וויכטיקערע זאַכן זיינען געשען צווישן 1917 און 1919: פונאַנדערגעטריבן די קאָנסטיטואַנטע, דער בירגער־קריג אין פולן גאַנג, טעראָר און מאַסנמאָרד, שוין לאַנג פאַר־שוואונדן איז די פּראָוויזאָרישע רעגירונג פון קערענסקי, פאַרניכט די קאַדרען פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און אַנאַרכיסטן, פאַרניכט אַלץ, וואָס האָט זיך געשטעלט אין וועג דער דיקטאַטור פון די סאָוויעטן.

## פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס

דמיטראָוו, מאָסקווער גובערניע
28 אַפּריל 1919.

״זייער טייערער פריינט,

סוף־סוף האָב איך אַ געלעגנהייט איך צו שרייבן, וויל איך זיך באַנוצן מיט דער געלעגנהייט, ניט זייענדיק זיכער, אַז דער בריוו וועט אָנקומען צו אייך.

מיר ביידע דאַנקען אייך האַרציק פאַר דעם ברידערלעכן אינטערעס, וואָס איר האָט אַרויסגעוויזן פאַר אייער אַלטן פריינט, ווען עס איז פאַרשפּרייט געוואָרן דער קלאַנג, אַז איך בין אַרעס־טירט. דאָס איז אַן אַבסאָלוט פאַלשער קלאַנג, ווי פאַלש עס זיינען אויך די מעשיות וועגן מיין געזונט.*)

דער דאָקטאָר מ... וועלכער וועט אייך איבערגעבן דעם בריוו, וועט אייך דערציילן, אַז מיר פירן אַן אָפּגעזונדערט לעבן אין אונדזער קליינער פּראָווינץ־שטאָט. אין מיין עלטער איז עס מיר פיזיש אוממעגלעך צו נעמען אַן אָנטייל אין עפנטלעכן לעבן אין אַ צייט פון אַ רעוואָלוציע. און באַשעפטיקן זיך דערמיט ווי אַ ליבהאָבער איז ניט אין מיין כאַראַקטער. דעם לעצטן ווינטער האָבן מיר פאַרבראַכט אין מאָסקווע און איך האָב מיט אַ גרופּע מיטאַרבעטערס שטודירט די עלעמענטן פון אַ פעדעראַטיווער רעפּובליק. אָבער די גרופּע איז געצוואונגען געווען זיך צו צע־שפּרייטן, האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבעט אויף מיין ״עטיק״, וואָס איך האָב אָנגעהויבן נאָך אין ענגלאַנד מיט פופצן יאָר צוריק.

דאָס איינציקע, וואָס איך קען איצט טאָן, איז צו געבן אייך אַן אַלגעמיינע אידעע וועגן דער איצטיקער לאַגע אין רוסלאַנד, וואָס, לויט מיין מיינונג, מען פאַרשטייט ניט גוט אין מערב־

*) דער בריוו איז געווען אָפּגעדרוקט דעם 10־טן אָקטאָבער 1919 אין דער פּאַריזער ״הומאַניטע״. די רעדאַקציע האָט געמאָלדן, אַז בראַנדעס האָט באַקומען דעם בריוו דעם אייגענעם טאָג, ווען ער איז געדרוקט געוואָרן.

אייראָפּע. אַ געוויסער פאַרגלייך קען אפשר אויפקלערן דאָס מיס־פאַרשטייעניש.

מיר מאַכן איצט דורך דעם פּראָצעס, וואָס פראַנקרייך האָט דורכגעמאַכט בעת דער רעוואָלוציע פון די יאַקאָבינער, פון סעפּ־טעמבער 1792 ביז יולי 1794; דערצו קומט נאָך צו, וואָס אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע זוכט זיך אַן אויסוועג.

די דיקטאַטור פון די יאַקאָבינער איז געווען אַ פאַלשער דרך. זי איז ניט געווען אימשטאַנד צו שאַפן אַ סטאַבילע אָרגאַניזאַציע — האָט זי זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעאַקציע. פונדעסטוועגן האָבן די יאַקאָבינער געהאַט זייערע דערגרייכונגען. אין יולי 1793 האָבן זיי אָפּגעשאַפט די פעאָדאַלע פּריווילעגיעס, וואָס מען האָט אָנ־געהויבן אין 1789 און וואָס ניט די קאָנסטיטואַנטע און ניט די לעגיסלאַטיווע פאַרזאַמלונג האָבן ניט געוואָלט פאַרענדיקן. זיי האָבן אויך פּראָקלאַמירט די גלייכע פּאָליטישע רעכט פאַר אַלע בירגערס. דאָס זיינען געווען צוויי פונדאַמענטאַלע דערגרייכונגען, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט גאַנץ אייראָפּע אין פאַרלויף פון נייַנצנטן יאָרהונדערט.

דאָס אייגענע איז געשען אין רוסלאַנד. די באָלשעוויקעס שטרעבנגען זיך אָן מיט דער הילף פון דיקטאַטור פון איין פּראַקציע פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע דורכצופירן די סאָציאַליזירונג פון דער ערד, פון דער אינדוסטריע און פונעם האַנדל. די ענדערונג וואָס זיי ווילן דורכפירן, איז דער גרונט־פּרינציפּ פון סאָציאַליזם. צום באַדויערן, איז דער מעטאָד, וואָס זיי ווילן באַנוצן דערצו אין אַ מלוכה, וואָס איז שטאַרק צענטראַליזירט, אַ קאָמוניזם, וואָס דערמאָנט בעבעלס סאָציאַליזם, — מיט דעקרעטן און פּאַראַלי־זירנדיק אַ קאָנסטרוקטיווע אַקטיוויטעט פונעם פאָלק — אָט דער מעטאָד מאַכט אַ דערפאָלג אַבסאָלוט אוממעגלעך. דאָס רופט אַרויס אַ שטורמישע, אַ בייזוויליקע רעאַקציע, וועלכע אָרגאַניזירט זיך, כדי אומצוקערן זיך צום אַלטן רעזשים. די רעאַקציע באַנוצט זיך דערמיט, וואָס עס הערשט אַן אַלגעמיינע מידקייט ווי אַ רעזולטאַט פריער פון אַלץ פון דער מלחמה און פון דעם הונגער אין צענטראַל־רוסלאַנד. עס איז אַ פולשטענדיקע דעזאָרגאַניזאַציע

פון דעם טראַנספּאָרט און פון דער פּראָדוקציע, אומפּאַרמיידלעך בעת אַזאַ געוואַלטיקער רעוואָלוציע, דורכגעפירט מיט דעקרעטן.

מען רעדט אין מערב־אייראָפּע וועגן שאַפן "אָרדענונג" אין רוסלאַנד מיט דער הילף פון אַ באַוואָפנטער אינטערווענץ פון די פאַרבינדעטע. גוט, מיין פריינט, איר ווייסט דאָך ווי פאַרברעכעריש עס איז בנוגע צו דעם סאָציאַלן פּראָגרעס פון אייראָפּע, לויט מיין מיינונג, דאָס אויפטרעטן פון די אַלע, וואָס שטרעבן זיך אָן צו דעזאָרגאַניזירן די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון רוסלאַנד — דאָס האָט פאַרלענגערט די מלחמה מיט אַ גאַנץ יאָר, דאָס האָט געפירט צו אַ דייטשער אינוואַזיע כלומרשט צוליב אַן אָפּמאַך און פאַרגאָסן טייכן בלוט, כדי ניט צו דערלאָזן, אַז דאָס זיגרייכע דייטשלאַנד זאָל צעשמעטערן אייראָפּע אונטער דעם שטיוול פון דעם רייך. איר קענט גוט מיינע מיינונגען וועגן דעם.

איך פּראָטעסטיר מיט אַלע מיינע כוחות קעגן אַזאַ מין מילי־טערישער אינטערווענץ פון די פאַרבינדעטע אין רוסישע ענינים. די דאָזיקע אינטערווענץ וועט נאָר פירן צו דער פאַרשטאַרקונג פונעם רוסישן שאָוויניזם — די סימנים פון דעם זיינען שוין דאָ — עס וועט אונדז ברענגען צוריק אַ שאָוויניסטישע מאָנאַרכיע — און, האָט עס גוט אין זינען, — עס וועט אַרויסרופן ביים גאַנצן רוסישן פאָלק אַ פיינטשאַפט צו מערב־אייראָפּע, וואָס וועט פירן צו טרויעריקע קאָנסעקווענצן. די אַמעריקאַנער האָבן דאָס שוין גוט פאַרשטאַנען.

מען מיינט אפשר, אַז דערמיט, וואָס מען שטיצט אַדמיראַל קאָלטשאַק און גענעראַל דעניקין, שטיצט מען אַ ליבעראַלע פּאַרטיי, אַ רעפּובליקאַנישע. דאָס איז אָבער אַ גרויסער טעות. וואָס עס זאָלן ניט זיין די פּערזענלעכע כוונות פון די צוויי מיליטערישע קאָמאַנדירן טראָגט זיך אַרום דער גרעסטער טייל פון די, וואָס זיינען מיט זיי, מיט גאָר אַנדערע געדאַנקען. נאַטירלעך, דאָס וואָס זיי קענען אונדז ברענגען איז נאָר מאָנאַרכיע, רעאַקציע און טייכן בלוט.

די יעניקע פאַרבינדעטע, וועלכע קענען זען קלאָר די גע־שעענישן, דאַרפן ניט דערלאָזן קיין מיליטערישע אינטערווענץ.

אויב זיי מיינען באמת צו העלפן רוסלאַנד, קענען זיי אַ סך אויפטאָן אַרבעטנדיק אין אַן אַנדער ריכטונג.

עס פעלט אונדז ברויט אויף דעם קאָלאָסאַלן שטח פון די צענטראַלע און צפונדיקע פּראָווינצן. כדי צו באַקומען אין מאָסקווע אָדער אין דמיטראָוו אַ פונט שוואַרצן ברויט אָדער קאָרן ברויט — אַ פונט, אָדער אַ פערטל פונט פּראָ פּערזאָן, וואָס די רעגירונג שטעלט צו צו זייער הויכע פּרייזן, אָבער אין פאַרגלייך פאַרט באַשיידענע — דאַרף מען באַצאָלן 25 אָדער 30 רובל (ד. ה. 62 ביז 75 פראַנק) — אַ פונט פון 450 גראַם. אָבער נאָך אַלעמען: מען באַקומט עס גאָרניט. ס'איז דאָ הונגער מיט אַלע קאָנסעקווענצן פון הונגער. אַ גאַנצער דור גייט אונטער... און מען זאָגט אונדז אָפּ דאָס רעכט צו קויפן ברויט אין מערב־אייראָפּע!... פאַר וואָס? כדי אונדז צו ברענגען צוריק אַ ראָמאַנאָוו?

אומעטום אין רוסלאַנד פעלן אונדז אויס פאַבריצירטע סחורות. דער פויער באַצאָלט משוגענע פּרייזן פאַר אַ סערפּ, אַ האַק, פאַר עטלעכע טשוועקעס, פאַר נאָדלען. פאַר אַ מעטער פון וועלכן עס איז שטאָף; — טויזנט רובל (עס פלעגט אויסמאַכן אַ מאָל 2500 פראַנק) פאַר פיר רעדער פון אַ שלעכטן רוסישן וואָגן. אין דער אוקראַאינע איז עס נאָך ערגער: מען קריגט בכלל ניט קיין שום סחורות.

אָנשטאָט דעם, אַז מען זאָל שפּילן די ראָלע, וואָס עסטרייך, פּרייסן און רוסלאַנד האָבן געשפּילט אין 1793 בנוגע צו פראַנקרייך, וואָלטן די פאַרבינדעטע געדאַרפט העלפן דעם רוסישן פאָלק זיך אַרויסצודרייען פון דער שרעקלעכער לאַגע. חוץ אַלעמען, מען וועט פאַרגיסן טייכן בלוט, כדי אומצוקערן דאָס רוסישע פאָלק צו זיין פריערדיקן מצב — דאָס וועט אָבער ניט געשען!

בויען אַ נייע צוקונפט, צוגרייטן קאָנסטרוקטיוו אַ ניי לעבן — דאָס לאָזט זיך שוין איצט שפּירן, ניט געקוקט אויף אַלץ — וואָלטן די פאַרבינדעטע אונדז געדאַרפט העלפן.

העלפט אונדזערע קינדער, פאַרלירט ניט קיין צייט! קומט אונדז העלפן מיט קאָנסטרוקטיווער דרינגלעכער אַרבעט! מען דאַרף אונדז שיקן ניט קיין דיפּלאָמאַטן און ניט קיין גענעראַלן,

נאָר ברויט, ווערקצייג פאַר אַרבעט און אָרגאַניזאַטאָרן, וועלכע האָבן געוואוסט, ווי צו העלפן די פאַרבינדעטע די שרעקלעכע פינף יאָר, כדי ניט צו דערלאָזן אַן עקאָנאָמישע רעאָרגאַניזאַציע און ניט דערלאָזן אַן אינוואַזיע פון די דייטשע באַרבאַרן...

מען זאָגט מיר, אַז איך דאַרף פאַרענדיקן דעם בריוו, וועלכער איז שוין סיי ווי גענוג לאַנג. איך נעם אייך ברידערלעך אַרום.

פעטער קראָפּאָטקין.

פרוי קראָפּאָטקין און סאַשאַ שיקן אייך די בעסטע גרוסן. איך האָף אייך צו שרייבן ווידער אין גיכן, ווייל סאַשאַ, וועלכע האָט ווינטער געאַרבעט מיט דעם נאָרוועגישן רויטן קרייץ, האָפט צו זיין אין גיכן אין שוועדן און נאָרוועגיע. איך האָב ניט לאַנג געהאַט נייעס וועגן אייך פון ביאָרקלונד, וועלכער איז געקומען מיך זען אין דמיטראָוו. מיר זיינען אַלע פיר געווען צופרידן צו הערן, אַז אייער געזונט איז גוט און מיר אַלע שיקן אייך די בעסטע וואונטשן.

פ. ק.״.

דאָס איז אַ שרעקלעכער דאָקומענט. ניט פון עלטער — פע־טער קראָפּאָטקין איז געווען 77 יאָר אַלט, ווען ער האָט געשריבן דעם בריוו — איז ער געווען געבראָכן, נאָר פון דעם, וואָס ער האָט געזען אין דעם נייעם סאָוויעטישן רעזשים. פאַר אים איז דאָס געווען ניט נאָר אַן אַנטוישונג, אַ טראַגישע. ווי פאַר עמאַ גאָלדמאַן — ״מיין אַנטוישונג אין רוסלאַנד״ — נאָך איר באַזוך אין רוסלאַנד. פעטער קראָפּאָטקין האָט קלאָר געזען פאַר זיך דעם טיפן תהום, וואוהין דער נייער רעזשים פירט דאָס פאַרפּייניקטע פאָלק.

ווען געאָרג בראַנדעס האָט דערהערט די קלאַנגען, פאַלשע קלאַנגען, וועגן דעם, אַז קראָפּאָטקין איז אַרעסטירט, האָט ער שטורמיש פּראָטעסטירט אין אַן אַרטיקל אין ״פּאָליטיקען״ (15.9.1918) קעגן אַזאַ מין אַקט און האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גלייבן, אַז אַזוינס איז מעגלעך, אָבער וועגן קראָפּאָטקין אַליין האָט ער געשריבן:

״— דער, וואָס קען קראָפּאָטקינען, ווייסט, אַז ער וועט

שטאַרבן ווי סאָקראַטעס, ניט נאָר אָן באַקלאָגן זיך, נאָר אין דער טיפעניש פון זיין האַרץ וועט ער פילן אַ הייסע סימפּאַטיע פאַר זיינע אומוויסנדיקע תלינים...״.

דאָס איז דער לעצטער בריוו פון פּעטער קראָפּאָטקין צו געאָרג בראַנדעס, וואָס מען האָט געפונען. סאַשאַ קראָפּאָטקין איז שפּעטער ניט געקומען קיין שטאָקהאָלם. סאָפיע קראָפּאָטקין האָט געוואוינט אינעם הויז פונעם קראָפּאָטקין־מוזעאום ביז צו אירע לעצטע טעג. זי איז געשטאָרבן אין 1938.

געאָרג בראַנדעס איז געשטאָרבן אין 1927.

(סוף)

# אינהאַלט

# ווערק פון וולאַדימיר גראָסמאַן

## י י ד י ש

גענאָרג בראַנדעס און פעטער קראָפּאָטקין
אַמאָל און היינט

## ע נ ג ל י ש

פאַן-דזשערמאַניק וועב [1]
די סאָל איז קאָלינג [2]
דריי בענדער קאַנעדיען דזשואיש יירבוק [3]

## ד ע נ י ש

קאָזאַקלאַנד
דע גאַמלע רוסלאַנד אָ דע ניע [4]
פאַריז (געקרוינט מיט אַ פּרייז)
קאָרסווייען (דראַמע) [5]

## צוגעגרייט צום דרוקן :

היינריך היינע, זיין לעבן און זיין ווערק

---

1) פּאַן־גערמאַניזם. 2) די ערד רופט. 3) קאַנאַדער־יידיש יאָרבוך.
4) דאָס אַלטע רוסלאַנד און דאָס נייע. 5) אויפן קרייצוועג.